# דער
# געטויפטער איד

א ראמאן פוןווירקליכען יודישען לעבען אין דייטשלאנד
אין 4 טהייל.

פערפאסט פון
## א. טאנענבוים.

ערשטער טהייל

פערלאג פון מרדכי קאצענעלענבאגען בוכהענדלער ווילנא

ווילנא, תרס"ב.
בדפוס י. פיראזשניקאוו.

ДЕРЪ ГЕТОЙФТЕРЪ ИДЪ
т. е.
**Крещенный Еврей**
Романъ въ 4 томахъ. *А. ТАНЕНБАУМА.*
Изданіе виленскаго книгопродавца М. Каценеленбогена.
**Томъ I.**

ВИЛЬНА.
Типографія И. І. Пирожникова. Завальная ул. д. № 1147.
1902

# אינהאלטס־פערצייכניס:

---





# דער געטויפטער איד

## I.

## דיא סדר נאכט.

עס איז ערב פסח 1815 .דיא אידען פון'ם קלייניגעם שטעדטעל מיכלאוויץ ביי דער פאלניש-פרייסישער גרענעץ זיינען פערזאמעלט אין שוה"ל, עס איז שוין צייט צו דאווענען מעריב. מען ווארט אבער אויף'ן פרנס חודש. רבי שמואל ארענשטיין.

ר' שמואל ארענשטיין איז א מאן פון א יאהר זעכציג, א הויכער, שעהנער מאן מיט א לאנגער, גרויסער בארד, ער איז דער גביר פון א שטעדטעל אונד דער פרנס פון'ם שטעדטעל, ער איז א רייכער מאן פאר א קליין שטעדטעל, ווייא מיסלאוויץ, אונד א פרומער מאן, ער איז א למדן, א בעל צדקה אונד אן אנגעזעהענער מענש ביי אידען, ווייא ביי קריסטען.

ער איז ניט א למדן א פאנאטיקער, וועלכער פערפאלגט אפיקורסים אונד בעטראכט אלעס, וואס איז ניט א גמרא אדער א מוסר ספר אלס טרייף פסול, ער אליין רעדט גאנץ גוט דייטש אונד פאלניש, דיא צווייא שפראכען, וועלכע זיינען נאטהווענדיג אין יענער געגענד, אונד שעצט זעהר הויך דיא ווערק פון מאזעס מענדעלזאהן אונד גאטהאלד אפרים לעסינג. דערביי איז ער רעכט פרום אונד היט אפ אלע פארשריפטען פון דער גמרא אונד פון דיא פוסקים.

דער בירגערמייסטער פון שטעדטעל בעזוכט איהם זעהר אפט אונד בעראטה זיך מיט איהם איבער דיא אנגעלעגענהייטען פון שטעדטעל, דער קאמענדאנט פון שטעדטעל, בריגאדע-גענעראל פאן ראקאוויץ, גיט איהם דיא האנד, ווען ער בעגעגענט איהם אויף דער גאס אונד רעדט מיט איהם, ווייא מיט זיין גלייכען, ווייל ר' שמואל ארענשטיין ליעפערט אלעס נעטהיגע פאר דער בריגאדע, וועלכע שטעהט אין שטעדטעל אונד אין דער געגענד ארום.

אלע גוטסבעזיטצער פון דער געגענד ארום מאכען געשעפטען מיט ר' שמואל ערנשטיין אונד זעהר אפט צו איהם בעראטהען זיך אין דיא וויכטיגע אנגעלעגענהייטען פון זייער לעבען. ווייל זייא וויסען אלע, אז ר' שמואל ערנשטיין איז א קלוגער פראקטישער, ערפאהרענער מענש.

עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס דיא געמיינדע וואַרטעט אויף איהם מיט'ן דאווענען, ער איז אויך באלד אנגעקומען אונד קוים האט ער אריבער געטרעטען דיא שוועל פון דער שוהל, האט דער חזן א געשרייא געטהאן.

— ברכו את ד' המבורך!

דאס דאווענען האט זיך באלד געענדיגט אונד דיא מיטגליעדער פון דער געמיינדע האבען אנגעהויבען צו ווינשען איינער דעם אנדערען:

— גוט יום טוב! גוט יום טוב!

דער רב פון'ם שטעדטעל, דיא גבאים פון דער שוהל אונד דיא פארשטעהער פון דער געמיינדע האבען עס געפונען פאר נעטהיג צו צוגעהן צו דער מזרח וואנט, צו גריסען ר' שמואל ערנשטיין אונד איהם צו ווינשען: גוט יום טוב!

ענדליך איז מען זיך צוגאנגען, יעדער האט זיך געאיילט אהיים, „אפריבטען דעם סדר.

ר' שמואל ערנשטיין איז אויך געגאנגען אהיים, ער האט געהאט דיא צווייטע פרוי, זיין ערסטע פרוי איז געשטארבען אונד האט איהם איבערגעלאזען צווייא קינדער, א טאכטער רחל אונד א זאהן יוסף, אדער וויא מען פלעגט איהם געוועהנליך רופען יוסעלע, מיט דער צווייטער פרוי האט ר' שמואל ערנשטיין קיינע קינדער געהאט.

אזוי וויא אונזער ראמאן שפיעלט זיך אפ אין דער פאמיליע פון ר' שמואל ערנשטיין, מוזען מיר בעשרייבען דיעזע פאמיליע אביסעל גענויער ריכטיגער נאך, מיר מוזען אריינפיהרען דעם לעזער אין הויז פון דער פאמיליע ערנשטיין אונד איהם בעקאנט מאכען מיט אלע פערזאנען, פון וועלכע דיעזע פאמיליע איז בעשטאנען.

ווען ר' שמואל ערנשטיין איז אריינגעקומען צו זיך אין שטוב, איז שוין דער גרויסער שעהנער טיש געווען געדעקט אונד אויף איהם זיינען געלעגען אונד געשטאנען דיא שענסטע אונד דיא טהייערסטע טיש געשיר, אונד אלערלייא וויינען, וויא עס פאסט פאר א סדר נאכט.

לעבען טיש זיינען שוין געזעסען זיין פרוי מלכה, נאך אגאנץ שעהנע פרוי פון א יאהר עטליכע אונד פיערציג, זיין טאכטער רחל'ע מיט איהר

קינד, א מיידעלע פון א יאהר פיער — פינף, אן אלטע פרוי, וועלכע אלע פלעגען רופען דיא מוהמע חיה, אונד א אידישעס דיענסט-מעדכען.

ר' שמואל ארענשטיין'ס עלטסטע טאכטער רחל'ע איז געוועזען פערהייראטהעט אונד האט שוין געהאט א קינד, אבער איהר מאן איז יעצט ניט געוועזען אין דער היים, ער איז געוועזען ערגעץ גאנץ ווייט, אין א פרעמדע לאנד.

רחל'ס מאן האט געהייסען גבריאל וואלף. ער איז אויסגעוואקסען אין א דארף ביי רייכע אונד אנגעזעהענע עלטערן, וועלכע זיינען געוועזען ליעפעראנטען פאר דער פרייסישער ארמעע.

גבריאל האט גוט גערעדט, געלעזען אונד געשריעבען דייטש, פאלניש אונ פראנצויזיש, אזוי וויא זיינע עלטערן פלעגען שטענדיג האבען צו טהון מיט גענעראלען אונד אפיצירען, אונד זיין פאטער איז ניט געוועזען אזוי שטארק געבילדעט, פלעגט ער שיקען זיין זוהן אפשליסען קאנטראקטען מיט דיא אפיצירען פון דער ארמעע, זיך אפרעכענען מיט זייא, איבערגעבען דיא נעטהיגע ארטיקעל אונד נעהמען דערפאר קוויטונגען אדער געלד.

גבריאל איז אזוי בעקאנט געווארען אונד בעליעבט געווארען ביי פיעלע אפיצירען פון דער פרייסישער ארמעע, זיי פלעגען אפט פערגעסען, אז ער איז א איד אונד פלעגען איהם בעהאנדלען, וויא זייער גלייכען.

צוואר איז גבריאל געוועזען אזוי ווייט פרום אז ער פלעגט קיין מאל ניט עסען מיט זיי קיין טרפות אונד ניט טרינקען מיט זיי קיין ויין, דאס האט אבער ניט אויסגעמאכט, פיעלע העכערע אפיצירען אונד זאגאר דער דיוויזיאן'ס גענעראל פאן דער גאלץ האט אזוי ליעב בעקומען דעם יונגען שעהנעם, שטארקען אונד קלוגען גבריאל, אז ער פלעגט איהם אויפנעהמען ביי זיך אין דער היים, וויא א פריינד, אונד האט איהם ניט איין מאל געזאגט:

— מיין ליעבער וואלף, טרעט אריין אין דער ארמעע אונד איך גיב דיר מיין עהרענ-ווארט, אז אין א יאהר ארום ביסט דוא אפיציער.

וואלף אבער האט ניט געוואלט לאזען זיין יונגע פרוי רחל'ע, וועלכע ער האט היים געליעבט אונד ווערן א סאלדאט.

אונטערדעססען איז אנגעקומען דאס יאהר 1812, דיא רוסען האבען צושלאגען נאפאלעאנ'ס ארמעע ביי באראדינא אונד ביי דעם איבערגאנג איבער'ן טייך בערעזינא. רוסלאנד אונ פרייסען האבען זיך פעראייניגט געגען נאפאלעאנען אונד דער פרייסישער קעניג האט ארויסגעלאזען אן אויפרוף צו אלע יונגע לייט פון פרייסען אונד גאנץ דייטשלאנד, זיי

זאלען אריינטרעטען אין דער ארמעע אונד זאלען מיטהעלפען פערטרייבען דעם טיראן, וועלכער האט אונטערדריקט דייטשלאנד.

דערביי האט דער קעניג צוגעזאגט, אז עס וועט ניט קיין אונטער־שיעד זיין פון רעליגיאן אדער שטאנד. דער איינפאכער איד וועט זיך קענען דערדיענען צו דער העכסטער מיליטערישער שטופע, וויא דער שטאלצער גראף.

דיעזער אויפרוף האט געווירקט, פיעלע אידען זיינען אריינגעטרעטען אין דער פריסישער ארמעע, אונד זאגאר אידישע רבנים האבען זיך ניט געשטעלט דאגעגען, ווייל זיי האבען געהאפט, אז ווען דיא אידען וועלען בעווייזען אז זיי זיינען ווירקליך פאטריאטען אונד פעהיגע מענשען, וועלען דיא אידען אין דייטשלאנד בעקומען אלע בירגער רעכטע.

עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס דער יונגער, פייעריגער גבריאל וואלף איז בעגייסטערט געווארען פון דיעזען אויפרוף פון קעניג אונד האט זיך ענטשלאסען אריינצוטרעטען אין דער ארמעע אלס פרייוויליגער.

ער האט עס דערצעהלט זיין געליבטער פרוי רחל'ע אונד האט זיך מיט איהר בעראטהען, אנפאנגס האט רחל'ע געוויינט אונד האט ניט געוואלט לאזען איהר געליבטען גבריאל געהן אין בלוטיגען קריעג. עס איז ביי איהר ניט געווען קיין אומרעכט, וואס גבריאל וויל אריינטרעטען אין דער ארמעע, אבער אלס ליעבענדע פרוי האט זיא ניט געוואלט זיך צושיידען מיט איהר מאן.

גבריאל האט אבער אזוי לאנג גערעדט איבער איהר אונד האט איהר דערצעהלט, אז גענעראל פאן דער גאלץ אליין האט איהם געגעבען זיין עהרענ־ווארט, אז ביי דער ערשטער געלעגענהייט, ווען גבריאל וועט זיך אויסצייכענען, וועט ער איהם מאכען פאר אן אפיציער, ביז רחל האט ענדליך איינגעוויליגט.

— איך וועל דיך לאזען, — האט זיא געזאגט מיט טרערען אין דיא אויגען, — מיין פאטער אבער וועט עס קיין מאל ניט ערלויבען. דוא ווייסט דאך, גבריאל, אז מיין פאטער איז א פרומער איד אונד ער וועט ניט וועלען ליידען, אז זיין איידעם זאל עסען טרפות.

— דערצו האב איך אויך א מיטעל, — האט גבריאל געענטפערט, — איך וועל זאגען, אז איך געה מיט דעם קארפוס פון גענעראל פאן דער גאלץ אלס ליעפעראנט, אין דער ווארהייט אבער וועל איך געהן אלס סאלדאט.

דיא גוטע אונד שטילע רחל'ע האט ענדליך איינגעוויליגט מיט

א שווערען הערצען, זיא אונ גבריאל האבען צוזאמען אביסעל אבגענארט, אביסעל ניט דערזאגט דעם אלטען ארענשטיין אונ גבריאל איז ענדליך אוועק געגאנגען מיט דעם קארפוס פון גענעראל פאן דער גאלץ.

אין דער ערסטער צייט פלעגט ער שרייבען זעהר אפט בריעף צו זיין פרוי אונ צו זיין שוויגער פאטער, ער האט זייא געשריעבען וויא ער האט אנטהייל גענומען אין דער גרויסער שלאכט ביי לייפציג, וויא ער האט זיך אויס געצייכענט אונ וויא דער גענעראל האט איהם געלויבט פאר דער גאנצער ארמעע.

אין דער שלאכט ביי בויצען האט ער זיך ווידער אויסגעצייכענט אונ דער גענעראל האט איהם געמאכט פאר צווייטען ליטענאנט אין קעניג פריעדריך'ס רעגימענט נומער 34.

ר' שמואל ארענשטיין איז אנפאנגס געוועזען זעהר ניט צופריעדען, וואס גבריאל איז געווארען סאלדאט, מיט דער צייט אבער האט ער זיך איבערגעבעטען מיט איהם אונד פלעגט איהם גריסען יעדעם מאל, ווען רחל'ע פלעגט שרייבען א בריעף צו איהר מאן.

מען האט גערעכענט, אז דער קריעג וועט דויערן נור איינינע מאנאטען אונד גבריאל וועט באלד קומען אהיים, אבער „דער מענש דענקט אונד גאטט לענקט" דער קריעג האט זיך פערצויגען אויף יאהרען אונד גבריאל איז אלץ געבליעבען אין דער ארמעע.

אין דער שלאכט ביי וואטערלאא האט זיך גבריאל אזוי אויס-געצייכענט, אז פירסט בליכער דער אבערקאמענדירענדע פון דער דייטשער ארמעע, האט איהם געמאכט פאר מאיאר אויף'ן שלאכט פעלד אונד האט איהם אליין אנגעטאהן דעם אייזערנעם קרייץ ערסטען גראד אויף דער ברוסט, דאס איז דיא העכסטע מיליטערישע מעדאליע אין פרייסען.

גבריאל האט עס געשריעבען אהיים אין א לאנגען בריעף, וואו ער האט דערצעהלט, וויא אלע זיינען מיט איהם צופריעדען אונד ער איז יעטצט גלייך מיט אלע גראפען אונד פירסטען-קינדער.

דאס איז געוועזען ענדע זומער 1814. פון דאמאלס אן איז ער ענטשוויגען געווארען מען האט פון איהם ניט געהערט אונד ניט געזעהען.

יעטצט איז שוין מערץ 1815 אונד רחל'ע האט נאך פון איהר מאן קיין נאכריכט, זיא וויינט אונד קלאגט, זיא איז בלייך אונד קרענקליך. זיא רעכענט זיך שוין פאר איין אייבינע עגונה אונד איהר קינד פאר א יתומה.

היינט איז אבער דיא סדר נאכט, רחל'ע האט זיך אנגעטאהן



בעסערע

בעסערע קליידער און זיטצט ביים טיש טרויעריג, אבער שטיל און רוהיג.

ווען ר' שמואל ארענשטיין איז אריינגעקומען פון דער שוהל אין שטוב, האט ער געפונען פאר געטהיג צו צוגעהען צו זיין איינציגע טאכטער און איהר א קוש טאהן אין קאפ, אלס צייכע פון זיין ליעבע.

וויא מיר זעהען, אין דער רייכער אונד אנגעזעהענער ר' שמואל ארענשטיין גיט גאנץ גליקליך אין זיין פאמיליע.

אויסער דיא אונאנגענעהמליכקייטען, וועלכע ער האט יעטצט פון זיין טאכטער, איז ער נאך אונגליקליך מיט זיין איינציגען זוהן יאסעלע

יאסעלע איז ניט געראטען, ער איז א שלומיאל, א שלימזל'ניק, ער האט א גראבען קאפ צום לערנען, ר' שמואל ארענשטיין האט געהאלטען פאר איהם דיא בעסטע מלמדים און דיא טהייערסטע לעהרער, וועלכע האבען אבגעקאסט געלד, עס האט אבער קיין זאך ניט געהאלפען, דיא מלמדים זיינען געקראכען פון דער הויט און האבען ניט געקענט אויסלערנען יוסעלען א בלאט גמרא, מעהר וויא חומש מיט רש"י האט ער ניט געקענט.

דיא לעהרער האבען געטאהן אלעס מעגליכעס און האבען איהם קוים אויסגעלערנט לעזען און שרייבען דייטש, יוסעלע פלעגט קענען אנשרייבען אן אדרעס אויף דייטש אבער ניט מעהר, אנשרייבען א בריעף אויף דייטש איז שוין געוועזען פאר איהם אזא שווערע ארבייט, אז ער אליין האט עס אויף קיין פאל ניט געקענט טאהן.

יוסעלע איז צוואר געוועזען א גוטער און שטילער יונג, אבער א גרויסער שלימזל'ניק, וואס ער האט געטאהן, האט ניט געטויגט, ר' שמואל ארענשטיין האט געוואלט איהם אריינגעמען אין זיין געשעפט, און מאכען פון איהם א קויפמאן, יוסעלע האט אבער געוויזען, אז ער טויג אזוי צום מסחר וויא ער טויג צו דער גמרא.

דיא אינגלעך פון שטעדטעל האבען זעהר גוט געוואוסט, וואס פאר א שלומיאל יוסעלע איז און זיי פלעגען זיך מאכען מיט איהם א שפאס.

איינמאל איז ער געגאנגען ביי נאכט פון בית המדרש, עטליכע אינגלעך פון זיין עלטער האבען געוואלט איהם איבערשרעקען, איינער פון זיי האט זיך אנגעטאהן אין א טלית און איז איהם ענטגעגען גע-קומען, יוסעלע האט זיך דערשראקען, אז ער איז אנידערגעפאלען און האט זיך צובראכען א פוס.

ר' שמואל ארענשטיין האט בעצויגען דיא בעסטע דאקטוירים

פון ברלין, וועלכע האבען אויסגעהיילט יוסעלע'ס פוס, ער פלעגט אבער א ביסעלע צו הינקען און איז אזוי געבליבען זיין לעבען לאנג.

יוסעלע איז יעצט שוין אלט צוואנציג יאהר, ר' שמואל ארענשטיין דענקט שוין איהם חתונה צו מאכען, ליידער מאכט זיך אלץ ניט קיין פאסענדער שידוך, ר' שמואל ארענשטיין קען ניט נעהמען פאר א שנור אבי וועמען, ער איז דאך רייך און אנגעזעהען אין מיסלאוויץ, א מעדכען אבער פון א רייכער און אנשטענדיגער פאמיליע וויל ניט נעהמען אזא שלומיאל, וויא יוסעלע.

ביים טיש איז נאך געזעסען דיא מוהמע חיה, דאס איז געווען אן אלטע פרוי, א פערוואנדטע פון ר' שמואל ארענשטיין, אלע פלעגען זיא רופען מוהמע חיה, וייל זיא איז געווען דיא גאנצע ווירטהין אין הויז, זיא איז געווען אן אלמנה זייט דרייסיג יאהר און האט געהאט נור איין זוהן מיט'ן נאמען לייבעלע, וועלכער איז מיט איניגע יאהר צוריק אוועקגעפאהרען קיין אמעריקא.

דיא מוהמע חיה איז געווען אן אלט שטיק מעבעל אין הויז פון ר' שמואל ארענשטיין, זיא פלעגט ארומגעהן ארום דיא קינדער און האט ארומגעטראגען יוסעלען אויף דיא הענד, ווען איינער פלעגט קראנק זיין אין דער פאמיליע, פלעגט זיך דיא מוהמע חיה פערשטעלען פאר א וועכטערין, פאר א פעלדשערין פאר א הויבאמע.

פלעגען אלע זיין געזונד, פלעגט דיא מוהמע חיה קאכען און באקען, און ראמען, און קעהרען, און ריינגען, און אופפוצען דאס הויז, קורץ, דיא מוהמע חיה איז געווען דיא דיענסט, דיא ווירטהין און דיא פריינדין פון הויז.

אויסער דער מוהמע חיה איז געזעסען ביים טיש דער פעטער גאלדשטיקער, אויך א פערוואנדטער פון ר' שמואל ארענשטיין.

פעטער גאלדשטיקער איז געווען אן אנדער סארט מענש, ער איז געווען דער בעל קורא און דער בעל תוקע פון שטעדטעל, אמאל פלעגט ער דאווענען א שחרית, ער איז געווען א מוהל און א שדכן, ער האט געקענט גוט לערנען און פלעגט ביי יעדער געלעגענהייט, שפיטען מיט תורה.

אלע דיעזע מענשען האבען זיך יעצט געזעטצט צום טיש „אפריכטען דעם סדר".

ר' שמואל ארענשטיין האט אנגעטאהן דעם קיטעל מיט דער גאלדענער עטרה און האט זיך געזעצט אויף'ן הסבה בעט, זיין פרוי מלכה האט אנגעטאהן איהרע בעסטע און שענסטע קליידער, לעבען

איהר איז גֶעזֶעסֶען דיא בְּלייבֶּע און טְרויֶעריגֶע רחל'ע מִיט איהר קִינְד שרה'לע אויף'ן שויס, לֶעבֶּען איהר איז גֶעזֶעסֶען דיא מומֶע חיה.

פון דֶער אַנְדֶער זַייט טִישׁ זַיינֶען גֶעזֶעסֶען יוסעלע און דֶער פֶעטֶער שלמה גאָלדשטיקער.

מֶען הָאט אָנְגֶעהויבֶּען אָפְּצוּרִיכְטֶען דֶעם סֵדֶר, יוסעלע הָאט גֶעפְרֶעגְט דיא פִיער קַשְׁיוֹת און ר' שמואל ארענשטיין הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט עבדים היינו.

אַלֶע זַיינֶען גֶעוועזֶען עֶרְנְסְט, טְרויֶעריג, אָבֶּער רוּהִיג אוּנְד עֶרְגֶעבֶּען, עֶס איז דָאךְ הַיינְט פֶּסַח, דֶער גְרֶעסְטֶער, דֶער בֶּעסְטֶער, דֶער הֵיילִיגְסְטֶער יום טוב.

מֶען הָאט אָבְּגֶעזָאגְט דֶעם עֶרְשְׁטֶען טְהֵייל פון דֶער הַגָדָה און מֶען הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט עֶסֶען, ר' שמואל ארענשטיין הָאט גֶענוּמֶען צו זִיךְ דֶעם אייניקֶעל שרה'לע אויף'ן הֲסִבָּה בֶּעט און הָאט זִיךְ מִיט איהר גֶעשְׁפִּיעלְט, עֶס הָאט איהם נִיט גֶעאַרְט, וָואס דָאס קִינְד הָאט גֶעוָואלְט אַרָאפְּרַייסֶען בַּיי איהם פון קָאפּ דיא וַוייסֶע יַארְמולְקֶע מִיט דֶעם גָאלְ-דֶענֶעם רַאנְד.

זָאנַאר יוסעלע איז פְרֵיילִיךְ גֶעוָוארֶען און הָאט אָנְגֶעהויבֶּען צו שְׁפִּילֶען זִיךְ מִיט שרה'לען, דֶערְפַאר הָאט איהם שרה'לע אָבְּגֶעשְׁפְּרִיצְט מִיט רויטֶען וויין און הָאט איהם בֶּעפְלֶעקְט זַיין וַוייסֶע מַאנִישְׁקֶע.

מֶען וָואלְט אָפְּגֶעגֶעסֶען גַאנְץ שְׁטִיל, וֶוען דֶעם פֶעטֶער שלמה גאָלדשטיקער וָואלְט זִיךְ נִיט פֶערְגְלוּסְט צו זָאגֶען תוֹרָה און צו עֶרְקְלֶערֶען דיא הַגָדָה.

עֶנְדְלִיךְ הָאט מֶען אָפְּגֶעגֶעסֶען און דֶער פֶעטֶער גאָלדשטיקער הָאט גֶעעֶנְדִיגְט זַיין תוֹרָה, מֶען הָאט אָנְגֶעגָאסֶען דֶעם פִיעֶרְטֶען כּוֹס און ר' שמואל ארענשטיין הָאט גֶעהֵייסֶען יוסעלען גֶעהן עֶפֶענֶען דיא טְהִיר און צו זָאגֶען שְׁפוֹךְ.

קוים הָאט יוסעלע גֶעעֶפֶענְט דיא טְהִיר, הָאט עֶר אַ גֶעשְׁרַייא גֶעטָאן. — „שמע ישראל״:

מֶעהר הָאט עֶר נִיט גֶעקֶענְט אַרויסְרֶעדֶען, עֶר איז גֶעוָוארֶען בְּלַייךְ, וִויא קַאלְךְ, און הָאט אָנְגֶעהויבֶּען צו ציטֶערְן, וִויא אִין אַ פִיבֶּער.

דיא מוהמֶע חיה איז צוגֶעלָאפֶען זֶעהֶען, וָואס דָארְט טְהוּט זִיךְ מִיט יוסעלען און הָאט אויךְ אַ גֶעשְׁרַייא גֶעטָאהן.

שמע ישראל! — אֶמֶת! אַ שֵׁד!

ר' שמואל אָרענשטיין איז גֶעוָוארֶען אוּנְרוּהִיג און איז אַלֵיין גֶעגַאנְגֶען זֶעהֶען, וָואס דָארְט איז, עֶר איז גֶעוועזֶען אַפְרוּמֶער, אָבֶּער קֵיין פַאנַאטִיקֶער און הָאט נִיט גֶעגְלויבְּט אִין מֵתִים און שֵׁדִים, וֶוען עֶר איז צו גֶעקוּמֶען צו

 דער

דֶער טַהיר, איז ער אויךְ גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶען אִיבֶּערְרַאשְׁט אונ איז אויךְ בְּלַייךְ גֶעוָוארֶען.

אין פָארְהויז איז גֶעשְׁטַאנֶען אַ הויכֶע גֶעשְׁטַאלְט, אַייְנגֶעהילֶעט אין אַ גְרויֶען מַאנְטֶעל, פון וֶועלְכֶען עֶס הָאט אַרוים גֶעשְׁטֶעקְט אַשְׁוֶוערְד.

אום גָאטֶעס ווילֶען! דֶערְקֶענְט מִיךְ שוין קֵיינֶער נִיט! הָאט דִיא גֶעשְׁטַאלְט גֶעפְרֶעגְט.

— גבריאל! מַיין מַאן! הָאט רחל'ע אויסגֶערוּפֶען אוּנ אִיז אויפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פון טִישׁ וִויא אַ וַואהנְזִינִיגֶע.

דִיא לִיבֶּענְדֶע פְרוי הָאט דֶערְקֶענְט דִיא שְׁטִימֶע פון אִיהר גֶעלִיבְּטֶען מַאן.

---

## 2.

# גַבְּרִיאֵל דֶערְצֶעהלְט.

איךְ גֶעהם מִיךְ נִיט אונְטֶער צו בֶּעשְׁרַייבֶּען דִיא פְרֵייד אוּנ דָאס גְלִיק, וֶועלְכֶע זַייֶנֶען אַריינְגֶעקוּמֶען מִיט גבריאל'ן אִין ר' שמואל ארענשטיין'ס הויז.

דִיא מוּהמֶע חיה הָאט אַרָאפְּגֶענוּמֶען גבריאל'ס מַאנְטֶעל, זִיא הָאט גֶעוָואלְט אַרָאפְּנֶעהמֶען פון אִיהם דֶעם רָאק אויךְ, זִיא הָאט זִיךְ אָבֶּער דֶערְשְׁרָאקֶען, וֶוען זִיא הָאט דֶער זֶעהן אִין גַארְטֶעל שְׁטֶעקֶען צְוַייא פִּיסְטָאלֶעטֶען, אַן אִינְסְטְרוּמֶענְט פַאר וֶועלְכֶען אַ אִידִישֶׁע פְרוי הָאט מוֹרָא.

ר' שמואל אֶרענשטיין הָאט אַרוּמְגֶענוּמֶען זַיין אֵיידֶעם אוּנ הָאט אִיהם גֶעקוּשְׁט, וִויא מֶען קוּשְׁט אַ קְלֵיין קִינְד.

יוסעלע הָאט גֶעגֶעבֶּען שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם זַיין שְׁוָואגֶער, עֶר הָאט אָבֶּער מוֹרָא גֶעהַאט צו צוּגֶעהן נָאנְץ נָאהֶענְט צו אִיהם, וַוייל עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר גבריאל'ס לַאנְגֶען קְרִיעגְס-שְׁוֶוערְד.

רחל'עס פְרֵייד בִּין אִיךְ נִיט אוּם שְׁטַאנְדֶע, צוּ בֶּעשְׁרַייבֶּען, זִיא הָאט דֶערְלַאנְגְט אִיהר גֶעלִיבְּטֶען מַאן אִיהר קִינְד אוּנ שרה'לע הָאט בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ צוּ שְׁפִּיעלֶען מִיט אִיהר פָאטֶערְס גְרויסֶע שְׁוֶוערֶע גָאלְדֶענֶע מַאיאָר'ס עֶפָּאלֶעטֶען.

אַיין מֶענְשׁ אִיז עֶפֶּעס נִיט גֶעוֶוען צוּפְרִידֶען מִיט'ן נַאכְט, דָאס אִיז גֶעוֶוען דֶער פֶעטֶער גאלדשטיקער, עֶר הָאט צְוַואר אָפְּגֶעגֶעבֶּען גבריאל'ן זַיין שלום

שלום עליכם אונ האט איהם בעטראכט פון קאפ ביז דיא פיס, דערבאיי אבער האט ער פערדרעהט דיא נאז אונ האט געמורמעלט צו זיך אליין.

א אידישער אפיציער! וויא קומט עס צו א אידען! — ער האט זיך געווים גענוג אפ געגעסען מיט טריפות.

ווען עס זיינען פאראיבער געגאנגען דיא ערשטע בעגריסונג אונד דיא ערשטע איבערראשונג, האט ר׳ שמואל ארענשטיין געפרעגט זיין אייהעם:

— ביסט געווים הונגעריג, גבריאל?

— יא, שווער, איך בין יעצט געקומען צו פאהרען גלייך פון פראנקפורט אם מיין, איך בין געפאהרען מיט פאסט פערד פיער אונ צוואנציג שטונדען נאכאנאנד.

— מומע היה, זעהט עפעס צו עסען פאר אונזער ליעבען גאסט, האט ר׳ שמואל ארענשטיין אויסגערופען.

דיא מומע היה איז באלד אוועקגעלאפען אין קיך אונ האט שוין עפעס אויסגעקראצט פאר איהר טהייערן גאסט.

גבריאל איז ווירקליך געווען זעהר הונגעריג אונ ער האט געבעטען אום ענטשולדיגונג, וואס ער קען ניט זאגען דעם ערשטען טהייל פון דער הגדה, ר׳ שמואל ארענשטיין האט איהם מתיר געווען צו עסען אהן דער הגדה, דער פעטער גאלדשטיקער אבער האט געפונען, אז על פי דין מוז מען פריהער זאגען דיא הגדה אונ דערנאך עסען.

דאס מאל אבער האט דער פעטער גאלדשטיקער ניט אויסגעפיהרט, גבריאל האט געגעסען אן דער הגדה.

— וואו זיינען דיינע זאכען, גבריאל? האט רחל׳ע געפרעגט.

— איך האב זייא געלאזען אויף׳ן פאסט־אמט, מארגען וועל איך זייא שיקען אפנעהמען.

ווען ער האט געשטילט זיין הונגער אונ האט אויסגעטרונקען מעהר פון ארבע כוסות, האט מען זיך ערסט צורעדט.

— פאר וואס האסט דוא מיר אזוי לאנג קיין בריעף ניט געשריעבען, גבריאל? האט רחל׳ע געפרעגט.

— פאר וואס האסט דוא אונז ניט געמעלדעט, אז דוא וועסט קומען אהיים אויף פסח? האט ר׳ שמואל ארענשטיין געפרעגט.

— איך זאל געווען וויסען, אז דוא וועסט קומען, וואלט איך געקוילעט נאך אן אינדיק, האט דיא מומע היה זיך אפגערופען.

— אונ איך וואלט געהייסען באקען נאך צעהן פונט מצות, האט יוסעלע געזאגט א חכמה.

(גמ״ר ח״א) גבריאל

גבריאל האט אָנגעהויבען צו דערצעהלען וואס מיט איהם האט פּאסירט.

— ביי דער שלאכט פון וועלדען איז מיין רעגימענט געשטאנען געגען נאפּאלעאָן'ס לייב-גוואַרדיע. די גאנצע פראנצויזישע אַרמעע האט זיך שוין אונטערגעגעבען, נור די לייב-גוואַרדיע, אדער די אלטע גאַרדע, וויא נאפּאלעאָן האט זיא גערופען, האט אויף קיין פאל ניט געוואָלט זיך אונטערגעבען.

„איך מיט דעם קאָמאַנדיר פון מיין רעגימענט זיינען אַרויסגעטרעטען אין פראָנט אונ האבען ערקלערט די פראנצויזען, אז זייא האבען פערלאָרען די שלאַכט, צו וואס אַלזאָ זאל מען אומזיסט פערגיסען בלוט? — „גיט איך בעסער אונטער, וויא אַלע איירע קאַמעראַדען האבען געטאהן."

דאַרויף האט דער קאָמאַנדיר פון די פראנצויזען געענטפערט, „נאפּאלעאָן'ס לייב-גוואַרדיע, קען שטאַרבען פאר איהר קייזער, אבער זיא קען זיך ניט אונטערגעבען" *).

„מיר האבען געמוזט זיך שלאָגען, די פראנצויזען זיינען געוואָרען ווילד אונ האבען געזוכט דעם טויט, א פראנצויזישער הוזאַרען-אָפיציער איז אָנגעלאָפען אויף מיר מיט זיין בלויזער שווערד אונ האט מיך דורכגעשטאָכען, ער וואָלט מיך געוויס געהאַט געטויטעט, ווען מיינער א קאַמעראַד מיט'ן נאָמען גאַטשאַלק זאל איהם ניט געהאַט דערשיסען אין דיעזען אויגענבליק.

„איך בין אבער דאך געווען שווער פערוואונדעט אונ וואָלט געווען אָפּגעגאַנגען מיט בלוט, ווען דערזעלבער גאַטשאַלק וואָלט מיך ניט צוגעטראָגען אויף זיינע פּלייצעס צום ערסטען אַמבולאַנס וואַגען, וואו מען האט פערבונדען מיינע וואונדען, וויא מען האט געקענט.

„איך בין געווען געפעהרליך קראַנק אונ די דאָקטוירים האבען שוין ניט געגלויבט, אז איך וועל בלייבען לעבען".

„צום גליק איז אונזער אַרמעע מיט עטליכע טעג שפּעטער אַריין אין פּאַריז, וואו מען האט איבערגעגעבען די קראַנקע אונ פערוואונדעטע אין די בעסטע פּאַריזער האָספּיטעלער, די בעסטע דאָקטוירים האבען מיך בעהאַנדעלט אונ איך בין ענדליך געזונד געוואָרען".

„ווען איך בין קראַנק געווען אונ האב געדעבענט, אז איך וועל מעהר שוין ניט זעהן די שעהנע וועלט, האב איך אייך ניט געקענט

*) דיעזער פאַקט איז היסטאָריש וואהר.

(גט"י ח"א)

שרייבען . איך האב געוואוסט , אז קוים וועט איהר ערהאלטען מיין בריעף , וועט איהר קומען צולויפען קיין פאריז אום צו זעהן וויא איך לייד און וויא איך שטארב , ווען עס איז מיך בעסער געווארען , האב איך יעדען טאג גערעכענט צו קומען אהיים .

„דאס איז דיא אורזאכע פאר וואס איך האב אייך אזוי לאנג ניט געשריבען , איך האב אייך צוואר געקענט שרייבען , אז איך רעכען צו קומען אהיים אויף פסח, איך האב אבער געוואלט אייך איבערראשען .

אזוי האט גבריאל געענדיגט זיין ערצעהלונג .

— פון דעסטוועגען האסטו ניט גלייך געטאהן , וואס דוא האסט אונז ניט געשריעבען , האט ר' שמואל ארענשטיין געזאגט מיט א לייכטען פארוואורף , — מיר האבען דאך גאר ניט געוואוסט וואס איבערצוטראכטען .

— איהר זייט דא , אין שטילען מיסלאווין , אונד קענט אייך , גאר ניט פארשטעלען , וואס עס איז פארגעקומען אין פאריז , — האט גבריאל געענטפערט , — איך וויל אייך נור זאגען , אז גאנצע דריי מאנאט בין איך געוועזען בעוואוסטלאז ; איך האב ניט געוואוסט , וואס עס טהוט זיך מיט מיר . איך בין געלעגען אין א האספיטאל אין א פרעמדע שטאדט , צווישען פרעמדע מענשען און נור פון צייט צו צייט פלעגט קומען צו מיר א קאמעראד אדער א בעקאנטער און אויך דאן פלעגט מען איהם ניט אלע מאל צולאזען צו מיר .

— וואס עס איז געוועזען , איז געוועזען , — האט דיא גוטע רחל'ע זיך אריינגעמישט , — יעצט ביזט דוא געזונד און ביזט ווידער אין דער היים .

יעצט האט מען אנגעהויבען צו ריידען פון נאפאלעאן , פון'ם קריעג , פון דייטשלאנד , פון רוסלאנד , און פון פאליטיק .

דא האט זיך שוין דער פעטער גאלדשטיקער אריינגעמישט און האט געוויזען , אז ער פערשטעהט דיא פאליטיק פיעל בעסער פון אלע מיניסטארען און אלע דיפלאמאטען .

גבריאל האט געשמייכעלט , ווען דער פעטער גאלדשטיקער האט ארויסגעלייגט זיין בית המדרש פאליטיק , וואס האט ער איהם געקענט ענטפערן ? וויא אזוי האט ער איהם געקענט ערקלערן , אז פאליטיק איז גאר ניט דאס , וואס דער גוטער און פרומער גאלדשטיקער פערשטעהט .

ר' שמואל ארענשטיין האט שוין פיעל בעסער פערשטאנען דיא פאליטיק אלס דער פעטער גאלדשטיקער און דערפאר האט ער געבעטען גבריאל'ן ער זאל זייא עפעס דערצעהלען פון זיך אליין , וואס פאר א ראנג (טשין) ער האט יעטצט , וויעפיעל מעדאליען ער האט בעקומען און וויא אזוי ער האט זיי בעקומען .

(גט"י ח"א)

גבריאל

גבריאל האט דערצעהלט, וויא גענעראל פאן דער גאלץ האט איהם געגעבען אלע מעגליכע געלעגענהייטען זיך אויסצייכענען, ביי דער שלאכט, ביי לייפציג האט ער, גבריאל, מיט פופציג סאלדאטען אפגענומען א פראנצויזישע באטעריע אונ א פראנצויזישע פאהן, דערפאר איז ער געווארען אפיציער, ביי בוריען איז ער מיט זיין רעגימענט אנגעקומען, א פראנצויזישען רעגימענט פון הינטען אונ האט איהם צושלאגען, דער פאר האט איהם דער פירסט בליכער אליין אנגעטאהן דעם אייזערנעם קרייץ.

קורץ, ער האט דערצעהלט, וויא די גענעראלען זיינען פון איהם צופריעדען, יעדער האט איהם געגעבען א בעשייניגונג, אז ער איז א גוטער אונ פעהיגער אפיציער.

ער האט ארויסגענומען פון בוזעם א פאק דאקומענטען אונ האט געוויזען בריעף אונ בעשייניגונגען פון אלע גענעראלען אונ פון אלע קאמאנדירען, אונטער וועלכע ער האט געדיענט אונ זאגאר א רעלאציאן א מעלדונג פון קראנפרינץ, אין וועלכען דער אפיציער וואלף ווערט געלויבט אונ געריהמט, אלס איינער פון די בעסטע אפיציערען פון דער פרייסישער ארמעע.

וויא אונצופריעדען ר' שמואל ארענשטיין איז פריהער געוועזען מיט זיין איידעם, פאר וואס ער איז געגען זיין ווילען אונ אהן זיין וויסען געווארען א סאלדאט, איז ער דאך יעצט געוועזען שטאלץ מיט איהם, ווייל גבריאל האט אראפגענומען דעם פלעק פון'ם אידישען פאלק, אז זיי זיינען פייגלינגע אונ ציטערן, ווען זיי דער זעהן א ביקס.

גבריאל האט ווייטער דערצעהלט, אז פיעלע אידען האבען זיך דערדיענט אלס אפיציערען אין דער פרייסישער ארמעע אונ האט געזאגט שטאלץ:

— יעצט מוז פרייסען אונז געבען אלע בירגער רעכטע, אין דיעזען פאטריאטישע קריעג האבען אידען בעוויזען, אז זיי זיינען פונקט אזוי פעהיג צום מיליטער וויא די ניט אידען.

מען האט זיך אזוי פערערדט ביז גאנץ שפעט אין דער נאכט, ר' שמואל ארענשטיין האט א קוק געטאהן אויף'ן זייגער, אונ האט געזעהן, אז עס איז שוין צוויא אוהר, ער האט זיך געאיילט צו ענדיגען דעם צווייטען טהייל פון דער הגדה.

אין זיין גאנצען לעבען האט ער ניט געזאגט מיט אזא געפיהל די ווערטער פון'ם אידישען קעניג אונ סאלדאט.

„הודו לד' כי טוב כי לעולם חסדו"! לויב גאטט, ווייל ער איז גוטיג, זיין גנאדע איז אויף אייביג!

רחל'ע

(גמ"י ח"א)

רחל'ע, די מומע חיה און זאנאר די שטיעף-מוטער מלכה האבען נאך געזאגט דיזע ווערטער מיט טרעהרען פון פרייד און גליק אין זייערע אויגען.

אזוי ווי גבריאל איז געוועזען זעהר מיעד און שרה'לע איז אנטשלאפען געוואָרען ביי דער מוטער אויף די הענד, האט ר' שמואל ארענשטיין געזאגט צו זיין איידים:

— דו ביסט מיעד, מיין קינד, געה שלאפען, מארגען וועלען מיר מעהר רעדען:

גבריאל מיט זיין פרוי, מיט זיין קינד זיינען אוועקגעגאנגען אין זייערע צימער, מלכה און די מומע חיה זיינען אויך שלעפעריג געוואָרען, נור ר' שמואל ארענשטיין און דער פעטער גאלדשטיקער זיינען נאך געבליעבען, זיי האבען נאך געזאגט שיר השירים און אנדערע זאכען.

---

# 3.

# א אידישער אפיציער.

מען איז אויפגעשטאנען אביסעל שפעט אין הויז פון ר' שמואל ארענשטיין דעם ערשטען טאג פסח, ר' שמואל אליין איז אויפגעשטאנען אין דער פריה ווי זיין שטייגער איז געוועזען; די מומע חיה האט געמוזט אויפשטעהען פריהער, ווי געוועהנליך, ווייל זיא האט געמוזט מאכען היינט א בעזאנדערן גוטען מיטאג צוליעב דעם גאסט.

גבריאל אבער איז געשלאפען ביז שפעט אויפ'ן טאג, ווייל ער איז געוועזען זעהר מיעד פון דער רייזע, ר' שמואל ארענשטיין, די מומע חיה און דאס דיענסט-מעדכען זיינען ארומגעגאנגען אויף די שפיץ פינגער, זיי זאלען ניט אויפוועקען דעם ליעבען גאסט.

גבריאל איז אויפגעשטאנען אום אכט אוהר און איז אריינגעקומען אין עסס-צימער טרינקען טהעע.

— שיק געהמען דיינע זאכען און טוה זיך אן, האט ר' שמואל ארענשטיין געבעטען זיין איידים, — מיר מוזען געהן אין שוהל, געסטערן אבענד האב איך מיך פערשפעטיגט און די גאנצע געמיינדע

האט געוואָרט אויף מיר מיט'ן דאַוונען, איך וויל ניט, אַז מען זאָל היינט אויך וואַרטען אויף מיר.

גבריאל האט געשיקט אָפּנעהמען זיינע זאַכען פון פּאָסט-אַמט אונ האט זיך אָנגעטאָהן אין זיין גאַנצער אוניפאָרם אַלס זמאַיאָר פון דער פרייסישער אַרמעע, דאַן האט ער אויפגעהאָנגען אויף זיין ברוסט אַלע מעדאַליען, וועלכע ער האט בעקומען אַלס בעלוינונג פאַר זיין טאַפּפערקייט אונ פעהיגקייט אויף דיא שלאַכט-פעלדער, צווישען זייא איז אויך געוועזען דער געוויסער אייזערנער קרייץ, דיא העכסטע עהרען-מעדאַליע פאַר אַן אָפיציער אין דער פרייסישער אַרמעע.

ווען ר' שמואל ארענשטיין האט דערזעהען דעם אייזערנעם קרייץ אויף זיין איידימס ברוסט, האט זיך אויף זיין געזיכט געוויזען אַ פינסטערער וואָלקען.

— דאָס איז אונמעגליך, מיין ליעבער גבריאל, האט ער געזאָגט פריינדליך, — דוא קענסט דאָך ניט געהן אין אַ אידישע שוהל מיט אַ קרייץ, אַ צלם, אויף דער ברוסט, וויא קען מען קומען מיט אַ צלם אין אַ שוהל?

— דאָס איז דאָך, אָבער קיין צלם, קיין צייכען, פון רעליגיאָן, האט גבריאל אויסגערופען, עס איז דאָך נור אַ מיליטערישעס עהרען-צייכען, איך טראָג עס ניט אַלס צלם, זאָנדערן אַלס מעדאַליע.

— אַזוי פערשטעהסט דוא עס, דאָס פאָלק אָבער, דיא מאַסע, דיא איינפאַכע אידען וועלען עס אַנדערש פערשטעהען אונ וועלען זיך געפינען בעליידיגט, וואָס דוא ביסט געקומען אין שוהל, אין דאָס הויז פון'ם איינציגען גאָט, מיט אַ צלם אויף דער ברוסט.

— יעדער קען דאָך לעזען דיא אויפשריפט אויף'ן אייזערנעם קרייץ, אַז דער קעניג אונד דאָס דאַנקבאַרע פאַטערלאַנד גיט דיעזעם צייכען זייערע טריַיע פערטהיידיגער, האט גבריאל געזאָגט אונגעדולדיג.

— איך בעט דיך, מיין זוהן, נעהם אַראָפּ דעם אייזערנעם קרייץ, — האט ר' שמואל ארענשטיין געבעטען, — ניט יעדער איד קען לעזען אונ ניט יעדער איד פערשטעהט דיא בעדייטונג, פון אַזאַ צייכען.

גבריאל איז געוואָרען אונגעדולדיג אונ האט געוואָלט עפּעס ענטפערן, דאַ האט זיך אַריינגעמישט רחל'ע, וועלכע איז דערביי געוועזען אונ האט געהערט אַלעס.

— מיין ליעבער גבריאל, טוה מיר צוליעב אונ נעהם אַראָפּ דעם אייזערנעם קרייץ.

— ווען איך טראָג אַלע מיינע מעדאַליען, מוז איך אָבער טראָגען

דיעזע מעדאליע אויך, ווייל זיא איז דאס העכסטע, וואס אן אפיציער קען זיך דערדיענען.

— דוא קענסט דאך טראגען נור דאס באנד פון'ם אייזערנעם קרייץ, — האט דיא רחל'ע אויסגעפונען, — איך ווייס גאנץ גוט, אז ווער עס דערזעהט דאס באנד מיט דיא קעניגליכע פארבען, דער ווייס, דער וואס טראגט אזא באנד, דער בעזיצט אויך דעם אייזערנעם קרייץ.

גבריאל האט איינגעזעהן, אז זיין געליעבטע פרוי האט רעכט, דער איינפאכער איד ווייס דאך גאר ניט, וואס עס הייסט דער אייזערנער קרייץ, ווען ער וועט אבער בעגעגענען א סאלדאט, איין אפיציער אדער אזוי א גרויסען מאן, א קריסט, דער וועט שוין דערקענען פון'ם באנד, אז גבריאל האט דעם אייזערנעם קרייץ אלס ערהרען-צייכען.

ער האט אליזא צוליעב געטאן זיין געליעבטער פרוי אונ האט אראפ-גענומען דעם אייזערנעם קרייץ אונ אנשטאט איהם האט ער אנגעטאהן דאס שווארץ-ווייס-אונ-רויטע באנד, דעם צייכען פון דיעזער מעדאליע.

יעצט איז ער שוין געוועזן אנגעטאן, רחל'ע האט נאך צו רעכט גע-מאכט זיין מונדיר אונ דעם קראגען פון זיין העמד.

יוסעלע האט גענומען אונטערן ארעם דיא טליתים אונ דיא מחזורים אונ איז געלאפען פאראויס, ער האט געוואלט זיך בעריהמען אין שוהל, אז זיין שוואגער איז איין אפיציער.

ר' שמואל ארענשטיין אונ זיין איידעם גבריאל זיינען געגאנגען א ביסעל שפעטער, זייא האבען געדארפט דורכגעהן דעם רינג, דעם הויפט מארק פון שטעדטעל, דיא אידישע קראמען זיינען געוועזן פערשלאסען, אין רינג אבער פלעגען שטענדיג זיך געפינען מענשען, פיעלע האבען זיך אפגעשטעלט אונ האבען בעטראכט דעם שיינעם הויכען אפיציער.

עס איז אנגעקומען א סאלדאט אונ האט אפגעגעבען דעם אפיציער דיא מיליטערישע עהרע.

ווען זיי זיינען פערבייגעגאנגען דעם פאראדע פלאטץ, וואו א סאלדאט פלעגט שטענדיג געהן אויף דער וואך, ווייל דארט האט זיך געפונען דאס צייכאהויז אונ דער ארסענאל, ווען דער סאלדאט אויף דער וואך האט דערזעהן דיא גאלדענע עפאלעטען פון'ם פרעמדען אפיציער, האט ער גלייך אנגעהויבען צו קלינגען מיט דעם גלאק, דער גאנצער קאראאול איז ארויס געקומען אונ האט „פרעזענטירט", וויא עס הייסט אויף דער מיליטער שפראכע, דאס הייסט, ער האט אפגעגעבען דעם יומאיר דיא עהרע, וועלכע עס קומט איהם נאך דיא מיליטערישע רעגעלען.

גבריאל האט פריינדליך געגריסט און איז זיך אוועקגעגאנגען.

ר׳ שמואל ארענשטיין איז געווען גליקליך, אזא עהרע האט נאך קיין איד אין מיסלאוויץ און פיעלייכט אין גאנץ פרייסען ניט געהאט.

ער האט אבער ניט געוואוסט, דער גוטער ארענשטיין, אז קיינער ווייס נאך ניט, אז דער שעהנער אפיציער איז זיין איידעם.

אז ר׳ שמואל ארענשטיין געהט מיט איין אפיציער, האט קיינעם ניט געוואונדערט, מען האט שוין געזעהן ר׳ שמואל ארענשטיין ארומגעהן מיט גענעראלען, ער איז דאך דער ליעפעראנט פון דער בריגאדע, וועלכע שטעהט אין מיסלאוויץ און אין דעם געגענד ארום.

אזוי זיינען זיי אנגעקומען אין שוהל, עס איז שוין געווען אביסעל שפעט אבער דער עולם האט געווארט אויף ר׳ שמואל ארענשטיין מיט׳ן דאווענען, ווייל ער איז געווען דער פרנס און דער פארשטעהער פון שטעדטעל.

ר׳ שמואל ארענשטיין מיט זיין איידעם זיינען ארויפגעגאנגען אויבען אן, אין דער מזרח וואנד, דער גאנצער עולם האט געקוקט מיט שטוינען און פערוואונדערונג אויף׳ן שעהנעם, שטאלצען אפיציער מיט די גרויסע, שווערע, גאלדענע עפאלעטען, מיט דער ברוסט בעהאנגען מיט מעדאלען, איינינע האבען איהם באלד דערקענט און האבען אויסגערופען.

— דאס איז דאך גבריאל וואלף!

אנדערע אבער האבען אויסגעגלאצט א פאאר אויגען און האבען בעטראכט מיט שטוינען און פערוואונדערונג א פרייסישען אפיציער מיט א טלית אויף די פלייצעס, דאס האט מען נאך אין מיסלאוויץ ניט געזעהען.

ווען עס איז געקומען צו קריאת התורה, האט דער גבאי געפונען פאר נעטהיג צו געבען דעם אידישען אפיציער א שעהנע עליה, ער האט איהם אויפגערופען ששי.

גבריאל איז שוין געווען אזוי ווייט פון די אידישע צערעמאניען ביי׳ם דאווענען, אז ער האט פערגעסען די ברכה אויף דער תורה. צום גליק אבער איז דער פעטער גאלדשטיקער דאך געווען דער בעל קורא און ער האט שוין געוואוסט, וויא אזוי אויסצוהעלפען זיין פערוואנדטען.

דאס דאווענען האט זיך געענדיגט, דער רב פון שטעדטעל, דער גרויסער געלערנטער און פרומער איד, ר׳ משה קאפאנער, דער גבאי, ר׳ חיים פיינזילבער, און פיעלע פון די שעהנסטע בעלי בתים פון שטעדטעל זיינען צו געקומען צו ר׳ שמואל ארענשטיין מיט זיין איידים און האבען איהם אפגעגעבען דעם גרויסען שלום עליכם.

ר' שמואל ארענשטיין האט געפונען פאר געטהיג איינצולאדען צו זיך אלעמען „אויף קידוש".

מיט וואס פאר א שטאלץ איז יעטצט ר' שמואל ארענשטיין געגאנגען אהיים מיט זיין איידים! ווי גליקליך איז ער געווען! וויא פרעהליך איז ער געווען,

מיט וואס פאר א שטאלץ האט רחל'ע ערוואַרטעט איהר מאן! — ווער קען עס בעשרייבען? ווער קען עס שילדערן מיט ווערטער?

דאס איז געווען דער גליקליכסטער טאג אין לעבען פון ר' שמואל ארענשטיין אונ זיין טאכטער רחל'ע, ווען מען זאל געווען געבען ר' שמואל ארענשטיין ראטהשילדס רייכטהום פאר דיעזע עהרע, פאר דיעזעם גליק, פאר דיעזע פרייד, וואלט ער געווים ניט גענומען.

ווען דער רב פון שטעדטעל אונ דיא שעהנסטע בעלי בתים זיינען געזעסען ביי'ם טיש פון ר' שמואל ארענשטיין, האט דער רב, ר' משה קאפּואנער געפונען, אז דיא אידען זיינען שטענדיג געווען דיא גרעסטע קריעגס-העלדען, — אידען זיינען שטענדיג געווען גרויסע העלדען, האט ר' משה קאפּואנער געזאגט, — אברהם אבינו האט געשלאגען דיא פיער מלכים, יהושע איז געווען נאר א גרויסער העלד אונ א גוטער גענעראל, ער האט בעזיעגט מעהר אלס פופציג מלכים, גדעון אונ יפתח זיינען געווען גוטע גענעראלען, דוד המלך איז געווען דער בעסטער אונ דער גרעסטער אידישער קריעגס-העלד, ער דאנקט גאט „אשר למד ידי לקרב ואצבעותי למלחמה", וועלכער האט געלערנט זיין האנד צום שטרייט אונ זיינע פינגער צו פיהרען קריעג, — יואב אונ אבנר זיינען געווען בעריהמטע גענעראלען, עס איז אלזא קיין וואונדער, וואס אונזער גבריאל האט זיך אויסגעצייכענט אין קריעג, מיר מעגען נאך האפען, אז גבריאל וועט ווערען אמאל קאמאנדירען דיא גאנצע פרייסישע ארמעע.

רחל'ע האט געוויינט פאר פרייד, ווען דער רב האט געהאלטען דיעזע שעהנע רעדע, דיא מומע חיה האט אויך געוויינט, זיא האט אבער אליין ניט געוואוסט, פאר וואס זיא וויינט, יוסעלע האט זיך גלאט געפרעהט, וואס זיין שוואגער טראגט שעהנע גאלדענע עפּאלעטען.

אבער אויך דער קלוגער, וועלטליכער אונ ערנסטער ר' שמואל ארענשטיין האט זיך ניט געקענט איינהאלטען אונ אויך אויף זיינע אלטע באקען האבען זיך געקייקעלט גרויסע, הייסע טראפּענס טרעהרען.

ווען דער רב מיט דיא אנגעזעהענע בעלי בתים זיינען אוועק געגאנגען, האט מען זיך באלד געזעטצט עסען, מיר דארפען ניט זאגען,



אז

אז דיא מומע היה האט געטאהן אלעס מעגליכע און פיעלעס אונמעגליכע אום צו מאכען א גוטען מיטאג.

גבריאל אליין האט זיך אויך געפיהלט גליקליך: ער איז אין דער היים, ביא זיין פרוי און קינד, וועלכע ער ליעבט מיט'ן גאנצען פייער פון זיין יונגער זעלע, אלע פרעהען זיך מיט איהם, אלע שעטצען איהם, אלע גיבען איהם אפ דיא גרעסטע עהרע.

אזוי איז פערגאנגען דער ערסטער טאג פסח. דיא נאכריכט, אז גבריאל וואלף, ר' שמואל ארענשטיין'ס איידים, איז צוריק געקומען אלס אפיציער האט זיך באלד פערברייטעט אין שטעדטעל, וויא א פייער.

אייניגע האבען זאגאר געזאגט, אז ער איז שוין גענעראל, אנדערע האבען איהם שוין געמאכט פאר'ן אבערקאמאנדירענדען פון דער גאנצער פריסישער ארמעע.

דיא פרויען האבען זיך געריסען צו געהען צו ר' שמואל ארענשטיין אום נור א קוק צו טאהן אויף'ן אידישען גענעראל. ווער עס איז געוועזען ווייניג בעקאנט מיט ר' שמואל ארענשטיין, דער איז געבליעבען שטעהען אין דרויסען און האט אזוי לאנג געווארט, ביז גבריאל איז ארויס געקומען.

דעם אנדערן טאג פסח איז ר' שמואל ארענשטיין'ס הויז כמעט געוועזען בעלאגערט פון מענער, פרויען און קינדער, וועלכע האבען געוואלט זעהען דעם אידישען אפיציער.

ענדליך האבען איהם אלע געזעהען, אלע האבען איהם בעוואונדערט און האבען זיך אויסגערעדט איבער איהם, וויפיעל זייא האבען אליין געוואלט.

וויא הונגעריג מען איז, ווערט מען דאך א מאל זאט, יעדער איד פון'ם שטעדטעל האט שוין געזעהען דעם אידישען אפיציער און פיעלע האבען שוין אויסגעפונען, אז ער איז גאר ניט מעהר וויא א מאיאר.

דעם דריטען טאג פסח איז מען שוין געוואוינט געווארען מיט איהם.

---

## 4.

# דיא אנדערע זייט פון דער מעדאילע.

דיא ערסטע צווייא טעג פסח איז גבריאל אין ערגעץ ניט געגאנגען, ער איז געזעסען אין דער היים און האט זיך אונטערהאלטען מיט זיין

פרוי, מיט זיין קינד, מיט דעם שלעמיעל יוסעלע זיין שוואגער און מיט'ן פעטער גאלדשטיקער, וועלכער האט זיך נאך אלץ ניט געקענט צו געוועהנען צו דער אידעע, אז א איד קען זיין איין אפיציער.

דעם ערסטען טאג חול המועד ביים מיטאג, האט דער קלוגער ר' שמואל ארענשטיין צום ערסטען מאל בעריהרט דיא וויכטיגע פראגע וועגען דער צוקונפט פון זיין איידים, ער איז געוועזען זעהר פארזיכטיג, זעהר דעליקאט, ווען ער האט געפרעגט:

— וואס דענקסט דוא ווייטער צו טאהן, מיין ליעבער גבריאל? וועסט דוא שוין בלייבען ביא אונז?

— איך וועל ווייטער דיענען, האט גבריאל געענטפערט גאנץ רוהיג, איך האב דיא בעסטע צייגניסע פון דער ארמעע, איך האב א צייגניס פון פירסט בליכער אליין און איך האף, אז איך וועל אוואנסירען, איך קען באלד ווערען אבערסט (פאלקווניק). אלס אבערסט בעקום איך פופצעהן הונדערט דאלאר א יאהר געהאלט, אויף אזא סומע קען מען שוין לעבען, בעזאנדערס איך מיט מיין קליינער פאמיליע.

ר' שמואל ארענשטיין האט געשוויעגען איינינע מינוט, ער האט איינגעזעהן, אז זיין איידים האט רעכט. ענדליך האט ער געענטפערט אויפגעריעגערדע:

— וואו אבער וועסט דוא וואוינען?

— דערווייל האב איך נאך קיין רעגימענט, איך דענק מיך צו מעלדען צום קאמענדאנט פון מיסלאוויץ, צום בריגאדע גענעראל פון ראקאוויץ, און איהם בעטען, ער זאל מיך אויפנעהמען אלס אפיציער אין זיין בריגאדע, ער קען עס מיר ניט אפזאגען, ווען איך וועל איהם ווייזען מיינע צייגניסע.

ר' שמואל ארענשטיין איז דערמיט געוועזען גאנץ צופריעדען, גבריאל און רחל'ע וועלען יעטצט וואוינען ביי איהם, און ער וועט פיליייכט יעטצט קענען מאכען בעסערע געשעפטען, ווען זיין איידים איז א מאיאר אין דער בריגאדע פון גענעראל פאן ראקאוויץ.

ווען דענקסט דוא צו געהען צום גענעראל? האט ער געפרעגט.

— איך מוז אייגענטליך געהען צו איהם, האט גבריאל געענטפערט, — אלס אפיציער פון דער פרייסישער ארמעע מוז איך מיך מעלדען ביי'ם קאמענדאנט פון דעם ארט, וואו איך געפין מיך, איך וואלט אלזא שוין געדארפט זיין ביא איהם, איך האב עס אבער ניט געוואלט טאהן אום פסח, היינט וועל איך געהן צו איהם פאר נאכט, ווען ער איז געוועהנליך דא אין דער היים.

גענען פיער אוהר נאכמיטאג האט זיך גבריאל אנגעטאהן אין זיין נייער גלענצענדער אוניפארם אונ האט אויפגעהאנגען אויף דער ברוסט אלע מעדאליען אונ אויסצייכנונגען, וועלכע ער האט ערהאלטען אין דער ארמעע אונ איז אוועק געגאנגען צום בריגאדע-געגעראל פון ראקאוויץ.

דער בריגאדע-גענעראל פאן ראקאוויץ איז געווען איין אלטער סאלדאט וועלכער האט נאך ניט פערגעסען די אלטע צייטען אונ די אלטע זיטען, ער האט ניט געוואלט וויסען פון פרייוויליגע, פון נייע אידעען, פון די רעכטע, וועלכע בילדונג גיבען א מענשען. ער האט געוואוסט, אז באראן איז א באראן אונ א בויער איז א בויער, פון קיין בויער קען קיין באראן ניט ווערען אונ א אידישער אפיציער איז געווען א דארען אין זיינע אויגען.

ער איז ניט געווען קיין אנטיסעמיט, וויא מען פערשטעהט עס היינט, ער האט ניט פיינט געהאט דעם אידען אונ האט ניט געזוכט איהם שלעכטעס צו טאהן, ער האט אבער געהאלטען דעם אידען פיעל ניעדריגער אלס דער בויער. ער האט צו געגעבען, אז דער איד איז א גוטער געשעפטס מאן אונ עס איז לייכטער אונ קאנוועניענדער צו מאכען געשעפטען מיט א אידען אלס מיט א פאלנישען אדער דייטשען בויער, ער האט אבער געשוידערט ביים דעם געדאנק, אז א איד זאל זיין גלייך מיט איהם באראן פון ראקאוויץ, וועמעס עלטערן האבען געטראגען דעם צלם פאר די ראטעס פון די קרייצציגע.

ער איז געוואהר געווארען, אז ר׳ שמואל ארענשטיין׳ס איידים איז איין אפיציער אונ ער האט געוואוסט, אז גבריאל וועט קומען צו איהם זיך פארשטעלען, אזוי פארדערט די מיליטערישע דיסציפלינע.

ווען גבריאל איז אריינגעקומען אין שרייב-צימער פון קאמענדאנט, האט איהם פאן ראקאוויץ בעטראכט פון קאפ ביז אין די פיס, וויא מען בעטראכט א זעלטענעם טהיער. ער האט געזוכט עפעס א פעהלער אין מונדיר, אין דער ארט, וויא גבריאל האט געטראגען זיין שווערד, זיינע עפאלעטען אונ זיינע מעדאילען.

פאן ראקאוויץ איז געווען פעסט איבערצייגט, אז א איד קען גאר ניט אנטאהן א מונדיר פון איין אפיציער, וויא איין עכטער דייטשער באראן, צו זיין גרעסטען בעדויערן, האט ער אין גבריאל׳ס אוניפארם קיין פעהלער ניט געקענט געפינען, אלעס איז געווען פינקטליך אונ ריכטיג, וויא ביים א באראן, וועמעס עלטערן האבען געריבט ודיא רייזענדע צוזאמען מיט געץ פאן בערליכינגען, די אייזערנע האנד.

ניט ווילענדיג האט ער געמוזט געבען דעם אידישען אפיציער,

ער זאל זיך זעטצען אונ זאל איהם דערצעהלען עפּעס פון קריעג.

— וויא איך האב געהערט, זייט איהר געקומען מאכען א בעזוך אייער שוויעגער פּאטער, האט גענעראל פאן ראקאָוויץ געזאגט פריינדליך, — איך בין גאנץ גוט בעקאנט מיט הערר ארענשטיין, ער איז א בראווער מאן אונ א פעהיגער געשעפטס-מאן.

גבריאל האט זיך פערנייגט אונ האט געדאנקט פאר דיעזען קאמפּלימענט צו זיין שוויעגער-פּאטער.

— וויא לאנג דענקט איהר דא צו בלייבען? האט דער גענעראל ווייטער געפרעגט.

— איך דענק צו בלייבען דא בעשטענדיג, ווען אייער עקסעלענץ וועט עס ערלויבען, (עקסעלענץ איז דער טיטול פון א גענעראל אין דייטשלאנד).

— א! איך פערשטעה! האט דער גענעראל אויסגערופען, — איהר ווילט ארויס טרעטען פון דער ארמעע אונ זיך בעזעטצען ביי אייער שוויעגער-פּאטער.

— ניין, עקסעלענץ! ניט דאס איז מיין אבזיכט, איך בין געקומען בעטען אייער עקסעלענץ זאל מיר ערלויבען אריינצוטרעטען אין אייער בריגאדע אונ צו דיענען אונטער אייער קאמאנדא, איך בין דא היימיש, איך בין געבארען אונ אויפגעוואקסען אין דיעזער געגענד אונ איך וואלט מיך געשעטצט גליקליך, איך זאל קענען דיענען מיין קעניג אין דיעזער געגענד.

גענעראל פאן ראקאָוויץ איז געווארען איבערראשט, דאס האט ער ניט ערווארטעט, אויף אזא פרעכהייט פון א אידען האט ער זיך ניט געריכט.

ער האט אנגעהויבען צו בייסען זיך די ליפּען אונ צו דרעהען זיינע לאנגע, גרויסע וואנצעס.

— עס איז מיר זעהר אנגענעהם צו הערען, אז איהר ווילט דיענען אונטער מיין קאמאנדא, האט ער ענדליך געזאגט לאנגזאם אונ האט אויסגעצויגען יעדעס ווארט אויף א מייל, — עס וועט מיר געוויס זיין זעהר אנגענעהם צו האבען אין מיין בריגאדע אזא פעהיגען אונ אזא טיכטיגען אפיציער, וויא איהר, אבער... עס געהט ניט... איך קען אייך ניט אויפנעהמען אין מיין בריגאדע.

— מעג איך פרעגען פאר וואס איהר ווילט מיך ניט אויפנעהמען אין אייער בריגאדע? האט גבריאל געזאגט אונרוהיג.

— עס איז איין אונאנגענעהמע געשיכטע! האט גענעראל פאן ראקאָוויץ

געזאגט. — אייער וואונש צו דיענען אונטער מיר מאכט מיר דיא גרעסטע עהרע, אבער מיין בריגאדע איז קיין טויבענשלאג, וואו מען זאל אריינפליהען אונ ארויספליהען, ווען מען וויל.

— עקסעלענץ! איך האף, אז איהר האט גאר ניט איינצווענדען געגען מיינע פערזאן! האט גבריאל אויסגערופען גערייצט. — וויא איהר האט געזעהען פון מיינע צייגניסע, זיינען אלע מיינע פארגעזעטצטע פון גענעראל פאן דער נאלץ ביז פירסט־בליכער געוועזען זעהר צופריעדען מיט מיר, איך האב שטענדיג געטאהן מיינע פפליכט אונ האב קיינעם ניט געגעבען דיא געלעגענהייט זיך צובעקלאגען אויף מיר.

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל אונ האט געוויעזען אויפ'ן אייזערנעם קרייץ אויף זיין ברוסט.

— עקסעלענץ! האט ער אויסגערופען, — עקסעלענץ! דיעזער צייכען אויף מיין ברוסט, איז דיא בעסטע גאראנטיע, אז איך האב עהרליך אונ טריי געדיענט מיין קעניג אונ מיין פאטערלאנד.

— דאס אלעס איז זעהר שעהן! האט גענעראל פאן ראקאוויץ געענטפערט, — גלויבט מיר מאיאר וואלף, אז איך האב קיין סעקונדע ניט געצווייפעלט, אז איהר זייט א גוטער, געטרייער אונ טיכטיגער אפיציער, איך אכטע אייך אונ שעטץ אייך זעהר הויך אבער...

— עקסעלענץ, איך ערלויב מיר אייך צו פרעגען פאר וואס אלזא ווילט איהר מיך ניט אויפנעהמען אין אייער בריגאדע?

— אונ איך וואלט אייך געוואלט בעטען, איהר זאלט מיר ערשפארען דיא אנטווארט אויף דיעזע פראגע, האט דער גענעראל געענטפערט, — עס טהוט מיר ווירקליך לייד אייך צו בעליידיגען.

— גענעראל! דיא ווארהייט בעליידיגט קיינעם ניט אלס אפיציער האב איך דאס רעכט צו בעטען, איהר זאלט מיר זאגען דיא ווארהייט.

דיעזע ווערטער האבען אביסעל גערייצט דעם אלטען שטאלצען באראן.

— הערר מאיאר! האט ער געזאגט, איהר דרענגט מיך, איהר צווינגט מיך, איך זאל אייך זאגען דיא ווארהייט, — נון, גוט, איך וועל זיא אייך זאגען, איך מוז אייך אבער בעטען, איהר זאלט אייך ניט פיהלען בעליידיגט, ווען איך וועל זייא אייך זאגען.

— איך גיעב אייך מיין עהרען־ווארט אלס אפיציער, אז איך וועל מיך ניט בעליידיגען! האט גבריאל אויסגערופען.

— אלזא מוז איך אייך זאגען, אז איך קען אייך ניט אויפנעהמען אין מיין בריגאדע, ווייל איהר זייט א איד.

גבריאל'ס געזיכט איז געוואָרען אַש פאַרביג, דאַן רויט וויא פייער. ווען גענעראַל פון ראַקאָוויץ וואָלט איהם געגעבען אַ פּאַטש אין געזיכט, וואָלט ער זיך ניט געפיהלט אַזוי ערניעדריגט און אַזוי בעליידיגט, וויא פון זיינע לעטצטע עטליכע ווערטער.

אייניגע מינוטען איז ער געשטאַנען וויא אַ דערשלאָגענער און האָט ניט געקענט אַרויסזאָגען אַ וואָרט, צו ביסלעכווייס אָבער האָט ער אָנגעהויבען זיך צו בעהערשען און צו מאַכען זיך האַרץ.

— אייער עקסעלענץ! האָט ער געזאָגט לאַנגזאַם, — איך קען ניט אָננעהמען דיעזען גרונד אַלס וואַהרהייט, פאר וואָס איהר ווילט מיך ניט אויפנעהמען אין אייער בריגאַדע, וואָס געהער זיך אָן מיין רעליגיאָן, מיט מיינע פּפליכטען אַלס אָפיציער? ווען קען עס האַרען, וואָס איך בעט צו גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב, ווען איך דיען טרייא און עהרליך מיין קעניג און מיין פאַטערלאַנד?

— דאָס איז אַלעס וואַהר און דאָך קען איך אייך ניט אויפנעהמען אין מיין בריגאַדע, איך קען עס בעזאָנדערס ניט, ווייל דאָ קענען אייך אַללע און אַללע ווייסען, ווער איהר זייט.

— אָבער איהר אַליין, גענעראַל, האָט דאָך נור וואָס געזאָגט, אַז איהר קענט זעהר גוט מיין שוויעגער-פאַטער און האַלט איהם פאַר אַ בראַווען און גוטען מענשען.

דאָס איז אויך וואַהר, האָט דער גענעראַל געענטפערט, איך שעטצע און אַכטע זעהר הערן ארענשטיין, איך זאָג אייך און וועל זאָגען יעדען, אַז הערר ארענשטיין איז בעסער און עהרליכער פון פיעלע קריסטען, איך גיעב איהם מיין האַנד, ווען איך בעגעגען איהם אויף דער גאַס און געה אַרום מיט איהם, וויא מיט מיין פריינד, און דאָך קען איך איהם ניט בעטראַכטען אַלס מיין גלייכען. ווייל...

— נון, זעהט איהר, גענעראַל! איהר אַליין בעצייגט, אַז מיינע פערוואַנדטע זיינען גוטע און עהרליכע לייט, —

— אָבער זייא זיינען דאָך אידען, האָט איהם דער גענעראַל אונטערבראָכען, — דאָ ליעגט דער גאַנצער האַרטער קנופּ! — איהר מעגט זיין וואָס איהר ווילט, איהר זייט דאָך אַ איד, האָט דער גענעראַל געזאָגט ערנסט, לאָמיך שוין זאָגען, אַז איך וועל אייך האַלטען וויא מיין גלייכען און וועל אייך בעהאַנדלען וויא מיין גלייכען, וועלען עס אָבער טאָהן דיא איבריגע אָפיציערען פון מיין בריגאַדע? וועלען זייא זיך ניט רייצען מיט אייך און אויסלאַכען אייך, אייער שוויעגער-פאַטער און אייערע פערוואַנדטע? וועלען זייא דען ניט זוכען אייך צו זאָגען

שטעקבוערטלאך און איך צו קריינקען ווייל איהר זייט א איד?

דער גענעראל האט געשוויעגען איינגע אויגענבליקע און האט געקוקט גבריאל'ן גלייך אין דיא אויגען צו זעהען, וואס פאר איין איינדרוק דיעזע ווערטער האבען געמאכט אויף איהם.

ווען ער האט געזעהען אז גבריאל שווייגט, האט ער ווייטער געזאגט:

— איך וויל שוין ניט רעדען פון אונזערע דאמען, זייא וועלען דאך אויסרייסען זייערע מעגער, דיא אויגען, פאר וואס זייא פיהרען זיך ארום מיט א אידישען אפיציער. — גלויבט מיר, מאיאר וואלף, אז ניט איין דאמע פון אונזער רעגימענט וועט ניט וועלען זיך צונויפקומען מיט אייער פרוי. נון שטעלט איך פאר, איך וועל מאכען איין אוועגד איך וועל דאן מוזען איינלאדען אייך און אייער פרוי, דיא פרויען פון דיא איבריגע אפיציערען וועלען זיך בעליידיגען, און עס וועלען ארויסקומען סקאנדאלען און דועלען.

— דאן ענטזאג איך מיך פון דעם פערגניגען צו געהען מיט מיינע קאמעראדען צוזאמען אויף בעלער און פערזאמלונגען,—האט גבריאל געזאגט טרויעריג.

— אויך דאס געהט ניט, מיין ליעבער מאיאר! פערגעסט ניט, אז מיר געפינען זיך, אין א קליין שטעדטעל, וואו יעדער קען אייך און וואו פיעלע וועלען אייך בעליידיגען אום גייד, ווייל זייא וועלען אייך מקנא זיין, וואס איהר האט אזוי פיעל מעדאלען און אויסצייכנונגען.

— אלזא וואס טהוט מען?

— מיין ראטה איז, איהר זאלט צוריק פאהרען צו אייער רעגימענט, וועלכער שטעהט יעטצט אין קעלן, דארט ווייסען ניט אלע, אז איהר זייט א איד, און אייערע קאמעראדען קענען אייך שוין און זיינען שוין געוואוינט צו אייך. דאס בעסטע אבער וואלט געוועזען, איהר זאלט אין גאנצען ארויסטרעטען פון דער ארמעע.

גבריאל איז אויפגעשפרונגען, גלייך ווי מען וואלט איהם אפגע-גאסען מיט הייסעם וואסער.

— וואס זאגט איהר, גענעראל? האט ער אויסגערופען, איהר מיינט עס ניט ערנסט! איך האב פערלאזען מיין פרוי און מיין קינד און בין געגאנגען אין בלוטיגען קריעג אום צו פערטהיידיגען מיין פאטערלאנד; איך האב פערגאסען מיין בלוט פאר מיין פאטערלאנד און האב שיער ניט געלאזען מיין לעבען פאר מיין פאטערלאנד און יעטצט זאל איך מיך ענטזאגען פון אלע מיליטערישע עהרען? איז דאס דיא בעלוינונג פאר מיין טרייהיים? ווען מיין פאטערלאנד איז געוועזען אין געפאהר

 און

אונ אוּנְזֶער קֶענִיג הָאט זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ אַלְלֶע אֵיינְוואוֹינֶער פוּן לַאנְד אונ הָאט זַייא גֶערוּפֶען צוּ זִיךְ, דַאמָאלְס הָאט מֶען נִיט גֶעפְרֶעגְט, צוּ וָואס פַאר אַ גְלוֹיבֶּען אִיךְ גֶעהֶער אונ פוּן וָואס פַאר אַ פָאלְק אִיךְ שְׁטַאם אָפּ אונ יֶעטְצְט, וֶוען דֶער פַיינְד אִיז בֶּעזִיעגְט אונ דָאס פָאטֶערלַאנְד אִיז גְלִיקְלִיךְ אונ רוּהִיג, ווייל מֶען שׁוֹין ווייסֶען וֶוער אִיךְ בִּין, וֶוער מַיינֶע עֶלְטֶערְן זַיינֶען גֶעוֶוען אונ צוּ וָואס פַאר אַ רֶעלִיגְיָאן אִיךְ גֶעהֶער ? אִיז דָאס רֶעכְט, גענעראַל ?

גענעראַל פָאן ראַקאָווין הָאט גֶעשְׁווִיעגֶען, עֶר אִיז גֶעוֶוען פוּן דֶער נַאטוּר אַ גוּטֶער מֶענְשׁ אונ הָאט זֶעהר גוּט גֶעפִיהלְט, אַז גבריאל הָאט פָאלְקָאמֶען רֶעכְט, עֶר הָאט אַלְזָא גֶעטְרַאכְט וָואס עֶר זָאל אִיהם עֶנְטְפֶערְן אונ וִויא אַזוֹי עֶר זָאל בֶּערוּהִיגֶען דֶעם יוּנְגֶען מַאן.

וֶוען גבריאל הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דֶער גענעראל שְׁוַוייגְט, הָאט עֶר וַוייטֶער גֶעזָאגְט :

— וֶוען אִיךְ בִּין גֶעלֶעגֶען אוֹיפ'ן שְׁלַאכְט-פֶעלְד פֶערְוואוּנְדֶעט אונ דָאס בְּלוּט הָאט זִיךְ גֶעגָאסֶען פוּן מַיין פְרִישֶׁער וואוּנְד, וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעקַייקֶעלְט אוֹיף מַיין שְׁמֶערְצֶענְס-בֶּעטֶעל אִין דִיא שְׁמוּטְצִיגֶע אונ פֶערְפֶעסְטֶעטֶע לַאזַארֶעטֶען אונ קֵיין פְרֵיינְד, קֵיין בֶּעקַאנְטֶער הָאט מִיר נִיט דֶערְלַאנְגְט אַ בִּיסֶעל וַואסֶער אוּם אָפְּצוּקִיהלֶען דִיא פֶערְבְּרֶענְטֶע לִיפֶּען; וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעלִיטֶען דִיא שְׁרֶעקְלִיכְסְטֶע שְׁמֶערְצֶען אונ הָאבּ יֶעדֶע מִינוּט עֶרְוַוארְטֶעט דֶעם טוֹיט, הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶעטְרֵייסְט מִיט דֶעם גֶעדַאנְק, אַז דָאס דַאנְקְבָּארֶע פָאטֶערלַאנְד וֶועט עֶנְדְלִיךְ אַנֶערְקֶענֶען, אַז דִיא אִידֶען זַיינֶען פוּנְקְט אַזוֹי פֶעהִיג אונ פוּנְקְט אַזוֹי גֶעטְרַייא ווִיא דִיא קְרִיסְטֶען, אונ מֶען וֶועט אוּנְז עֶנְדְלִיךְ גֶעבֶּען אַלֶע בִּירְגֶער-רֶעכְטֶע, עֶס וֶועט עֶנְדְלִיךְ פֶערְשְׁווִינְדֶען דִיא אַייזֶערְנֶע מוֹיעֶר, וֶועלְכֶע טְהֵיילְט אָפּ דֶעם אִידֶען פוּן דֶעם נִיט אִידֶען. — אונ יֶעטְצְט . . . זָאל אִיךְ עֶס גְלוֹיבֶּען ? קֶען אִיךְ עֶס גְלוֹיבֶּען ? — זָאל מֶען יֶעטְצְט אוֹיךְ פֶערַאכְטֶען אונ פֶערְשְׁפָּאטֶען דֶעם אִידֶען ווִיא פְרִיהֶער ? זָאל דָאס זַיין דִיא בֶּעלוֹינוּנְג, וֶועלְכֶע אַלֶע אִידִישֶׁע אָפִיצִיערֶען אונ סָאלְדַאטֶען וֶועלֶען בֶּעקוּמֶען פַאר זֵייעֶרֶע וואוּנְדֶען, פַאר זֵייעֶר בְּלוּט, פַאר זֵייעֶר לֶעבֶּען, פַאר זֵייעֶר טְרֵייהַייט ?

גבריאל הָאט גֶערֶעדְט אַזוֹי עֶרְנְסְט, אַזוֹי פֵייעֶרְלִיךְ, אַזוֹי פוּן הֶערְצֶען אַרוֹיס, אַז דֶער אַלְטֶער גענעראַל אִיז גֶעוֶוען גֶערִיהְרְט, עֶר הָאט גֶעפִיהלְט דֶעם גֶערֶעכְטֶען אונ בִּיטֶערֶען פָארְווּארְף וֶועלְכֶען גבריאל הָאט אִיהם גֶעמַאכְט, עֶר הָאט גֶעוואוּסְט, אַז גבריאל הָאט רֶעכְט, אונ עֶר הָאט ווִירְקְלִיךְ בֶּעקוּמֶען מִיטְלֵייד מִיט'ן יוּנְגֶען מַאן.

— עס טהוט מיר הערצליך לייד, וואס איך קען גאר ניט טאהן פאר אזא גוטען אונ פעהיגען אפיציער, וויא איהר זייט מאיאר וואלף, — האט ער ענדליך געזאגט. איך קען אבער מיך ניט העלפען, מיינע הענד זיינען געבונדען, ווילט איהר מיר געבען אייער ווארט, אז איהר וועט קיינעם ניט זאגען, וואס איך וועל אייך פערטרויען?

— איך גיעב אייך מיין עהרען-ווארט אלס פרייסישער אפיציער! האט גבריאל אויסגערופען.

דאן וועל איך אייך פערטרויען א געהיימניס, וועלכעס עס ווייסען דערווייל נור דיא העכערע אפיציערען.

גבריאל האט געקוקט דעם גענעראל גלייך אין דיא אויגען.

— דיא מיניסטארען האבען בעשלאסען אין א געהיימע זיטצונג, אז מען זאל דערווייטערען פון דער ארמעע אלע אידישע אפיציערען, ווען זייא וועלען זיך אליין אפזאגען, זאל מען טאהן פון זייערטוועגען אלעס וואס מען וועט נור קענען, וועלען זייא זיך אבער ניט אפזאגען מיט גוטען, זאל מען זעהען, אז זייא זאלען זיך אפזאגען אדער, ווען עס וועט שוין גאר געטהיג זיין, זאל מען זייא אפזאגען.

גבריאל איז געווארען בלייך, וויא קאלך, אונ האט ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט.

— ווען איך זאל זיין אויף אייער ארט, וואלט איך ניט געווארט ביז מען וועט מיך צווינגען, איך זאל מיך אפזאגען האט גענעראל פאן ראקאוויץ ווייטער געזאגט, איך וואלט פערהאפט דיא פיס פאר דער גען אונ וואלט מיך באלד אפגעזאגט.

ער איז אויפגעשטאנען, האט ארויפגעלעגט ביידע הענד אויף גבריאלס פלייצע אונ האט געזאגט:

— יונגער מאן! איך ראטה אייך אלס גוטער פריינד, שיקט אריין אייער רעזיגנאציאן צום קריעגס-מיניסטער אונ פארדערט דערבייא עפעס. — פארדערט אז מען זאל אייך מאכען פאר א הויפט-קאלעקטאר פון א לאטערייע אונ דיא רעגיערונג זאל זיין גוט פאר אייך, פאדערט א קאנטראקט צו ליעפערן שטיוועל, קליידער, פראוויאנט אדער פערד פאר דער ארמעע, מען וועט אייך ניט אפזאגען, ווייל איהר האט אזעלכע גוטע צייגניסע, פירסט בליכער וועט טאהן אלעס מעגליכע פאר איין אפיציער, וועמען ער האט אליין אנגעטאהן דעם אייזערנעם קרייץ אויף דער ברוסט, אונ איהר וועט זיין פערזארגט מיט אייערע קינדער אונ קינדס קינדער.

גבריאל האט ארויסגעלאזען א הויכען, ווילדען, ביטערען געלעכטער

—אזוי ? אלס לאטעריע-קאלעקטאר , אלס ליעפעראנט , אלס שאכער , איז נאך דער איד גוט גענוג , אלס אפיציער אבער טויג ער ניט ! אזוי ? אנשטאט עהרע באט מען מיר געלד , פאר מיין בלוט וויל מען מיך בעלוינען מיט א שאכער-מאכער ! אה , ניין ! ניין און ניין !

— יונגער מאן ! איך מיין עס גאנץ גוט מיט אייך , האט גענעראל פאן ראקאוויץ געוואלט בערוהיגען דעם אידישען אפיציער , — גלויבט מיר , מאיאר וואלף , אז איך אליין וואלט מיך אמאל געביטען מיט א ליעפעראנט פון פערד פאר דער ארמעע , איך בין איין אלטער מאן , האב א פרוי מיט קינדער און מוז לעבען מיט דריי-טויזענד דאלאר א יאהר און דערצו נאך געבען בעלער און מאכען אבענדען פאר מיינע אפיציערען , דער ליעפעראנט פון פערד פערדיענט צעהן טויזענד דאלאר א יאהר און איז א פרייער מענש , וועלכער האט קיינעם קיין מורא ניט , איך ראטה אייך אלזא נאך אמאל אלס פריינד און אלס א גוטער בעקאנטער פון אייער שוויגער-פאטער , ר' שמואל ארענשטיין , אז איהר זאלט רעזיגנירען פון דער ארמעע און זאלט פערלאנגען א קאנטראקט צו ליעפערן אלעס , וואס מיין בריגאדע בעדארף , מען וועט אייך ניט אפזאגען , און גלויבט מיר , יונגער מאן , אין צעהן יאהר ארום וועט איהר זיין א רייכער מאן און וועט נאך בעקומען איין ארדען און דעם טיטול באראן .

גבריאל האט איינגעזעהען אז דער גענעראל מיינט עס ווירקליך גאנץ גוט מיט איהם , עס איז געוועזען דייטליך , אז ער רעדט פון גאנצען הערצען .

— איך דאנק אייך , גענעראל האט ער ענדליך געזאגט , איך דאנק אייך פון גאנצען הערצען , ווייל איך זעה , אז איהר זייט א גוטער מענש און מיינט עס גאנץ ערנסט און עהרליך מיט מיר . אייער ראטה אבער , גענעראל , קען איך ניט אננעהמען , ווייל איך האב מיך איינמאל פאר אלע מאל ענטשלאסען , איך זאל בלייבען אפיציער און זאל דיענען אזוי לאנג , ביז מען זאל מיך ארויסטרייבען פון דער ארמעע , איך קען ניט גלויבען , אז אונזער גנעדיגער קעניג פריעדריך ווילהעלם דער דריטער זאל צו לאזען אזא אונגערעכטיגקייט .

גענעראל פאן ראקאוויץ האט זיך געפיהלט בעליידיגט פון דיא לעטצטע ווערטער פון'ם אידישען אפיציער .

ער האט פערצויגען מיט דיא אקסלען און האט געזאגט קורץ :

— טהוט וויא איהר פערשטעהט , מאיאר וואלף .

דאן האט ער זיך פערנייגט , אלס צייכען , אז דער וויזיט האט זיך געענדיגט און דער מאיאר מעג זיך געהען .

(גמ״ ח״א)

גבריאל

גבריאל איז ארויסגעגאנגען זעהר אויפגערעגט פון גענעראל.

ער איז דורכגעגאנגען דעם הויף און איז צוגעקומען צום טויער, דארט איז געשטאנען א סאלדאט אויף דער וואך, ווען גבריאל איז צוגעקומען, האט דער סאלדאט איהם אפגעגעבען דיא עהרע, וואס עס קומט א מאיאר, דערביי אבער האט זיך געוויזען אויף זיין גראבעס געזיכט א זאנדערבארער שמייכעל, וועלכער האט געזאגט דייטליך:

— דאנגער וועטער! איך, יאהאן דום-קאפ, זאל אפגעבען אזא עהרע א פערדאמטען יודען!

גבריאל האט עס בעמערקט און עס האט איהם א שטאך געגעבען אין הארצען.

— אלזא אויך דיעזער סאלדאט, דיעזער יאהאן, וועלכער קען ניט לעזען און שרייבען, וואנט שוין אויך לאבען פון מיר און פאר וואס, — ווייל איך בין א איד? האט ער געמורמעלט.

ער איז אוועק געגאנגען ווייטער, ער איז געווען אזוי אויפגערעגט, אז ער האט ניט געוואלט געהען אהיים, אזוי וויא עס איז נאך געווען גרויסער טאג, האט ער בעסער אנגעהויבען צו שפאצירען און איז אריינגעקומען אין רינג, אין מארק פלאטץ.

אין איין ארט איז געזעסען אויף דער ערד איין עלטערע פרוי און האט פערקויפט גרינוועררק און אייער, קוים האט זיא איהם דערזעהען, האט זיא געזאגט צו אנאנדער פרוי, וועלכע האט פערקויפט פוטער און קעז:

— זעה, מאריא, אט געהט דער אידישער אפיציער! וויא געפעלט ער דיר? ער איז דער שוויעגער-זאהן פון'ם קרעמער, שמואל ארענשטיין, א יודע זאל זיין אפיציער! חא! חא! חא!

— ער איז אבער א שעהנער יונגע, האט דיא הענדלערן מיט קעז און פוטער געענטפערט.

— א שעהנער יונגע! ער איז א יוד און יוד בלייבט יוד!

— איך פערשטעה גאר ניט, וויא אונזער גנעדיגער קעניג קען עס ערלויבען, אז א יודע זאל קאמאנדירען קריסטען, האט זיך אריינגעמישט א שוסטער, וועלכער האט געקויפט א טאפ קארטאפעל פון דער הענדלערין מיט גרינווערק.

ניט ווילענדיג האט גבריאל אויסגעהערט דיעזעס געשפרעך פון איינפאכע בויערן, וועלכע האבען געקוקט אויף'ן שעהנעם אפיציער מיט נייד און פעראכטונג.

טרויעריג, גיעדערשלאגען און פערצווייפעלט איז גבריאל געקומען אהיים.

די געטרייע רחל'ע האט עס באלד בעמערקט און האט איהם געפרעגט.

— וואס פעהלט דיר עפעס, גבריאל? ביסט דוא עפעס ניט געזונד?

— גאר ניט, מיין ליעבע פרוי, עס איז מיר גאר ניט, האט גבריאל געענטפערט.

ער האט געוואוסט, וויא רחל'ע ליעבט איהם און ער האט ניט געוואלט זיא בעטריבען. אויך זיין שוויעגער-פאטער האט ער ניט דערצעהלט, וואס ער האט גערעדט מיט גענעראל פאן ראקאווין און מיט וואס פאר איין אנטוואָרט ער איז פון איהם אוועק געגאנגען.

ווען ר' שמואל ארענשטיין האט איהם געפרעגט:

— נון, גבריאל, האסט דוא בעקומען א שטעלע אין דער בריגאדע פון גענעראל ראקאווין?

האט גבריאל געענטפערט:

— עס איז ליידער קיין וואקאנש יעטצט ניטא.

---

# 5.

# איין אלטער פריינד.

דער פסח איז פאריבער. אלע האבען שוין געזעהען דעם אידישען אפיציער, פיעלע האבען זאגאר גערעדט מיט איהם און האבען זיך איבערצייגט, אז ער איז א מענש, וויא אלע מענשען, ער האט קיינע הערנער, שטויסט ניט און שלאגט ניט.

— די אידען האבען זיך אלזא שוין אזוי צו געוועהנט צו איהם, אז זייא פלעגען איהם שוין רופען ר' גבריאל, וויא פריהער, איידער ער איז געווארען אפיציער; די קריסטען דאגעגען פלעגען לאכען פון איהם און גבריאל. פלעגט זעהר אפט הערען וויא מען שרייט איהם נאך:

— העפ! העפ!

א שימפף-ווארט, וועלבעס די דייטשען האבען אויסגעפונען פאר אידען, דער דייטש בעגעגנט זיך מיט'ן ווארט, „איד!" „יודע"! אלס

שימפף-ווארט, ער האט אויסגעפונען א בעזאנדערע, א ספעציאלע, איין עכט דייטשע בעליידיגונג, וועלכעס בעשטעהט דארין, אז ווען מען דערזעהט א אידען געהען אויף דער גאס, זאל מען איהם נאכשרייען.

— העפ! העפ!

וואס איז די בעדייטונג פון דיעזעם שימפף-ווארט? קיינער ווייס עס ניט, קיינער קען עס ניט ערקלערען, יעדעס פאלק בעשאפט זיך געוויסע ווערטער, וועלכע בלייבען איין אייביגעס רעטעניש פאר'ן געלערנטען אונ פאר'ן שפראכקענער.

גבריאל איז מעהר ניט געגאנגען צום בריגאדע-גענעראל פאן ראקאוויץ, ווען זייא פלעגען זיך בעגעגענען אויף דער גאס, פלעגען זייא זיך העפליך אונ מיליטעריש בעגריסען, גבריאל פלעגט אפגעבען דעם גענעראל די עהרע, וואס עס קומט איהם, אונ דער גענעראל פלעגט ענטפערן זיין גרוס, וויא א גענעראל דארף ענטפערן דעם גרוס פון א פרעמדען אפיציער.

גבריאל האט געפרואבירט מאכען בעקאנטשאפט מיט די אפיציערען פון גענעראל פאן ראקאוויץ בריגאדע, זייא האבען איהם אבער אויפגענומען אזוי קאלט אונ מיט אזא פעראכטונג, אז ער האט ענדליך אויפגעהערט צו זוכען זייער בעקאנטשאפט.

גבריאל האט זיך געפיהלט אליין, אבגעזאנדערט, אפגעשלאסען, ניט צו דער וואנט, ניט צו יענער וואנט, ער האט ניט געקענט זיך אנשליסען אן די אידען פון שטעדטעל, ווייל ער איז שוין געווען צו נוייט פון זייא, ער האט געפונען, אז זייא זיינען ניט גענוג געבילדעט אונ צו פיעל פערטיעפט אין זייערע קליינליכע אינטערעסען, זייא האבען אלע געלעבט פון די דייטשע אונ פאלנישע בויערן פון דער געגענד ארום מיסלאוויץ, אדער זייא האבען געלעבט „פון דער גרענעץ". איינינע פלעגען זיך בעשעפטיגען מיט שמוגלען וואארען פון פרייסען קיין רוסלאנד, אנדערע פלעגען אריבער שמוגלען מענשען פון רוסלאנד קיין דייטשלאנד.

אלס אפיציער, אלס-פאטריאט, אלס טרייער אונטערטהאן פון זיין ליעבען גנעדיגען קעניג, האט גבריאל ניט געקענט פערטהיידיגען זיינע ברידער, די אידען, וועלכע האבען געלעבט „פון דער גרענעץ".

מיט די קריסטען פון דער געגענד האט ער זיך אויך ניט געקענט צונויפקומען, די האנדווערקער, די גוטס-בעזיטצער אונ די עדעל-לייט האבען איהם פיינד געהאט, ווייל ער האט געטראגען גאלדענע עפאלעטען, זייא האבען איהם ניט געקענט פערצייהען, פאר וואס ער האט

שפּאַלטען און מעדאַילען: ער איז דאָך נור אַ איד.

— יודע בלייבט יודע!

האָט גבריאל זעהר אָפּט געמוזט הערען הינטער זיינע פּלייצעס.

אַזוי זיינען פערגאַנגען איניגע וואָכען, גבריאל איז אַלץ מעהר און מעהר געבליעבען אַליין, אָבגעזאָנדערט און אָפּגעשלאָסען פון אַלעמען.

איין מאָל ווען ער איז אַרומגעגאַנגען אין דיא גאַסען אַליין, טרויעריג, פערטראַכט און פערצווייפעלט, האָט ער דערפיהלט וויא אַ שווערע האַנד האָט זיך אַרויף געלעגט אויף זיינע פּלייצעס.

ער האָט אַ ציטער געטאָהן און האָט זיך אומגעקוקט, הינטער איהם איז געשטאַנען אַ הויכער, שעהנער מאַן פון אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג.

— אַה! דוא ביסט עס, גאָטשאַלק? האָט ער אויסגערופען פול פרייד.

— יאַ, איך בין עס, מיין טהייערער וואָלף! האָט דער פרעמדער אויסגערופען לוסטיג, — נו, וואָס מאַכסט דוא, וויא גייהט עס דיר מיין ליעבער וואָלף? — מיר געהט עס ניט שלעכט, האָט גבריאל גע-ענטפערט שטילערהייט און איז רויט געוואָרען.

ער האָט זיך געשעהמט צו זאָגען אַז עס געהט איהם זעהר שלעכט.

— און וויא געהט עס דיר, גאָטשאַלק? האָט גבריאל ווייטער געפרעגט.

— מיר געהט עס גוט, האָט גאָטשאַלק געענטפערט רוהיג, — איך בין אַרויסגעטרעטען פון מיליטער און דיא רעגיערונג האָט מיר געגעבען אַ שטעלע אַלס דירעקטאָר פון צאָלל-אַמט אין מיסלאָוויץ מיט דריא טויזענד דאָלאַר אַ יאָהר געהאַלט.

— וואָס רעדסט דוא, פריינד? — וויא קומט עס, וואָס דוא ביסט אַרויסגעטרעטען פון דער אַרמעע?

— מיין ליעבער וואָלף, איך קען דיר ניט אַלעס דערצעהלען אויף דער גאַס, האָט גאָטשאַלק געענטפערט, קום מיט מיר אין אונזער קלוב, מיר וועלען דאָרט טרינקען אַ פלאַש וויין אויף אונזערע אַלטע פריינדשאַפט און איך וועל דיר דאַן אַלעס דערצעהלען.

מיט דיעזע ווערטער האָט ער איהם אַנגענומען ביא דער האַנד און האָט איהם מיט געוואַלד אַוועק געשלעפּט אין דעם איינציגען קלוב, וועלכער האָט זיך געפונען אין מיסלאָוויץ.

אין דער צייט, ווען זייא געהען אין קלוב, וועלען מיר בעקאַנט

מאבען דעם לעזער מיט דער נייער פערזאן, וועלבע שפיעלט א געוויסע ראלע אין אונזער ראמאן.

פראנץ גאטשאלק איז געוועזן דער זוהן פון א רייכען דייטשען בויער פון פאמערן, זיין פאטער האט געוואלט איהם לאזען לערנען אונ ער האט איהם אריינגעגעבען אין א גימנאזיום אין שטעטין.

גאטשאלק האט גוט געלערנט אונ האט געענדיגט דאס גימנאזיום מיט א גאלדענער מעדאליע, דאן האט ער זיך ענטשלאסען אריינצוטרעטען אין איין אוניווערזיטעט אונ צו שטודירען יוריספרודענץ.

ער האט שוין געהאלטען ביים ענדיגען, ווען עס האט אויסגע-בראכען דער קריעג געגען נאפאלעאן אונ אלס יונגערמאן איז ער אויך בעגייסטערט געווארן פון'ם אויפרוף פון קעניג אונ איז איינגעטרעטען אלס פראוויליגער אין דער ארמעע.

דער צופאל האט געוואלט, אז ער זאל דיענען אין איין רעגימענט מיט אונזער גבריאל וואלף, ביידע יונגע לייט האבען זיך בעקענט אונ זיינען באלד געווארען דיא בעסטע פריינד.

גבריאל האט אמאל געראטעוועט דאס לעבען פון פראנץ גאטשאלק, ווען צוויא פראנצויזישע דראגונער האבען איהם נאכגעיאגט, דערפאר האט גאטשאלק ארויסגעטראגען אויף זיינע פלייצעס דעם פערוואונדעטען גבריאל ביי דער שלאכט פון וואטערלאא.

גאטשאלק איז אויך געווארען אפיציער, אבער ער האט נור געהאט דעם ראנג פון איין ערשטען לייטענאנט.

ווען דיא פרייסישע ארמעע איז צוריקגעגאנגען פון פראנקרייך, איז גאטשאלק געגאנגען אהיים, זייט דאמאלס האט ער גבריאל'ן ניט געזעהן אונ גבריאל האט ניט געוואוסט, אויב זיין פריינד גאטשאלק לעבט נאך אדער ער איז שוין טויט.

מען קען זיך דאהער לייכט ערקלערען, וויא גרויס עס איז געוועזן דיא פרייד פון ביידע פריינד, ווען זייא האבען זיך אזוי פלוצלונג אזוי אונגעריכט, אזוי אונערווארטעט בעגעגענט אין מיסלאוויץ.

גבריאל האט געוואוסט, אז אין מיסלאוויץ איז דא א קלוב, וואו עס קומען זיך צונויף בעאמטע אונ אפיצירען, ער איז זאגאר איין מאל געוועזן אין דיעזען קלוב, מען האט איהם אבער אויפגענומען אזוי קאלט אונ מיט אזא פעראכטונג, אז ער האט מעהר ניט געוואלט געהן אהין.

יעצט אבער איז ער געגאנגען מיט פערגניגען, ער האט געוואוסט, אז גאטשאלק איז זיין בעסטער פריינד: מיט איהם קען ער ריידען אפענ-הערציג, פאר איהם קען ער אויסגיסען זיין הערץ, פאר איהם קען ער

זיך בעקלאגען אויף דיא אונגערעכטיגקייט פון דיא קריסטען, וועלכע פעראכטען איהם אונ שעמען זיך מיט איהם נור דערפאר, ווייל ער איז א איד.

גאטשאלק איז געוועזען א געבילדעטער מאן איהם איז קיין מאל ניט געקומען אין קאפ דער געדאנק צו פעראכטען גבריאל'ן דערפאר, וואס ער איז א איד, ביי איהם זיינען אלע מענשען געוועזען גלייך, ער האט ליעב געהאט דעם גוטען מענשען אונ גבריאל איז געוועזען א גוטער מענש.

זייא זיינען אריינגעקומען אין קלוב אונ האבען זיך געזעצט ביי א בעזונדער טישעלע, גאטשאלק האט געהייסען געבען א פלאש רהיין ווייז אונ בּיידע פריינד האבען געטרונקען.

גבריאל איז ניט געוועזען אזוי פרום, אז ער זאל מורא האבען צו טרינקען וויין מיט א גוי, אין דער ארמעע, אויפ'ן בלוטיגען שלאכט-פעלד, קען מען ניט זיין פרום.

דיא פריינד האבען זיך צורעדט.

גאטשאלק האט דערצעהלט זיין געשיכטע.

„איך האב געקענט בלייבען אפיציער, — האט ער געזאגט, — וואס קען איך אבער ערווארטען פון'ם מיליטער? איך בין קיין באראן, קיין גראף אונ קיין שטאאטס-ראטה, איך קען ניט האפען צו בעקומען א העכערען ראנג (טשין) אונ צו ווערען אין אבערקט (פאלקאווניק). ערשטענס, מוז איך ווארטען אויף א וואקאנס, צווייטענס, ווען עס זאל זיך שוין מאכען א וואקאנס, וועט מען גיכער געבען דיזע שטעלע עמעס א גראף אדער א באראן, איך בין דאך נור דער זוהן פון איין איינפאכען בירגער.

„דאס האט מיר ערקלערט מיין גענעראל, באראן פאן אלדענבורג. דערביא האט ער מיר בעמערקט, אז ווען איך זאל ארויסטרעטען פון דער ארמעע, קען איך בעקומען דיא בעסטע שטעלע אלס ציוויל-בעאמטער.

„איך האב פערשטאנען דעם ווונק, וואס מיין גענעראל האט מיר געגעבען, האב איהם דערלאנגט מיין רעזיגנאציאן אונ האב געבעטען א שטעלע אלס ציוויל-בעאמטער, מען האט עס מיר צוגעזאגט אונ איך בין יעצט דירעקטאר פון צאלל-אמט פון מיסלאוויץ".

יעצט האט גבריאל דערצעהלט זיין געשיכטע, פאר'ן פריינד האט ער אויפגעגאסען זיין ביטער הערץ, וואס ער האט ניט געקענט דערצעהלען זיין שוויגער-פאטער אונ זיין געליבטער פרוי, דאס האט ער דערצעהלט זיין פריינד.

ער האט איהם דערצעהלט, וויא גענעראל פאן ראקאווין האט איהם אויפגענומען, אונ וואס ער האט גערעדט מיט איהם, וויא ער האט

זיך עֶנְטְזַאגְט אִיהם אוֹיפְצוּנֶעהמֶען אַלְס אָפִיצִיער אִין זַיין בריגאַדע אוּנ וָואס עֶר הָאט אִיהם גֶערַאטְהֶען. דֶעם פְרַיינְד הָאט עֶר דֶערְצֶעהלְט, וִויא דִיא אָפִיצִירען פוּן דֶער בריגאַדע פָאן ראַקאָוויץ הֶערְוַויטֶערְן זִיךְ פוּן אִיהם, וִוילֶען מִיט אִיהם נִיט רֵיידֶען, פֶערְלַאכֶען אִיהם אוּנ זָאגֶען אִיהם שְׁטֶעכְוֶוערְטְלַאךְ.

גבריאל הָאט גֶערֶעט עֶרְנְסְט אוּנ פַייעֶרְלִיךְ, עֶר הָאט גֶערֶעט פוּן גַאנְצֶען הֶערְצֶען, אַלֶעס, וָואס אִיז אָנְגֶעדְרָאלְלֶען אוּנ אָנְגֶעשְׁוָואלְלֶען אִין זַיין הֶערְצֶען אִין דִיא לֶעצְטֶע עֶטְלִיכֶע וָואכֶען, הָאט עֶר אוֹיסְגֶעשָׁאטֶען פַאר זַיין בֶּעסְטֶען, טְרַייעֶסְטֶען אוּנ עֶהרְלִיכְסְטֶען פְרַיינְד.

גאָטשאַלק הָאט אִיהם אוֹיסְגֶעהֶערְט אוֹיפְמֶערְקְזַאם אוּנ הָאט זִיךְ פֶערְטְרַאכְט, עֶר אַלְס קְרִיסְט, הָאט זֶעהְר גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז גענעראַל ראַקאָוויץ הָאט רֶעכְט גֶעהַאט.

— אִיךְ דֶענְק, אַז דוּא דַארְפְסְט פָאלְגֶען דֶעם גוּטֶען רַאטְה פוּנ'ם בריגאַדע גענעראַל, עֶר הָאט עֶס גֶעמֵיינְט גַאנְץ גוּט מִיט דִיר.

— אַלְזָא מוּז אִיךְ וֶוערְן אַ קוֹיפְמַאן, אַ שַׁאכֶערֶער? — הָאט גבריאל גֶעפְרֶעגְט טְרוֹיעֶרִיג, — דָאס רַאטְה מִיר מַיין גוּטֶער אוּנ עֶדֶעלֶער פְרַיינְד גאָטשאַלק?

— מַיין גוּטֶער וואָלף, אִיךְ זֶעה פַאר דִיר נוּר צְוַוייא וֶועגֶען, הָאט גאָטשאַלק גֶעעֶנְטְפֶערְט עֶרְנְסְט, — דוּא מוּזְט וֶוערְן ווִיעדֶער אַ קוֹיפְמַאן, וִויא דַיין שווִיגר-פאָטער אוּנ וִויא דִיא אִיבֶּערִיגֶע אִידֶען פוּן מיסלאָוויץ, אָדֶער... דוּא מוּזְט זִיךְ טוֹיפֶען אוּנ וֶוערְן אַ קְרִיסְט.

גבריאל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען וִויא אַיין אָפְגֶעבְּרִיהטֶער אוּנ הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען:

— דָאס רַאטְהסְט דוּא מִיר? — דוּא, מַיין בֶּעסְטֶער פְרַיינְד? דוּא הֵייסְט מִיר וֶוערְן אַ שְׁווִינְדְלֶער, אַ שַׁאכֶערֶער, אַ הֶענְדְלֶער, אַ שְׁמוּגְלֶער, אָדֶער מִיךְ אָפְזָאגֶען פוּן מַיין גְלוֹיבֶען? אִיז דֶער גְלוֹיבֶען אַזַא קְלֵיינִיגְקַייט, אַז מֶען קֶען אִיהם אוֹיסְטָאהן אוּנ אַוֶועקְוַוארְפֶען, וִויא מֶען ווארְפְט אַוֶועק אַ שְׁמוּצִיגֶעס הֶעמְד?

— לִיעבֶער, גוּטֶער וואָלף! דוּא בִּיסְט בֶּעלֵיידִיגְט, דוּא בִּיסְט גֶערֵייצְט, דוּא בִּיסְט אוֹיפְגֶערֶעגְט אוּנ דֶערְפַאר בִּיסְט דוּא אוּנְגֶערֶעכְט, וָואס אִיז דֶען דָאס יוּדֶענְטְהוּם אוּנ וָואס אִיז דֶען דָאס קְרִיסְטֶענְטְהוּם, עֶס אִיז דָאךְ דִיעזֶעלְבֶּע רֶעלִיגְיָאן, נוּר דִיא פָארְמֶען, דִיא צֶערֶעמָאנְיֶען זַיינֶען אַבִּיסֶעל פֶערְשִׁידֶען, קוּק זִיךְ בֶּעסֶער צוּ צוּם קריסטענטהום אוּנ דוּא וֶועסְט גֶעפִינֶען, אַז עֶס אִיז דִיעזֶעלְבֶּע רעליגיאָן, וִויא דָאס יודענטהום, יעזוס קריסטוס אִיז דָאךְ אוֹיךְ גֶעוֶוען אַ אִיד.

— כּאַן פֿאַר וואָס פֿערראַכט מען דעם אידען? פֿאַר וואָס פֿערפֿאָלגט מען דעם אידען? פֿאַר וואָס קען מיך גענעראַל פֿון ראַקאָווין ניט אויפֿגעהמען אין זיין בריגאַדע?

— דאָס איז פֿאַנאַטיזמוס, אַבערגלויבען, דומהייט! האָט גאָטשאַלק אויסגערופֿען.

— אָבער איך לייד דאָך פֿון דיעזען פֿאַנאַטיזמוס? פֿאַנאַטיזמוס, אַבערגלויבען און דומהייט קענען מיר ערוואַרטען פֿון דער מאַסע, פֿון נאַרישען פֿאָלק, אָבער ניט פֿון דיא העכערע קלאַסען.

— דער פֿאַנאַטיזמוס איז אַ קראַנקהייט, וועלכע פֿאַלט אָן אויף'ן געבילדעטען וויא אויף'ן אונגעבילדעטען, — האָט גאָטשאַלק ערקלערט, — דיא האָלערע פֿרעגט ניט, אויב איהר אָפּפֿער איז געבילדעט אָדער ניט, און דער פֿאַנאַטיזמוס איז ערגער פֿון דער האָלערע.

גבריאל איז געווען אויסער זיך, ער האָט געהאָפֿט, אַז זיין פֿריינד וועט איהם טרייסטען און וועט איהם געבען אַ גוטען ראַטה, וואָס ער זאָל טאָהן און צו וועמען ער זאָל זיך ווענדען, און צום סוף האָט איהם גאָטשאַלק געראַטהען דאָסזעלבע וואָס גענעראַל פֿאָן ראַקאָווין, און האָט נאָך צוגעלייגט אַביסעל פֿעפֿער דערמיט, וואָס ער האָט איהם געראַטהען, ער זאָל זיך טויפֿען.

— ניין, ניין און ניין! — האָט ער אויסגערופֿען, — דאָס פֿאַטערלאַנד און דער קעניג קענען ניט פֿערלאַנגען, איך זאָל ענדערען מיין גלויבען.

זייא האָבען נאָך אַוועקגערעדט איינינע צייט און זיינען זיך צונאַנגען.

גאָטשאַלק האָט געבעטען גבריאל'ן, ער זאָל אָפֿט קומען איהם בעזוכען אין צאַל־אַמט גבריאל האָט צוואַר צוגעזאָגט, אָבער מיט אַ האַלבען הערצען, ער האָט יעצט געמאַכט דיא טרויעריגע ערפֿאַהרונג, אַז זיין בעסטער פֿריינד, דער גוטער און געבילדעטער גאָטשאַלק, איז אויך אַ קריסט און אַלס קריסט קען ער דעם אידען ניט ליעבען וויא זיינעס גלייכען.

דאָס האָט נאָך מעהר געקרענקט דעם אָרעמען גבריאל, וויא זיין געשפּרעך מיט'ן גענעראַל פֿאָן ראַקאָווין, וועלכער איז ווענינסטענס אַבאַראָן און אַן אַלטער סאָלדאַט, גאָטשאַלק איז דאָך אָבער אַזאַ מיוחס וויא גבריאל, ער איז דאָך אויך ניט מעהר וויא דער זוהן פֿון אַ בויער.

טרויעריג, ניעדערגעשלאָגען און פֿערצווייפֿעלט איז גבריאל געגאַנגען אַ היים און האָט זיך פֿערשפּאַרט אין זיין צימער, וואו ער האָט זיך גוט אויסגעוויינט.

## 6.

# אוים אָפּיציר!

דיא ליידען פון'ם אידישען אָפּיציער האָבען זיך אָבער ערשט אָנגעהויבען.

וואס גענעראל פאן ראַקאָוויץ האָט איהם פערטרויט אַלס געהיימניס, איז באַלד געוואָרען בעקאַנט, עס איז אָנגעקומען אַ בעפעהל פון קריעגס-מיניסטער, אַז אַלע אידישע אָפּיצירען מוזען אַרויסטרעטען פון דער אַרמעע.

דער בעפעהל איז געוועזען שטרענג, אונגערעכט, אונמענשליך, אונ פיעל שטרענגער אונ האַרטער, וויא דער גוטער פאן ראַקאָוויץ האָט עס גערעכענט.

אַלס קאָמענדאַנט פון מיסלאָוויץ האָט גענעראל פאן ראַקאָוויץ געמוזט שיקען רופען גבריאל'ן איהם פאַרלעזען דעם בעפעהל פון'ם קריעגס-מיניסטער אונ פאָדערן פון איהם, ער זאָל זיך אָפּזאָגען פון מיליטער.

— איך מוז אייך נאָך עפּעס זאָגען, מאַיאָר וואָלף האָט דער גענעראל געזאָגט שטילערהייט, — פון היינט אָן טאָרט איהר ניט טראָגען אויף דער נאָם דעם מונדיר פון איין אָפּיציער.

גבריאל איז שיער ניט אויפגעשפּרונגען פאר שמערץ אונ פערדרוס, פאן ראַקאָוויץ האָט ווירקליך געהאַט מיטלייד מיט איהם, ער האָט אָבער גאָר ניט געקענט העלפען, ער האָט געמוזט אויספאָלגען, וואס מען האָט איהם געהייסען.

גבריאל איז געשטאַנען, וויא אַ צומישטער, ער האָט ניט געגלויבט זיינע אויגען, ער האָט זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלען, אַז דער זעלבער קעניג, וועלבער האָט מיט פיער יאָהר צוריק אַזוי געבעטען אַלעמען, אַז זייא זאָלען פערטהיידיגען זייער פאַטערלאַנד, אונ דערביי האָט ער דערקלערט, אַז עס איז גאָר קיין אונטערשיעד פון מענש צו מענש, פון גלויבען צו גלויבען, אונ פון רעליגיאָן צו רעליגיאָן, — דער זעלבער קעניג זאָל יעצט צווינגען זיינע בעסטע אונ טרייעסטע אָפּיציערען, זייא זאָלען אַרויסטרעטען פון דער אַרמעע.

— דאָס איז אונמעגליך! האָט גבריאל אויסגערופען!

— אָבער דאָך וואָהר, — האָט גענעראל פאן ראַקאָוויץ בעמערקט שטילערהייט.

גבריאל האָט זיך פערנייגט פאַר'ן גענעראל אונ איז אַרויסגעגאַנגען



אין

אין דרויסען, ער האט אקוק געטאהן אויף זיין מונדיר און האט געמורמעלט:

— אלזא צום לעצטען מאל טראג איך דיעזע עפאלעטען, וועלכע איך האב פערדיענט מיט מיין בלוט, מארגען טאר איך זיי שוין ניט טראגען, איך מוז צוריק ווערן וואס איך בין געוועזן, איך מוז ווערן א ליעפעראנט, אדער „לעבען פון דער גרענץ”, וויא אלע מיינע ברידער.

גלייך, וויא קאלך, שרעקליך אויפגערעגט, מיט פערביסענע ליפען איז ער געקומען אהיים און האט פון זיך אראפגעווארפען דעם מונדיר מיט דיא עפאלעטען, מיט דיא מעדאליען, דאן האט ער אויסגעטאן זיין לאנגען אויסגעפוצטען שווערד און האט איהם איופגעהאנגען אויף א נאגעל.

רחל'ע האט באלד פערשטאנען, אז דאס איז עפעס ניט גלאט, זיא איז צוגעלאפען צו איהר געליעבטען מאן און האט איהם געפרעגט:

וואס איז דיר עפעס גבריאל? אום גאטעס ווילען! וואס איז געשעהען.

איינינע מינוטען האט גבריאל געשוויגען, ער האט ניט געוואלט בע־טריבען זיין געליעבטע פרוי, זיא האט איהם אבער ניט אפגעלאזען און האט איהם געבעטען ער זאל איהר מיטטהיילען זיינע ליידען, ביז ער האט נאכגעגעבען.

ער האט ארויסגענומען פון קעשענע א בויגען פאפיער און האט אויס־גערופען מיט טרעהרען אין דיא אויגען:

— נא, לעז! — מען האט מיך ארויסגעיאגט פון מיליטער, נור ווייל איך בין א איד!

רחל'ע האט איבערגעלאזען דיא קאפיע פון'ם בעפעהל, וועלכע גענעראל פאן ראקאוויץ האט איבערגעגעבען גבריאל'ן.

עס האט איהר צוואר זעהר פערדראסען, פאר וואס מען האט בעהאנדעלט איהר מאן אזוי אונגערעכט; עס האט איהר צוואר זעהר געקרענקט, וואס איהר מאן האט געמוזט ארויסטרעטען פון דער ארמעע און מען האט איהם פערבאטען צו טראגען דיא אוניפארם פון א מאיאר, אין הערצען אבער איז זיא געוועזן צופריעדען מיט'ן בעפעהל פון'ם קעניג.

אלס גוטע, שטילע, עהרליכע, געטריייע און ליעבענדע אידישע פרוי האט זיא בעסער געוואלט, איהר מאן זאל בלייבען אין דער היים און זאל זיך נעהמען צום מסחר, זיא האט מורא געהאט, אז עס זאל ווידער ניט אויסברעכען א קריעג און גבריאל זאל ווידער ניט מוזען געהן אין קריעג.

זיא האט אלזא געזוכט צו בערוהיגען איהר מאן, איהם צוטרייסטען,

איהם אויסצורעדען און איהם צו בעווייזען, אז עס איז בעסער אזוי.

גבריאל איז אבער געווען אויסער זיך און האט ניט געוואלט הערן, וואס זיין גוטע, ליעבענדע פרוי האט איהם געזאגט.

— דוא ווייסט גאר ניט וואס דוא רעדסט! — האט ער געשריען פול מיט צארן, — מען האט דאך מיך ארויסגעיאגט ווי א הונט! — איך האב טויזענד מאל איינגעשטעלט מיין לעבען פאר מיין קעניג און מען האט מיר פערבאטען צו טראגען דעם מונדיר, וועלכען מיין קעניג האט מיר געשענקט אלס עהרען-קלייד!

— וואס קענסט דוא אבער העלפען? — א איד איז אין גלות און ער מוז ליידען, — האט די גוטע רחל'ע געטרייסט איהר מאן.

— איך וועל עס ניט שווייגען! — האט גבריאל געשריען.

— וואס קענסטו דען העלפען?

— איך וועל פאהרען קיין בערלין, וועל מיך פארשטעלען פארן קעניג און וועל מיך בעקלאגען אויפ'ן קריעגס-מיניסטער, איך וועל געהן צו פירסט-בליכער און וועל איהם דערצעהלען ווי מען בעהאנדעלט זיינע געטריייע אפיציערען, — איך וועל —

— אך, גבריאל! דאס וועט דיר וועניג העלפען, — האט רחל'ע געזיפצט, — ווי איך פערשטעה, ווייס דער קעניג פונ'ם בעפעהל פון קריעגס-מיניסטער, פיעלייכט האט דער קעניג אליין איהם געהייסען ארויסגעבען אזא בעפעהל, ער וועט דיר אלזא גאר ניט ענטפערן, מען וועט דיר גאר ניט צולאזען צו איהם.

די איינפאכע רחל'ע האט מיט איהר איינפאכען, געזונדען מענשען-פערשטאנד בעסער פערשטאנען, וואס דא קומט פאר, ווי דער קלוגער, אבער אונרוהיגער גבריאל.

— טוה מיר צוליעב, מיין טייערער מאן, און הער אויף צו דענקען פון מיליטער, דוא האסט בעוויזען, אז דוא ביסט פעהיגער פון הונדערטער גראפען און באראנען, זיי דערמיט צופריעדען, שפיי אויס אויף זיי און געהם זיך בעסער צום מסחר.

— זיך נעהמען צום מסחר! — האט גבריאל געברומט, דערפאר האסט מען אונז דאך, דערפאר פעראכטעט מען אונז, דערפאר שרייט מען, אז דער איד איז א שאכערער, א שווינדלער, א בעטריעגער, א הויט-שינדער, איך האב מיך געריסען צו ווערן עפעס בעסערעס אלס א קויפמאן, איך פיהל אין מיר די קראפט און די פעהיגקייט צו קאמאנדירען איין ארמעע, איינצונעהמען פעסטונגען, בעזיעגען א פיינד און ווייזען דער

װעלט, אז דער איד איז פעהיג, אז ער טויג צו אלעס, און דוא הייסט מיר זיך גערעהמען צום מסחר!

דיא גוטע רחל'ע האט ניט געוואוסט וואס איהם צו ענטפערן און האט אויסגעטראכט עפעס נייעס.

ווייסט דוא וואס גבריאל? דער איבער מיט'ן פאטער, — האט זיא געזאגט, — דער פאטער איז איין עלטערער מענש, א קלוגער מענש, וועלכער איז שוין געפאהרען עטליכע מאל אין בערלין און איז בעקאנט מיט גענעראלען, גראפען און פירסטען, ער וועט שוין דיר ראטהען, וואס דוא זאלסט טאהן.

גבריאל איז דערמיט געוועזען צופריעדען. ער האט זעהר געשעצט זיין שוויגער-פאטער און האט איהם געהאלטען פאר א קלוגען, פראקטישען מענשען, וויא ר' שמואל ארענשטיין איז ווירקליך געוועזען.

אבענדס איז ר' שמואל ארענשטיין געקומען אהיים און נאך'ן עסען האט איהם גבריאל דערצעהלט אלעס, וואס ער האט געהערט ביי'ם גענעראל פאן ראקאוויץ.

ר' שמואל ארענשטיין האט אלעס אויסגעהערט אויפמערקזאם און האט געשאקעלט טרויעריג מיט'ן קאפ.

— איך האב שוין בעמערקט זייט איינינע צייט, אז דוא וועסט זיך ניט קענען האלטען אין דער ארמעע, — האט ער געזאגט, — איך האב גערעדט מיט אפיציערען, בעאמטע און גענעראלען, ניט פון דיר, זאנדערן אים אלגעמיינעם, אויב אידען וועלען האבען אין פרייסען גלייכע רעכטע מיט ניט אידען, דיא עהרליכסטע און ערנסטע מענער האבען מיר געגעבען צו פערשטעהן, אז אידען וועלען פיעלייכט האבען גלייכע רעכטע מיט ניט אידען, אבער נור אויף פאפיער, דאס געזעץ וועט זיא געבען דיא רעכטע, דיא געזעלשאפט וועט אבער אוועקנעהמען פון זיי דיעזע רעכטע.

— דאס איז דאך אבער נידערטרעכטיג. — האט גבריאל אויסגערופען.

— עס איז אבער אזוי, — האט ר' שמואל ארענשטיין געענטפערט רוהיג, ווען פרייסען איז געלעגען צו דער ערד און נאפאלעאן האט עס געטראטען מיט דיא פיס, דאמאלס האט מען אונז צוגעזאגט גאלדענע בערג, מען האט געדארפט אונזער געלד און אונזערע קרעפטען, יעצט, ווען פרייסען איז ווידער געווארן גרויס און שטארק, שרייט מען שוין ווידער, העפ! העפ! און מען טרייבט ארויס דיא אידישע אפיציערען פון דער ארמעע, אזוי איז שוין אונזער שיקזאל, גאט וויל אזוי און מיר מוזען איינבויגען דעם קאפ און ווארטען, ביז ער וועט אונז שיקען דעם גואל

צדק, וועלכער וועט אונז אויסלייזען פון אלע אונזערע ליידען.

— אזוי לאנג וויל איך ניט ווארטען! — האט גבריאל אויסגערופען, — ווען מען איז אונגערעכט געגען מיר, מוז איך מיך ראנגלען, איך וועל מיך ווענדען צום פירסט–בליכער, צום קעניג אליין.

— מיין ליעבער גבריאל, מיט'ן קאפ וועסט דוא די וואנט גוט דורכברעכען, האט ר' שמואל ארענשטיין געזאגט ערנסט אונ טרויעריג, — גלויב מיר, מיין זוהן, אז ווען דוא וועסט פאהרען קיין בערלין אונ וועסט שוין רעדען מיט פירסט–בליכער אונ מיט'ן קעניג, וועסט דוא דערפון אויך גאר גישט האבען, דו וועסט נור האבען אונאנגענעהמליכקייטען אונ קרענקונגען אונ וועסט נאך זיין צופריעדען, ווען מען וועט דיך לאזען רוהיג קומען צוריק אהיים.

גבריאל איז ניט געוועזען צופריעדען מיט זיין שוויגער-פאטער'ס מיינונג אונ ער האט זיך געווענדעט מיט בריעף צו איינינע בעקאנטע אידישע אפיציערען אין בערלין, ער האט זיי געשריעבען, אז עס וואלט גלייך געוועזען, אז זיי זאלען זיך פערזאמלען אונ זאלען זיך ווענדען צום קעניג, אדער זיי זאלען וועניגסטענס פראטעסטירען צום קריעגס-מיניסטער געגען דעם אונמענשליכען בעפעהל.

אין עטליכע טעג ארום האט ער ערהאלטען איין אנטווארט פון צוויא קאמעראדען, וועלכע האט ביי איהם צוגענומען די לעצטע האפנונג, מען האט איהם געשריעבען, אז אין בערלין האסט מען אונ מען פעראכטעט דעם אידען נאך פיעל ערגער, וויא אין דער פראווינץ.

— איינער, א געוויסער וואלדארף, דער זוהן פון גאנץ רייכע עלטערן, האט איהם געשריעבען גאנץ דייטליך, ער זאל זיך בעסער געהמען צום מסחר אונ זאל גאר פערגעסען, אז ער האט אמאל געטראגען עפאלעטען פון איין אפיציער.

גבריאל איז געוועזען פערצווייפעלט.

ווען ער איז אוועקגעפאהרען אין קריעג, האט ער געהאט א קאפיטאל פון איינינע טויזענד טאהלער, מיט וועלכע ער האט געמאכט געשעפטען צוזאמען מיט'ן שוויגער-פאטער, אין דער צייט פון קריעג האט ער עטליכע מאל פערלאנגט געלד אונ מען האט איהם געשיקט. זיין פרוי מיט'ן קינד האבען אויך געדארפט לעבען, געלד איז אוועקגעגאנגען אונ פערדיענט האט מען ניט.

זיין גאנצעס פערמעגען איז יעצט בעשטאנען פון צוויי טויזענד טאהלער, וועלכע זיין שוויגער-פאטער האט אוועקגעגעבען אין זיכערע הענד אויף פראצענט. לעבען פון'ם פראצענט האט ער ניט געקענט,

ער האט אַלזאָ געמוזט אָנהויבען פון אָנפאַנג און זוכען זיך עפּעס אַ מסחר.

וואס טהוט מען אָבער? וואס פאר אַ געשעפט מאַכט מען זיך אָבער? איהם איז ניט אָנגעשטאַנען צו עפּענען נאַ קראַם און ער מיט זיין פרוי זאָלען פערקויפען צעהן עללען לייוועגד צו אַ גוי און זיך אַוועק-דינגען מיט איהם דריי שטונדען אום צו פערדיענען ביי איהם אַ פיערטעל טאַהלער, קיין אַנדערע בעסערע געשעפטען איז אין מיסלאָוויץ ניט געווען.

גבריאל איז געווען פערצווייפעלט.

# 7.

# קיין אַמעריקאַ!

אַזוי זיינען וויעדער פערגאַנגען איינינע וואָכען, גבריאל פלעגט אַרומגעהן, וויא אַ צומישטער און האט ניט געוואוסט, וואס צו טאָהן און צו וואס זיך צו נעהמען.

אונטערדעסען זיינען ר' שמואל אָרענשטיין'ס געשעפטען אויך ניט געגאַנגען וויא צום בעסטען.

עס האט אָנגעהויבען זיך אַרוים צו ווייזען אַ בעזאָנדערער האס געגען אידען און מען האט אָנגעהויבען איהם צו קוקען אויף דיא פינגער, ער האט געליעפערט אַ טראַנספּאָרט שטיעפעל פאר אַ באַטאַליאָן, וועלכער איז געשטאַנען איינינע מייל ווייט פון מיסלאָוויץ, דעם אָפיציער, וועלכער האט איבערגענומען דיא שטיעפעל, איז דיא וואָרע ניט געפעלען און ער האט דיא ניט געוואָלט אָננעהמען.

עס האט געקאָסט ר' שמואל אָרענשטיין פיעל געלד, מיה און צייט, ביז מען האט ענדליך צוגענומען זיינע ליעפערונגען.

אויך זיינע אַנדערע געשעפטען זיינען געגאַנגען אין דער לעצטער צייט זעהר שלעכט, אַזוי וויא גבריאל איז געווען דער איינציגער מענש אין ר' שמואל אָרענשטיינ'ס הויז, מיט וועמען מען האט געקענט רעדען פון געשעפטען, פלעגט ר' שמואל אָרענשטיין איהם אַלעס דערצעהלען, און איהם אַלעס פערטרויען, ער פלעגט זיך בעראַטהען מיט איהם, וויא אַ פאָטער מיט אַ געליעבטען זוהן.

— דאס פלעגט אָבער נאָך מעהר בעטריבען דעם אונגליקליכען

גבריאל. ער האט איינגעזעהן, אז ער מוז עפּעס טאהן, ער מוז זיך נעהמען צום מסחר, ער מוז אוים זוכען עפּעס א געשעפט, פון וועלכען ער זאל קענען לעבען, וואו נעהמט מען אבער אזא געשעפט? וואו געפינט מען אזא מסחר?

ער איז שוין געוועזען אפּגעריסען פון מיסלאָוויץ, ער האט שוין פערגעסען, וואס פאר געשעפטען מען מאכט דא, דער קריעג האט פיעלעס געענדערט, עס זיינען געוואָרען נייע פערהעלטניסע און נייע בעדירפניסע.

גבריאל איז געוועזען אונגליקליך, ער פלעגט ארומגעהן וויא א שאטען און האט זיך ניט געקענט ווענדען, ניט צו אידען, ניט צו קריסטען.

רחל'ע האט עס אויך געפיהלט און איז געוואָרען טרויעריג און בלייך, זיא איז שטענדיג געוועזען א שוואכע, קרענקליכע פרוי, אין דער לעצטער צייט אבער, האט זיא אזוי שטארק געליטען, אז זיא איז ערנסט קראנק געוואָרען, אויסער דעם האט זיא זיך ווייטער געפיהלט מוטער און האט געהאט א זעהר שווערע שוואנגערשאפט.

פלוצלונג האט פּאסירט א נייעס אין דער פאמיליע ארענשטיין, וועלכע האט ארויפגעבראכט גבריאל'ן אויף גאנץ אנדערע געדאנקען.

מיר האבען שוין פארגעשטעלט דעם לעזער דיא מומע חיה און האבען דערצעהלט אז זיא האט געהאט א זוהן אין אמעריקא.

אין א שעהנעם פריה מארגען האט מען גערופען דיא מומע חיה אויף דער פאסט.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא דיא איינפאכע מוהמע חיה, וועלכע האט נור געוואוסט פון איהר טעפּעל און איהר לעפעל, וויא אזא איינפאכע פרוי האט זיך דערשראקען, ווען זיא האט ערהאלטען א פארלאדונג צו קומען אויף דער פאסט.

זעלבסט פערשטענדליך, אז ר' שמואל ארענשטיין האט געמוזט געהען מיט איהר און זעהן, וואס מען וויל פון דער ארימער מוהמע חיה.

אויף דער פאסט האט מען איהם דערלאנגט א שווערען בריעף מיט פיעלע רויטע זיעגעל, דער בריעף איז געוועזען רעקאמאנדירט מיט איין אנטוואָרט־קארטע, וויא עס איז דאמאלס געוועזען דיא מאָדע.

ר' שמואל ארענשטיין האט געמוזט זיך אונטערשרייבען אין פינף ביכער, אז מוהמע חיה האט ריכטיג ערהאלטען דעם בריעף.

דער בריעף איז געוועזען פון אמעריקא.

— פון מיין לייבעלע! האט דיא מוהמע חיה אויסגערופען פול פרייד.

לייבעלע איז שוין זייט פיער יאהר געוועזען אין אמעריקא אין דער

באשטימטער צייט פון דיעזע פיער יאהר האט דיא מוהמע חיה פון איהם ניט ערהאלטען קיין איינציגעס וואָרט און קיין איינציגע נאָכריכט, זיא איז געוועזען זיכער, אז ער איז געשטאָרבען און זיא האט איהם שוין בעוואיינט און בעטרויערט.

מען קען זיך דענקען, וויא גרויס עס איז געוועזען דיא פריידע פון דער מוהמע חיה ווען זיא האט פּלוצלונג ערהאלטען א בריעף פון אמעריקא.

זיא איז מיט איהם געלאָפען אהיים אזוי געשווינד, אז ר׳ שמואל האט איהר ניט געקענט איינהאלטען.

אויפגערעגט, פערוויינט און פערסאָפּעט איז זיא אריינגעפאלען אין צימער און האט דעם בריעף דערלאנגט גבריאל׳ן.

— עפענט, איך בעט אייך! לעזט! זאָגט מיר, וואס מיין לייבעלע שרייבט מיר! האט זיא אויסגערופען האסטיג און האט אנגעהויבען צו וויינען.

אונטער דעסען איז ר׳ שמואל ארענשטיין אויך אנגעקומען אהיים. דיא גאנצע פאמיליע האט זיך יעצט געזעצט ארום דעם גרויסען טיש און גבריאל האט גענומען א שעריל און האט לאנגזאם און פארזיכטיג אויפגעשניטען דעם קאָנווערט.

אינעווענדיג איז געלעגען א לאנגער בריעף, אנגעשריעבען אויף עטליכע בויגען פאפּיער און פופציג דאָללאר אמעריקאנישעס פאפּיער געלד.

דיא מוהמע חיה האט געוויינט, געטאנצט, געשפּרונגען און געלאכט פאר פרייד, — פופציג אמעריקאנער דאָללאר איז אין מיכלאָוויץ א גאנצער פערמעגען, זאָגאר אין אונזער צייט, דאמאלס איז עס געוועזען א קאפּיטאל.

גבריאל און ר׳ שמואל ארענשטיין האבען זיך ווייניגער אינטערעסירט מיט דיא פופציג דאָללאר, וויא מיט׳ן בריעף.

גבריאל האט אנגעהויבען צו לעזען:

„לכבוד אמי מורתי הצנועה, החכמה מרת חיה תחיה".

„איך מעלדע דיר, מיין ליעבע מוטער אז איך בין געזונד, האב אויף מיר קיין פעראיבעל, וואס איך האב דיר ביז אהער ניט געשריעבען, איך האב עס ניט געקענט, ווייל איך האב ניט געוואלט דיך מצער זיין מיט מיינע יסורים".

„עס איז מיר אנפאנגס געגאנגען זעהר שלעכט, איך האב געארבייט פיעל שווערער, וויא אונזערע עלטערן האבען געארבייט ביי פרעה׳ן אין מצרים, און איך האב קוים פערדיענט אזוי פיעל, אז איך זאל האבען גענוג צו עסען, איך וואלט פיעלייכט מעהר פערדיענט, ווען איך וואלט געקענט

רֶעדֶען עֶנְגְלִישׁ, אַזוֹי וִויא אִיךְ אָבֶער פֶערְשְׁטַאנֶען נוּר דַייטְשׁ, הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעהַאט וואוּ צוּ פֶערְדִיעֶנֶען".

„עֶנְדְלִיךְ הָאבּ אִיךְ מִיךְ אויסְגֶעלֶערְנְט רֶעדֶען עֶנְגְלִישׁ, אוּנ מֶען הָאט מִיךְ גֶעזָאגְט, אַז מִיט פֶעדְלֶען קֶען מֶען פֶערְדִיעֶנֶען מֶעהר גֶעלְד, וִויא מִיט דֶער אַרְבֵּייט, אִיךְ הָאבּ מִיר צוּנוֹיפְגֶעלֶעגְט עֶטְלִיכֶע דאָללַאר אוּנ בִּין גֶעוָוארֶען אַ פֶעדְלֶער, אוֹיף דַייטְשׁ הֵייסְט עֶס אַ הוֹזִירֶער".

„אִין אַמעריקאַ דַארְף מֶען קַיין רֵייזֶע פַּאס אוּנ מֶען הָאט נִיט מוֹרָא פַאר דִיא זשַאנדַארמען, וַוייל אִין אַמעריקא זַייגֶען גָאר נִיטָא קַיין זשַאנדַארמען, יעֶדֶער מֶעג פָאהרֶען, וואוּהִין עֶר וִויל, אוּנ גֶעהְן, וואוּ עֶר וִויל, דִיא פָּאלִיצֵיי אִין אַמעריקאַ זָאגְט קַיינֶעם נִיט אַ וָוארְט, פַאר וָואס עֶר טְהוּט אַזוֹי אוּנ נִיט אַנְדֶערְשׁ. — אַמעריקאַ אִיז אַזַא זָאנְדֶערְבַּארֶעס לַאנְד, וואוּ אַלְלֶע מֶענְשֶׁען זַיינֶען גְלַייךְ, מֶען וֵוייס קַיין אוּנְטֶערְשִׁיעד פוּן אַ אִיד אָדֶער אַ קְרִיסְט".

„אִיךְ הָאבּ גֶעקוֹיפְט פִיר עֶטְלִיכֶע דאָללַאר סְחוֹרָה אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט נוּי-יאָרק, אַזֶעהר גְרוֹיסֶע שְׁטָאדְט, וֶועלְכֶע אִיז גְרֶעסֶער פִיעלְלֵייכְט פוּן בערלין, אוּנ אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פֶעדְלֶען אִין דִיא דֶערְפֶער אוּנ בֵּיי דִיא בּוֹיעֶרְן, אִין אַמעריקאַ הֵייסֶען זֵיי פַארמֶער".

„אִיךְ הָאבּ גֶעפֶּעדְעלְט אִין אַ לַאנְד וֶועלְכֶעס הֵייסְט קָאנֶעקְטִיקוּט, עֶס אִיז נִיט גַאנְץ וַוייט פוּן נִיוּ-יאָרק. אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פֶערְדִיעֶנֶען גֶעלְד, אִיךְ הָאבּ אִין זֶעקְס מָאנַאט גֶעמַאכְט דְרַייא הוּנְדֶערְט דאָללַאר, אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען גְלִיקְלִיךְ אוּנ הָאבּ שׁוֹין גֶעוָואלְט דִיר שִׁיקֶען גֶעלְד, פְּלוּצְלוּנְג אָבֶער בִּין אִיךְ קְרַאנְק גֶעוָוארֶען אִין אַ שְׁטָאדְט, וֶועלְכֶע הֵייסְט נִיוּ-הֶעווען".

„אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אַ פְרֶעמְדֶער אִין יֶענֶע שְׁטָאדְט אוּנ מִיר אִיז אוּמְגֶעקוּמֶען צוּ שְׁטַארְבֶּען אוֹיף דֶער גַאס, צוּם גְלִיק זַיינֶען צוּגֶעקוּמֶען צוּ מִיר מֶענְשֶׁען אוּנ הָאבֶּען מִיר גֶעפְרֶעגְט וֶוער אִיךְ בִּין, אִיךְ הָאבּ זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז אִיךְ בִּין אַ אִיד פוּן מיסלאָוויץ, אִין פריסען".

„עֶס אִיז צוּגֶעקוּמֶען צוּ מִיר אַ הוֹיכֶער, שֶׁעהֶנֶער מַאן אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעדֶען מִיט מִיר אוֹיף דַייטְשׁ, אִיךְ הָאבּ אִיהם דֶערְצֶעהלְט, וֶוער אִיךְ בִּין אוּנ אַז אִיךְ הָאבּ נָאךְ אַיין אַלְטֶע מוּטֶער אִין דֶער הֵיים.

„דִיעזֶער מַאן הָאט מִיךְ גֶענוּמֶען צוּ זִיךְ אַ הֵיים אוּנ הָאט מִיךְ בֶּעהַאנְדֶעלְט, וִויא זַיין אֵייגֶען קִינְד, אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט אַ נֶערְוֶוען-פִיעבֶּער אוּנ בִּין גֶעוֶועזֶען גֶעפֶעהְרְלִיךְ קְרַאנְק עֶטְלִיכֶע וָואכֶען.

„עֶנְדְלִיךְ בִּין אִיךְ גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען אוּנ בִּין גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, אַז דֶער מַאן, אִין וֶועמֶעס הוֹיז אִיךְ גֶעפִין מִיךְ, אִיז אוֹיךְ אַ אִיד פוּן פָּאזֶען



אין

אין פריטען, ער איז שוין לאנג אין אמעריקא אונ איז דארט רייך געווארען, ער איז זאגאר דער סיטי מעיאר פון שטאדט, אזוי וויא ביא אונז דער בירגערמייסטער, אין אמעריקא מעג א איד ווערן א בירגער-מייסטער, איין אפיציער, א געגעראל אונ וואס ער וויל, ווייל אין אמעריקא זיינען אלע גלייך.

„איך בין איהם געפעלען אונ איך בין געבליבען ביי איהם אין געשעפט, איך וואלט פיעללייכט בעסער געגאנגען פעדלען, ווייל מיט'ן פעדלען קען מען פערדיענען פיעל געלד אין אמעריקא, אבער מיר איז געפעלען דיא טאכטער פון מיין וואלטהעטער, דיא קלוגע אונ שעהנע בעקקי, ביי אונז הייסט עס רבקה.

„איך בין אלזא געבליבען ביים גוטען אברהם סמידט אונ איך בין יעצט דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט, חייל איך בין פערלאבט מיט דער גוטער אונ שעהנער בעקקי.

„מיין שוויגער-פאטער איז איין אנגעזעהענער מענש אין גיו-יארק אונ ער זאגט מיר צו, אז איך וועל געוועהלט ווערן אלס אלדערמען, דאס הייסט, א מיטגליעד פון'ם שטאדט ראטה, וואס א איד קען ניט ווערן אין פריסען.

„איך שיק דיר הערוייל פונפציג דאללאר, דוא זאלסט זיך אויס-קליידען, איך וויל אבער, אז דוא זאלסט אריבערקומען צו מיר קיין אמעריקא אונ זאלסט בלייבען ביי מיר אויף דייגע אלטע יאהרען, איך בין גענוג רייך אום דיר צו פערזארגען, דוא וועסט ביי מיר גאר ניט טאהן, דוא וועסט עסען אונ טרינקען אונ זיך אויסרוהען.

„שרייב מיר, ליעבע מוטער, אויב דוא ווילסט פאהרען צו מיר, וועל איך דיר שיקען הונדערט דאללאר אויף רייזע-קאסטען, איך ווייס, אז עס איז א ביסעל שווער צו פאהרען אויף'ן ים, אבער עס פאהרען דאך מענשען.

„איך גריס מיין ליעבען אנקעל, ר' שמואל ארענשטיין אונ זיין טאכטער רחל'ע, איך גריס אויך יוסעל'ן אונ דעם פעטער גאלדשטיקער אונ בעט, אז אלע זאלען מיר שרייבען, וואס זיי מאכען אונ וואס עס הערט זיך עפעס אין מיסלאוויץ.

„דיין געטרייער זוהן, ליבעל כאהן, אין אמעריקא הייס איך לעאן כאהן, ווייל אזוי איז עס שעהנער".

מען קען זיך לייכט דענקען, וואס פאר א טיעפען איינדרוק דיעזער בריעף האט געמאכט אויף דעם אונגליקליכען גבריאל.

— אלזא, איז דאך דא אויף דער וועלט אלאנד, וואו דער איד

האט גלייבע רעכטע מיט'ן קריסט, — האט ער געזאגט צו זיך אליין, — ווען איך זאל אין אמעריקא מיך געווען אויסצייכענען אין דער ארמעע, וויא איך האב זיך אויסגעצייכענט אין פרייסען, וואלט מען מיך ניט ארויסגעיאגט פון דער ארמעע וויא א הונד.

דיעזער געדאנק האט גבריאל'ן ניט געלאזען רוהען.

— ווען לייבעלע כאהן, דער ווילדער, אונוויסענדער לייבעלע כאהן, וועלכער קען קוים שרייבען, האפט צו ווערן איין אלדערמען אין א שטאדט, קען איך דאך מיט מיינע פעהיגקייטען, מיט מיינע צייגניסע, מיט מיינע אטעסטאטען דערגרייכען עפעס בעסערעס!

אלזא, קיין אמעריקא! פאר וואס זאל ער ניט פאהרען קיין אמעריקא? וואס קען ער דערלעבען אין מיסלאוויץ? וואס האט ער דא צו טאהן?

מיט דיעזען געדאנק האט ער זיך ארומגעטראגען עטליכע טעג, ער האט איהם נאך ניט געוואלט ארויסזאגען זיין פרוי און זיין שוויעגער-פאטער, ווייל ער האט געוואוסט, אז זיי וועלען איהם ניט לאזען פאהרען קיין אמעריקא.

מיר דארפען ניט פערגעסען, אז אונזער געשיכטע האט פאסירט אין 1815. אין א צייט, ווען אמעריקא האט געהייסען „עק וועלט“ און קיין אמעריקא איז מען ניט געפאהרען, זאנדערן אנטלאפען.

רחל'ע האט גוט פערשטאנען, וואס עס קאכט זיך אין הערצען פון איהר מאן, זיא האט געלעזען אין זיינע מינען און זיינע אויגען זיינען געהיימע געדאנקען.

איין אבענד, ווען זיי זיינען געווען אליין, האט זיא געזאגט צו איהם:

— זאג מיר דיא וואהרהייט, גבריאל, וואס איז מיט דיר? איך זעה, אז דוא געהסט ארום טרויעריג און פערטראכט, וואס פעהלט דיר? וואס טראכסטו דוא?

— גאר נישט, דוא ווייסט דאך, אז איך קען יעצט ניט פרעהליך זיין.

— הער מיך אויס, גבריאל! דוא ווייסט, וויא איך ליעב דיר, פאר וואס זאלסטו פון מיר בעהאלטען דיינע געדאנקען, פאר וואס זאל דיין פרוי ניט טהיילען דיינע געדאנקען און דיינע פלענער?

זיא האט אזוי לאנג גערעדט און געבעטען ביז ער האט איהר געזאגט:

— איך בין פעסט ענטשלאסען אויסצוואנדערן קיין אמעריקא.

— דאס איז אונמעגליך, גבריאל! — האט רחל'ע אויסגערופען און איז געווארען בלייך, וויא קאלך.

— וָואס דֶען זָאל אִיךְ טְאהן ? — הָאט גבריאל גֶעעֶנְטְפֶערְט , — הָאבּ אִיךְ דֶען אַנְאַנְדֶער אוֹיסְוֶועג ? הָאבּ אִיךְ דֶען אַנְאַנְדֶער מִיטֶעל , ווִיא מִיר צוּ הֶעלְפֶען ? אִין מיסלאָוויץ בִּין אִיךְ אַ איד אוּנ מוּז וֶוערֶן אַ קְרֶעמֶער אָדֶער אַ שְׁמוּגְלֶער , אִין אַמעריקאַ וֶועל אִיךְ זַיין אַ פֶּארְמֶער אָדֶער אַיין אָפִיצִיעֶר , אַלֶענְפַאלְס וֶועט מִיר קֵיינֶער נִיט נָאכְשְׁרַייעֶן : הֶעפּ ! הֶעפּ ! וֶוען לייבעלע כהן הָאט גֶעקֶענְט וֶוערֶן אַ מֶענְשׁ אִין אַמעריקאַ , וֶועל אִיךְ גֶעווִיס נִיט פֶערְפַאלֶען וֶוערֶן אִין אַמעריקאַ .

— דָאס אִיז שׁוֹין רִיכְטִיג , — הָאט רחל'ע גֶעעֶנְטְפֶערְט , — דוּא פֶערְגֶעסְט אָבֶער , אַז אִיךְ קֶען יֶעצְט נִיט פָאהֶרֶען קֵיין אַמעריקאַ , מִיר וֶועלֶען מוּזֶען אִיבֶּערְוַוארְטֶען מַיין קִינְדְבֶּעט אוּנ דָאס מוּז נָאךְ גֶעדוֹיעֶרְן אֵיינִיגֶע מָאנַאטֶען .

דִיעזֶע וֶוערְטֶער הָאט אָפְּגֶעגָאסֶען גבריאל'ן ווִיא מִיט אֵיין עֶמֶער קַאלְטֶעס וַואסֶער , עֶר הָאט אַיינְגֶעזֶעהֶן , אַז רחל'ע הָאט רֶעכְט , אִין יֶענֶע צַייטֶען פְלֶעגְט גֶעדוֹיעֶרְן אַ רַייזֶע קֵיין אַמעריקא פֶערְצִיג פוּפְצִיג טֶעג אוּנ אַ קְרַאנְקֶע שְׁוַואכֶע פְרוֹי הָאט אַזַא רַייזֶע נִיט גֶעקֶענְט אִיבֶּערְטְרָאגֶען .

גבריאל אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען אוֹיף'ן דִיוַואן , הָאט פֶערְדֶעקְט זַיין גֶעזִיכְט מִיט בֵּיידֶע הֶענְד אוּנ הָאט גֶעוֵויינְט , ווִיא אַ קְלֵיין קִינְד , זַיין בֶּעסְטֶער פְּלַאן אִיז דֶערְוַוייל צֶערְשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען , רחל'ע דַארְף עֶנְטְבּוּנְדֶען וֶוערֶן עֶרְשְׁט אִין ווִינְטֶער , אִין אַ צַייט , וֶוען מֶען קֶען נִיט פָאהֶרֶען קֵיין אַמעריקאַ , עֶר מוּז אַלְזָא וַוארְטֶען אַ גַאנְצֶעס יָאהר .

— וָואס טְהוּט מֶען דֶערְוַוייל ? צוּ וָואס גֶעהְמְט מֶען זִיךְ ? — הָאט עֶר גֶעבְּרוּמְט ווִיא אַ פֶערְוואוּנְדֶעטֶער לֵייבּ .

— פֶערְצְווֵייפֶעל נִיט , פֶערְלָאז זִיךְ אוֹיף גָאט ! — הָאט רחל'ע גֶעזָאגְט אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעמִיהט אִיהם צוּ טְרֵייסְטֶען אוּנ צוּ שְׁטַארְקֶען .

דָאס מָאל אִיז עֶס אִיהר אָבֶּער נִיט גֶעלוּנְגֶען , גבריאל הָאט זִיךְ הַאסְטִיג אָנְגֶעטָאהן אוּנ אִיז אַרוֹיסְגֶעלָאפֶען אוֹיף דֶער גַאס .

---

## 8.

# יוֹסֶעלֶע וֶוערְט אַחָתָן .

אוֹיסֶער דִיא זָארְגֶען וֶועגֶען זַיין אֵיידֶעם , הָאט ר' שמואל אָרֶענשטיין גֶעהַאט פִיעלֶע זָארְגֶען וֶועגֶען זַיין זוּהן יוסעלע .

(גט"י ח"א)

אין דער צייט ווען אונזער ערצעהלונג הייבט זיך אן, איז שוין יוסעלע אלט געווען איין אונ צוואנציג יאהר, ער איז שוין אלזא געווען איין אלטער בחור, אונ עס האט זיך נאך אלץ ניט געמאכט קיין שידוך פאר איהם.

ווען עס האט זיך געמאכט א שידוך, וועלכער האט געפאסט פאר ר' שמואל ארענשטיין, איז יוסעלע ניט געפעלען, פלעגט אבער יוסעלע געפעלען, האט דער שידוך ניט געפאסט פאר ר' שמואל ארענשטיין.

גראדע דעם זומער האט ר' יעקב באס, דער לאנד שדכן פון דער געגענד, אויסגעפונען א שידוך, וועלכער האט צוואר ניט אין גאנצען געפאסט פאר ר' שמואל ארענשטיין, ער האט איהם אבער דאך געמוזט אנגעהמען, ווייל ער האט געוואוסט, אז זיין יוסעלע איז אויך קיין בעזאנדערס גוטע סחורה.

אין א דארף, ניט ווייט פון דער שטאדט גרייף, האט געוואהנט א רענדאר, א פעכטער, מיט א נאמען ר' שבתי לאנגדארף, וועלכער האט געהאט נור א זוהן מיט א טאכטער, דער זוהן איז שוין געווען פערהיי־ראטהעט אונ א טאכטער גיטעל, א בתולה פון א יאהר צוואנציג אונ פיעלייכט עפעס מעהר, האט זיך ר' יעקב באס, דער לאנד־שדכן אויסגערופען.

— איך האב געהערט פון ר' שבתי לאנגדארף, האט ר' שמואל ארענשטיין געזאגט, ווען מען האט איהם פארגעלייגט דעם שידוך, — שבתי איז איין עהרליכער איד אונ שטאמט אפ פון איין אנשטענדיגע פאמיליע, אבער דאס מעדכען... וואס איז דאס פאר א מעדכען? — פיעלייכט עפעס א גראבע דארף'ס שיקסע

— דאס מעדכען איז גאלד אונ זילבער! — האט ר' יעקב באס אויסגערופען, זיא איז איין כוהר'טע אין פאלען זיגען פון'ס ווארט. זיא האנדעלט מיט אלע גוים אונ קויפט פלאקס, פעדערן אונ האזען פעלבעלעך בעסער וויא דער געשיקטעסטער סוחר.

ר' שמואל ארענשטיין האט צוואר געוואלט נאך אפלייגען דעם שידוך איינגע צייט, זיך נאך א מאל גוט אנפרעגען אויף ר' שבתי לאנגדארף אונ בעזאנדערס אויף זיין בתולה, דא אבער האט זיך שוין ר' יעקב באס אניהער געשטעלט אונ האט אויסגערופען:

— איהר פערגעסט, ר' שמואל, ווער אייער יוסעלע איז! ער איז דאך א בהמה, א פערד א שלעמיעל, וועלכער טויג ניט א קאץ איין עק צו פערבינדען, וואס קען ווערן פון איהם, ווען ער וועט נאך האבען א ווייב איין שלימאזעל'ניצע? פערגעסט ניט, ר' שמואל, אז א מענש

לעבט ניט אייביג, איהר מוזט דאך פערזארגען אייער בן יחיד, איהר מוזט איהם געבען א ווייב וועלכע זאל קענען פיהרען א געשעפט אונ דערנעהרען איהר פאמיליע, ווייל יוסעלע איז דאך א־קאליעקע.

ר' שמואל ארענשטיין האט געמוזט נאכגעבען אונ ער האט זיך ענטשלאסען צו שיקען יוסעלע'ן זעהן די כלה, זעלבסט פערשטענדליך, אז יוסעלען אליין האט מען ניט געקענט שיקען, אונ ר' שמואל ארענשטיין האט ניט געקענט פאהרען מיט איהם, ווייל ווען ער וואלט אליין געפאהרען, וואלט מען שוין געמוזט מאכען תנאים, אונ דאס האט ער ניט געוואלט, ווייל ער האט פריהער געוואלט וויסען אויב די כלה איז ווירקליך, ווי דער שדכן האט זי אויסגעלויבט.

אלזא וועמען שיקט מען מיט'ן נוטען יוסעלע אנקוקען די כלה?

דער בעסטער אונ פאסענדסטער מענש דערצו וואלט געווען גבריאל, יוסעלע איז דאך זיין שוואגער, פאר איהם אלזא פאסט עס זעהר גוט צו פאהרען מיט יוסעלען, צו זעהן די כלה אונ אפצורעדען אלעס, ביז מען וועט מאכען תנאים אונ בעשטימען, ווען די חתונה וועט זיין.

ליידער האט זיך גבריאל געמוזט אפזאגען פון דיעזער עהרע, ער איז יעצט ניט געווען אויפגעלעגט צו פערזארגען אזעלכע פאמיליען־אנגעלעגענהייטען.

ער פלעגט ארומגעהן ווי א שאטען אונ דער איינציגער מענש, פאר וועמען ער האט געקענט אויסגיסען זיין הערץ, איז דאך געבליבען גאטשאלק, דער צאלל דירעקטאר, צוואר פלעגט גאטשאלק יעדעס מאל איהם ערקלערען, אז דאס בעסטע מיטעל פאר איהם איז זיך צו טויפען, ווייל דאן וועט ער בעקומען די בעסטע שטעלע אלס בעאמטער פון דער רעגיערונג, אונ גבריאל האט ניט געוואלט הערן פון טויפען זיך, אבער אין אלע אנדערע זאכען איז גאטשאלק געווען א קלוגער מענש אונ דערצו איז ער געווען גבריאל'ס בעסטער פריינד.

גאטשאלק האט געזעהען, אז גבריאל געהט ארום זעהר ניעדערגעשלאגען, טרויעריג אונ פערצווייפעלט, אונ ער האט אנגעהויבען צו זוכען פאר איהם צערשטרייאונגען, ער האט איהם אריינגעפיהרט אין איינציגען קלוב פון בעאמטע אונ אפיצירען אין מיסלאוויץ.

אונ זאנדערבאר! זא לאנג גבריאל איז געווען אפיציער אונ האט געטראגען א מונדיר מיט עפאלעטען, פלעגען די אפיצירען זיך דערווייטערן פון איהם אונ זאגען איהם שטעכווערטלעך אדער זאגאר לאכען פון איהם, קוים אבער איז ער געווארען אויס אפיציער, קוים האט ער פון זיך

אַראָפּגעוואָרפֿען פֿון דעם טיטול מאיאָר, זײַנען אַלע אָפֿיצירען געוואָרען זײַנע בעסטע פֿרײַנד.

מען פֿלעגט איהם אויפֿנעהמען אין קלוב, וויא אַ קאַמעראַד, מען פֿלעגט שפּיעלען מיט איהם שאַך, דאָמינאָ, קאַרטען און דער גלײַכען און קײנער פֿלעגט זיך ניט ערלויבען איהם צו זאָגען אַ קרום וואָרט.

עס איז וואָהר, אַז גאָטשאַלק איז געווען איין אַנגעזעהענער מענש אין מיסלאָוויץ, אַלס צאַלל דירעקטאָר האָבען אַללע פֿאַר איהם געהאַט רעספּעקט, אין זײַן דעפּאַרטאַמענט איז ער געווען אַזוי גרויס, וויא גענעראַל פֿאָן ראַקאָוויץ אין דער בריגאַדע.

גאָטשאַלק פֿלעגט לויבען גבריאל'ן, בײַ יעדער געלעגענהייט און פֿלעגט איהם פֿערטהײדיגען מיט אַלע מעגליכע מיטעל אין דיא אויגען און אונטער דיא אויגען.

עס איז דאָהער קײן וואונדער, וואָס גבריאל האָט זיך אַלײן מעהר און מעהר אָנגעשלאָסען אָן גאָטשאַלק'ען און פֿלעגט פֿערברענגען מיט איהם יעדע שטונדע, װעלכע גאָטשאַלק איז געווען פֿרײַ פֿון זײַן בעשעפֿטיגונג.

אונטער דיעזע אומשטענדע האָט גבריאל אויף קײן פֿאַל ניט געוואָלט פֿאַהרען מיט יוסעלען זעהן דיא כּלה.

ר' שמואל ארענשטײן איז צוואַר געווען זעהר אונצופֿריעדען דערפֿון, ער האָט זעהר געוואָלט, אַז אין אַזאַ וויכטיגע אַנגעלעגענהייט זאָל פֿאַהרען אַ מאַן, וויא גבריאל, וועלכער ווייס וויא זיך צו בענעהמען און וואָס צו רײדען, פֿאַר גבריאל'ן וואָלט דער מחותּן, ר' שבתי לאַנגדאָרף געהאַט מעהר רעספּעקט און גבריאל וואָלט בײַ איהם געקענט אויסציעהען מעהר עטליכע טאַלער נדן.

גבריאל האָט אָבער ניט געוואָלט פֿאַהרען און ר' שמואל ארענשטײן האָט געמוזט זוכען אַנאַנדערע מענשען, וועלכער זאָל פֿאַהרען מיט יוסעלען.

דער בעסטער מענש איז יעצט געוואָרען דער פֿעטער שלמה גאָלדשטיקער ער איז אַ שיינער איד און קען זאָגען תּורה, פֿיעלײַכט װעט ר' שבתי פֿאַר איהם אויך האָבען רעספּעקט.

דער פֿעטער גאָלדשטיקער האָט מיט פֿערגניגען אַנגענומען דיעזע שווערע און דעליקאַטע דיפּלאָמאַטישע אַרבייט.

ער האָט געוואוסט, וואָס פֿאַר אַ סחורה יוסעלע איז און וויא מען דאַרף איהם לערנען צו קומען צו אַ מחותּן.

מען האָט געדונגען אַ בעל עגלה, וועלכער זאָל אָפּפֿיהרען יוסעלען מיט'ן פֿעטער גאָלדשטיקער צו דער כּלה און זאָל זײ ברײַנגען צוריק.

מלכּה (גט"י ח"א)

מלכה, יוסעלעס שטיעף-מוטער, האט אנגעבאקען אונ אנגעגרייט, פון אלעם גוטען אונ האט מיטגעגעבען דיא רייזענדע אויף'ן וועג.

זיא האט שוין אויך געוואלט פטור ווערן פון דיעזען טהייערען שטיעף-זוהן, מלכה איז געוועזען ר' שמואל ארענשטיין'ס צווייטע פרוי אונ זיא האט זעהר געוואלט פטור ווערן פון איהרע שטיעף-קינדער, וועלכע האבען איהר געשטערט אין איהרע פלאנען אויף איהר מאן'ס פערמעגען.

אויפ'ן וועג האט דער פעטער נאלדשטיקער אנגעהויבען צו לערנען זיין טהייערן נעפע, וויא ער זאל זיך בענעהמען, ווען ער וועט קומען צום מחותן.

— דוא דארפסט ניט פיעל רעדען, ווייל ווען מען רעדט פיעל, מוז מען זיך אויסרעדען א נארעשקייט, — האט ער געזאגט.

איך קען דאך אבער ניט זיטצען, וויא א שטומער, — האט יוסעלע געענטפערט, — איך מוז דאך עפעס זאגען, וואס זאל איך זאגען, ווען איך וועל צום ערשטען מאל רעדען מיט'ן מחותן?

— זאג איהם: עס פרעהט מיך זעהר צו מאכען אייער בעקאנטשאפט, ווייל איך האב געהערט פון אייך פיעל גוטעס.

— דאס איז ניט שווער, איך וועל מיך איינחזר'ן דיעזע ווערטער אונ וועל זיי שוין זאגען, ווען מען וועט דארפען.

— נון, זעהסטו, יוסעלע, אז עס איז גאר ניט שווער צו ריידען א ריכטיגעס ווארט, ווען מען דארף.

— וואס זאל איך אבער ריידען מיט דער כלה? — האט יוסעלע ווייטער געפרעגט, — איך האב מורא פאר איהר, וואס זאל איך איהר ענטפערן, ווען זיא וועט אנהויבען צו רעדען צו מיר?

— א פרויענצימער דארף מען מאכען א קאמפלימענט, — האט דער קלוגער פעטער נאלדשטיקער ערקלערט, — דוא וועסט איהר זאגען, אז דוא האסט געהערט אין מיסלאוויץ, אז זיא איז א גרויסע ווירטהין, א סוחר'טע; אז זיא פיהרט איהר פאטערס געשעפטען.

יוסעלע האט צוואר געפוגען, אז מיט דער כלה וועט איהם זיין פיעל שווערער צו רעדען, וויא מיט דעם מחותן, ער האט זיך אבער ניט געקענט העלפען, ער האט געמוזט איבערקומען דעם שווערען עקזאמען.

אייגענטליך וואלט ער געוועזען צופריעדען צו בלייבען אין דער היים אונ גאר ניט ווערן א חתן, ער האט אבער געמוזט פאלגען, וואס דער פאטער האט איהם געהייסען.

ש׳ (גט״י ח״א)

ער האט אלזא געמוזט שטודירען די גאלדענע ווערטער, וואס דער פעטער גאלדשטיקער האט איהם געלערנט א גאנצען וועג, וועלכער האט געדויערט א גאנצען טאג און נאך א פאאר שטונדען אין דער נאכט.

מען איז ענדליך אנגעקומען אין דארף, וואו ר' שבתי האט געוואוינט און מען איז אויפגענומען געווארען וויא ליעבע געסט.

אזוי וויא עס איז שוין געווען ניט פריה און די געסט זיינען געווען מיעד פון דער רייזע, האט יוסעלע זעהר ווייניג געדארפט רעדען.

גאנץ אנדערש אבער האט געקוקט אויף איהם די כלה, גיטעל איז ווירקליך געווען א קלוגע, פעהיגע און טיכטיגע מעדכען, וועלכער איז אויפגעוואקסען אין א דארף און האט געקענט אלע אידישע געשעפטען אין די דערפער אין יענער צייט.

זיא איז ווירקליך געווען א בריאה נפלאה, א גוטע ווירטהין און א פארטרעפליכע סוחר'טע.

זיא האט געקענט מענשען און האט באלד פערשטאנען, וואס פאר א סחורה יוסעלע איז און פון דעסטוועגען האט זיא זיך ענטשלאסען איהם צו הייראטען.

ערשטענס, ווייל זיא האט געוואלט דעם יחוס צו זיין ר' שמואל ארענשטיין'ס שנור, דאס אליין איז שוין געווען א גרויסע עהרע.

צווייטענס, האט די פראקטישע גיטעל זיך בערעכענט, אז ווען זיא וועט געהמען אזא מאן, וועט זיא שטענדיג זיין די בעל הבית'טע, אונד די פיהרערין און רעגירערין פון איהר פאמיליע.

זיא האט זיך אלזא ענטשלאסען איהם צו הייראטען, ווען יוסעלע וואלט עס געוואוסט, וואלט ער זיך געוויס ניט געשראקען. דעם אנדערן טאג, ווען דער פעטער גאלדשטיקער האט שם אזוי איינגעריכטעט, אז נאכ'ן מיטאג איז יוסעלע מיט גיטלען געבליבען אליין.

די קלוגע גיטעל האט שוין אליין געוואוסט וואס צו רעדען מיט איהר צוקינפטיגען מאן, זיא האט געבראכט א טעלער מיט פריכטע און האט א נידערגעשטעלט פאר איהם.

— עסט, הער ארענשטיין, — האט זיא איהם איינגעלאדען, — געניעסט, שעמט אייך ניט, מיר האבען אין איגענעם גארטען.

— מען האט מיר מאכי דערציילט, אז איהר זייט א גוטע ווירטהין און פריילין לאנדארף, — האט יוסעלע וויעדערהאלט די לעקציאן פון פעטער גאלדשטיקער.

איך (גט"י ת"א)

— איך האב מיך ניט געריכט אויף איך, — האט די קלוגע ניטעל ווייטער געזאגט, ווען איהר וועט קומען צו אונז דאס צווייטע מאל, וועל איך שוין אנגרייטען בעסערע זאכען.

— איך וועל געוויס קומען, — האט יוסעלע ארויסגעפלאצט. דאס האט ער שוין אליין אויסגעטראכט.

— דאן וועט איהר זיין א ליעבער גאסט.

אויף דיעזער ארט האט דאס פאאר פאלק אנגעהויבען צו ריידען אונ דער בונט איז געשלאסען געווארען.

פעטער גאלדשטיקער האט אונטערדעסען אפגערעדט מיט'ן מחותן איבער אלע קלייניגקייטען אונ דעם זעלבען אבענד האט מען אנגעשריבען תנאים ראשונים.

דער שידוך איז אלזא געשלאסען געווארען.

אזוי וויא דער חתן אונ די כלה זיינען שוין געווען ניט גאנץ יונג, האט מען אפגעלייגט די חתונה אויף ראש חודש אלול, דאס הייסט, אויף דריי מאנאטען.



# ענדע ערשטער טהייל.

# דער

# געטויפטער איד

א ראמאן פוןווירקליכען יודישען לעבען אין דייטשלאנד
אין 4 טהייל.

פערפאסט פון

## א. טאנענבוים.

צווייטער טהייל

פערלאג פון מרדכי קאצענעלענבאגען בוכהענדלער ווילנא

ווילנא, תרס"ב.

בדפוס י. פיראזשניקאוו.

ДЕРЪ ГЕТОЙФТЕРЪ ИДЪ

т. е.

**Крещенный Еврей**

Романъ въ 4 томахъ. *А. ТАНЕНБАУМА.*

Изданiе виленскаго книгопродавца М. Каценеленбогена.

**Томъ II.**

ВИЛЬНА.

Типографiя И. I. Пирожникова. Завальная ул. д. № 1147.

1902

# אינהאלטס־פערצייכניס:





# גֶעטױפְטֶער איד.

## צװײטער טהײל.



## 2.

## דִיא חֲתוּנָה.

פֶּעטֶער גאָלדשטיקער איז גֶעװֶעזֶען גְלִיקְלִיךְ, עֶר הָאט צוּ שְׁטַאנְד גֶעבְּרַאכְט דֶעם שִׁידוּךְ אונ הָאט בֶּעװִיזֶען, אַז עֶר איז װירְקְלִיךְ אַ פֶּעהִיגֶער מֶענְשׁ אין אַזֶעלְכֶע זַאכֶען, עֶר הָאט אוֹיסְגֶעצױגֶען פוּן ר' שבתי לַאנְגדאָרף אַזױ פִיעל נַדָן, װיפִיעל עֶר הָאט נור גֶעקֶענְט אונ דֶערְצוּ הָאט נָאךְ ר' שבתי צוּגֶעזָאגְט צוּ גֶעבֶּען דָאס פָּאאר פָּאלְק דְרַײ יָאהר קֶעסְט נָאךְ דֶער חֲתוּנָה.

וָאס נָאךְ הָאט מֶען גֶעקֶענְט פֶערְלַאנְגֶען פוּן איהם?

ר' שמואל אָרענשטײן איז אױךְ גֶעװֶעזֶען צוּפְרִיעדֶען מִיט'ן שִׁידוּךְ אונ זַײן פְּרױ מלכה איז גָאר גֶעװֶעזֶען גְלִיקְלִיךְ, וָאס זיא וֶועט עֶנְדְלִיךְ פָּטוּר פוּן אַזָא שְׁטִיעף זוהן.

דִיא תְּנָאִים הָאט מֶען גֶעמַאכְט אין דָארְף, װאוּ דֶער מְחוּתָּן הָאט גֶעװואוֹינְט, דִיא חֲתוּנָה אָבֶּער הָאט גֶעדַארְפְט זַײן אין מיסלאָװיץ, װײל ר' שמואל אָרענשטײן הָאט גֶעוָואלְט װײזֶען דֶער וֶועלְט, אַז עֶר גֶעמְט נִיט פַאר אַ שְׁנוּר אַבִּי וֶועמֶען.

גבריאל איז צְוָואר גֶעפָאהֶרֶען אױף דִיא תְּנָאִים, עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער אין קֵיין זַאךְ נִיט אַרײנְגֶעמִישְׁט, אונ הָאט זִיךְ גֶעהאַלְטֶען פוּן אַלֶעמֶען פוּן דֶער װײטֶען.

דָאס הָאט אַבִּיסֶעל פֶערְדְרָאסֶען דֶער קְלוּגֶער גיטעל.

— וָאס איז דֶער יִחוּס מִיט איהם? — הָאט זיא גֶעזָאגְט צוּ זִיךְ

 אלײן

אליין, — ווייל ער איז אמאל געווען איין אפיציער, דארף ער זיך שוין שעמען מיט אונז?

קורץ, גיטלען איז זעהר ניט געפעלען איהר צוקינפטיגער שוואגער, אונ האט אבער געמוזט שווייגען, אלס כלה האט איהר ניט געפאסט פיעל צו ריידען.

רוז׳ע, דאגעגען, איז איהר שוין בעסער געפעלען, ווייל רחל׳ע איז געווען א שטילע, גוטע פרוי, וועלכע האט באלד פערשטאנען, אז גיטעל איז דיא בעסטע אונ פאסענדסטע פרוי פאר איהר ברודער יוסעלע, דערפאר איז רחל׳ע געווען זעהר פריינדליך געגען גיטלען אונ גיטעל האט עס ניט פערגעסען.

זיא האט געשענקט שרה׳לען, רחל׳עס טאכטער, א שעהנעס קליידעלע, וועלכע זיא האט אליין אויסגעשטיקט, דאס קליידעלע איז ווירקליך געווען א קונס-שטיק אונ דיא קליינע שרה׳לע האט זיך באלד צוגעקלעפט צו איהר נייער מומע, וויא וואקס צו א ווארעמען אויווען.

דיא דריי מאנאטען זיינען באלד אוועקגעלאפען, וויא עס לויפען אוועק אונזערע טעג אונ אונזערע יאהרען אונ עס איז געקומען דער טאג פון דער חתונה.

ר׳ שמואל ערענשטיין האט געמאכט א גראסארטיגע חתונה, דאס גאנצע שטעדטעל איז געווען איינגעלאדען, דארונטער האבען זיך אויך געפונען פיעלע קריסטען, אויך דער צאלל-דירעקטאר גאטשאלק איז געווען איינגעלאדען אויף דער חתונה.

3.

# דער צאהלל דירעקטאר אונ זיינע בעציהונג צו די אידען פון מיסלאוויץ.

אזוי וויא מיסלאוויץ געפינט זיך ביי דער רוסיש-פרייסישער גרענעץ, פלעגען פיעלע אידען פון שטעדטעל זוכען בעקאנט צו זיין מיט׳ן צאלל דירעקטאר, גאטשאלק איז אבער געווען איין ערהליכער בעאמטער אונ האט געזוכט אויסצומיידען אזעלכע בעקאנשאפטען.

ער איז געווען זעהר שטרענג אונ האט אפגעהיט אלע רעגעלען אונ פארשריפטען פון זיין אמט, איינינע אידען האבען פראבירט איהם געבען געלד, ער האט דאס געלד ניט גענומען אונ האט דערביי געזאגט:

דאס ערשטע מאל שענק איך איך, ווען איהר וועט מיר געבען געלד צום צווייטען מאל, וועל איך איך צושטעלען צום אבער-פרעזידענטען.

דאס האט געווירקט.

דער אבער-פרעזידענט אדער גענעראל-גוברנאטאר פון יענע פרא-ווינצען איז דאמאלס געווען גענעראל ווראנגעל, א זעהר שטרענגער עהרליכער אונ געהערבטער מאן, וועלכער האט געוואלט פערניכטען דעם שמוגעל פון דער פרייסישער גרענעץ.

פאר גענעראל ווראנגעל האבען געציטערט אלע בעאמטע אונ זאגאר אלע אפיציערען פון דעם געגענד, ער פלעגט ניט מאכען פיעל פראצעסען, קוים איז איהם ניט געפעלען א בעאמטער, האט ער איהם באלד אפגעזאגט.

האט ער דערטאפט א שמוגלער האט ער איהם בעשטראפט מיט איין אונגעוועהנליכען שטרענגען, ער האט פיעלע שמוגלער ארויסגעטריבען פון פרייסען, אייניגע האט ער פערארטהיילט אויף עטליכע יאהר געפענגניס.

אויף גענעראל ווראנגעל האט מען זיך ניט געקענט בעקלאגען, ווייל וואס גענעראל ווראנגעל האט געטאהן, האט דער קעניג בעשטעטיגט.

דערביי אבער איז גענעראל ווראנגעל געווען א ליבעראלער מענש אונ האט ניט געמאכט קיין אונטערשיעד פון א אידען ביז א קריסט.

ווען גאטשאלק האט געדרעהט דיא אידעלעך, אז ער וועט זיי צושטעלען צום גענעראל ווראנגעל, האבען זיי זיך שטארק דערשראקען, זייא האבען גוט געוואוסט, אז מיט גענעראל ווראנגעל טאר מען ניט שפאסען.

מען וויל דאך אבער לעבען, דיא גרענעץ איז דאך אבער איין ארטיקעל, פון וועלכען מען קען לעבען, אלזא וואס טהוט מען? וויא אזוי מאכט מען, אז דער צאלל דירעקטאר זאל דאך ווערען א ביסעל ווייכער אונ זאל וועלען מאכען געשעפטען.

א קלוגער איד האט באלד אויסגעפונען א מיטעל.

מיסלאוויץ איז א קליין שטעדטעל, ווען צוויי מענשען געהען אויף דער גאס, קען זיי יעדער אונ יעדער ווייס, וואוהין זיי געהען.

מען האט זעהר אפט געזעהן גבריאל, ר' שמואל ארענשטיין'ס איידים געהן מיט'ן צאל דירעקטאר אונ רעדען, מען האט זיך צוגעקוקט וואוהין זיי געהען, מען האט זיך אונטערגעהערט וואס זיי ריידען, מען האט געטראכט, געקלערט, געזוכט, געשמעקט אונ געפארשט אונ מען

האט ענדליך אויסגעפונען, אז גבריאל ר' שמואל ארענשטיין'ס איידים און דער צאלל דירעקטאר זיינען דיא בעסטע פריינד.

אלזא מוז מען זיך ווענדען צו גבריאל'ן און איהם בעטען, אז ער זאל איבעררעדען מיט'ן צאלל דירעקטאר און זאל מאכען, אז ער זאל זיך לאזען האנדלען.

יעצט, אז גבריאל איז שוין קיין אפיציער מעהר, מעג דאך יעדער מיט איהם ריידען, יעצט איז ער דאך שוין קיין פריץ, זאנדערן א געוויינליכער איד.

מען האט אויסגעקליבען א דעפוטאציאן, אדער א קאמיטע פון צוויי שיינע בעלי בתים, זיי זאלען גיין איבעררעדען מיט גבריאל'ן און זאלען איהם ערקלערן, וואס פאר א גרויסע טובה ער וועט טאהן אלע אידען אין מיסלאוויץ, ווען ער וועט אויסווירקען ביים צאלל-דירעקטאר, אז ער זאל זיין א ביסעל פרייער געגען דיא אידען, וועלכע לעבען פון דער גרענעץ.

דיא אידען זיינען געווען זיכער, אז גבריאל וועט זיי ניט אפזאגען אזא קליינינקייט און זיי האבען שוין ווידער געהאפט אויף גוטע צייטען.

דא אבער האבען זיי ניט געטראפען, קוים האט דאס קאמיטע דערציילט גבריאל'ן, צו וואס פאר א צוועק זיי זיינען געקומען צו איהם, האט גבריאל זיי געענטפערט:

— איך קען אייך גאר ניט העלפען.

— איהר זייט דאך אבער דער בעסטער פריינד פון'ם צאלל דירעקטאר? — האט געפרעגט איינער פון קאמיטע.

— עס איז וואהר, דער צאלל דירעקטאר גאטשאלק איז מיין בעסטער פריינד, — האט גבריאל געענטפערט, — פון דעסטוועגען קען איך מיט איהם ניט ריידען וועגען אזא אנגעלעגענהייט.

דאס קאמיטע האט גערעדט, געבעטען, געפאדערט, געוויינט, — אומזיסט! עס האט גאר ניט געהאלפען, גבריאל איז געבליבען ביי דאס זייניגע, אז אין דיעזער בעציעהונג קען ער גאר ניט טאהן פאר זיי.

---

# 4.

# אונערווארטעטע שונאים.

גבריאל האט ניט געוואוסט אז דערמיט מאכט ער זיך שרעקליכע
(גט"י ח"ב) שונאים

שׂוֹנְאִים, וָועלְכֶע זַיינֶען גֶעוֶוען בֶּעֲרַייט אִיהם צוּ שְׁטֶעכֶען אוֹיף דֶער גַאס.

אַזוֹי וִויא שְׁטֶעכֶען אִיהם הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעקֶענְט, הָאבֶּען זֵיי גֶעבְּרוֹיכְט גֶעפֶּעהרְלִיכֶערֶע וַואפֶען וִויא אַייזֶען אוּנ בְּלַיי, זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶע־הוֹיבֶּען אִיהם צוּ בֶּעלֵיידִיגֶען, דֶערְצֵיילֶען, אַז עֶר עֶסְט טְרֵיפוֹת אוּנ טְרִינְקְט יַין נֶסֶך מִיט'ן צַאלל דירעקטאר אוּנ מִיט אָפִּיציערֶען.

אֵיינִיגֶע זַאכֶען זַיינֶען אוֹיךְ גֶעוֶוען וַואהר, גבריאל אִיז נִיט גֶעוֶוען גַאנְץ פְרוּם, וִוי פִילֶע פַאנַאטִישֶׁע אִידֶען פֶערְלַאנְגֶען עֶס, עֶר פְלֶעגְט וִוירְקְלִיךְ טְרִינְקֶען וַויין מִיט דִיא אָפִיציערֶען אוּנ פְלֶעגְט אַ מָאל עֶסֶען אַ זַאךְ, וָועלְכֶע אַ פְרוּמֶער אִיד וָואלְט נִיט גֶעהַאלְטֶען פַאר כָּשֵׁר, עֶר אִיז אָבֶּער נִיט גֶעוֶוען קֵיין אוֹיסְגֶעלַאסֶענֶער מֶענְשׁ אוּנ פְלֶעגְט אָפְּהִיטֶען אַלֶע גֶעבָּאטֶע, וָועלְכֶע זַיינֶען הֵיילִיג פַאר אַ אִידֶען.

ר' שמואל אָרענשטיין הָאט גֶעמוּזְט אַיינְלַאדֶען דֶעם צַאלל דירעקטאָר אוֹיף דֶער חֲתוּנָה, חַייל עֶר פְלֶעגְט מִיט אִיהם מַאכֶען גֶעשֶׁעפְטֶען, עֶר פְלֶעגְט לִיפֶערְן פַאר'ן צַאלל־אַמְט פַּאפִּיער אוּנ שְׁרַייבּ מַאטֶערְיַאלֶען אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע זַאכֶען.

מֶען קֶען זִיךְ לַייכְט דֶענְקֶען, אַז אוֹיף דֶער חֲתוּנָה הָאט זִיךְ דֶער צַאלל דירעקטאָר גֶעזֶעצְט לֶעבֶּען גבריאל'ן, אוּנ דִיא גַאנְצֶע צַייט, וָואס גַאטְשַׁאלְק הָאט פֶערְבְּרַאכְט אוֹיף דֶער חֲתוּנָה, הָאט עֶר נוּר גֶערֶעדְט מִיט גבריאל'ן.

דִיא חֲתוּנָה אִיז גֶעוֶוען גַאנְץ לוּסְטִיג אוּנ פְרֶעהלִיךְ, ר' שמואל אָרענשטיין הָאט גֶעוָואלְט וַוייזֶען, אַז עֶר אִיז אַ גְבִיר אוּנ ר' שבתי לַאנגדאָרף הָאט גֶעוָואלְט בֶּעוַוייזֶען, אַז ר' שמואל אָרענשטיין הָאט זִיךְ נִיט, וָואס צוּ שֶׁעמֶען מִיט אִיהם.

וִויא עֶס קוּמְט גֶעוֵויינְלִיךְ פָאר אִין אַזֶעלְכֶע פֶעלֶע, זַיינֶען דִיא קְרִיסְטְלִיכֶע גֶעסְט נִיט לַאנְג גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף דֶער חֲתוּנָה, דֶער צַאל דירעקטאָר גאַטשאַלק הָאט אוֹיךְ אָבְּשִׁיעד גֶענוּמֶען פוּן זַיין פְרַיינְד גבריאל אוּנ הָאט אִיהם זָאגַאר גֶעפְרֶעגְט אִין דֶער הוֹיךְ:

— וֶוען וֶועל אִיךְ דִיר וִויעדֶער, זֶעהְן, וואָלף?

— מָארְגֶען אִין קְלוּבּ, — הָאט גבריאל גֶעעֶנְטְפֶערְט אַזוֹי הוֹיךְ, אַז דִיא מֶענְשֶׁען, וָועלְכֶע זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען נִיט וַוייט פוּן אִיהם, הָאבֶּען עֶס גֶעקֶענְט הֶערְן.

זֶעלְבְּסְטְפֶערְשְׁטֶענְדְלִיךְ, אַז נִיט גאַטשאַלק אוּנ נִיט גבריאל הָאבֶּען דֶערְבַּיי גֶעמֵיינְט עֶפֶּעס שְׁלֶעכְטֶעס, זֵיי הָאבֶּען גֶערֶעדְט צְווִישֶׁען זִיךְ, וִויא אַלְטֶע גוּטֶע פְרַיינְד, וָועלְכֶע רֵיידֶען צְווִישֶׁען זִיךְ אוּנ זָאגֶען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן „דוּא".

ווען דיא קריסטליכע געסט זיינען זיך אוועקגעגאנגען, האבען זיך ערשט דיא אידען געפיהלט פרייער אונ האבען ערשט אנגעהויבען זיך צו פרייען אונ אלעמען פריילאך צו מאכען, „משמח זיין חתן וכלה", וויא עס הייסט.

מען האט געטאנצט, געזונגען, געשפרונגען אונ זיך לוסטיג געמאכט, וויא מען האט געקענט.

גבריאל האט עס ניט געקענט ליידען אונ האט זיך געזעצט ערגעץ אין א ווינקעלע אונ האט זיך פערטראכט, איהם איז געווען ניט פריילאך אויפ'ן הערצען אונ ער איז ניט געוואוינט געווען צו טאנצען אונ צו שפרינגען.

— קוק איהם נור אן, דעם אידישען אפיציער, — האט אייגער פון דיא טענצער געזאגט צום אנדערן, — ער שעמט זיך שוין מיט'ן אידען.

— פיש! ער איז דאך דעם צאל דירעקטאר'ס פריינד! — האט דער צווייטער געענטפערט, — ער זאגט דאך איהם „דוא", — וויא קען איהם אנשטיין צו ריידען מיט ברוך'ען אונ חיים'ען?

— וואס רעדט איהר פון איהם? ער איז דאך גאר קיין איד! — האט אויסגערופען א דריטער, זעליג ר' משה'לעס האט מיר דערציילט, אז ער האט אליין געזעהן, וויא גבריאל האט געטרונקען יין נסך מיט איין אפיציער.

— נור יין נסך? — האט זיך אריינגעמישט א פיערטער, — ער עסט טריפות מיט דיא קריסטען אונ טהוט אלערליי מעשים רעים.

— ער וועט אויך דיא אידישקייט ניט אויסהאלטען, — האט געזאגט א פינפטער, וועלכער איז געווען אייגער פון קאמיטע, — וועלכעס איז געקומען בעטען גבריאל'ן, ער זאל איבעררעדען מיט'ן צאל דירעקטאר, — ער וועט זיך טויפען.

— איך דענק, אז ער איז שוין געטויפט, — האט געזאגט א צווייטער פון קאמיטע, — איהר ווייסט דאך, רבותי, וואס ער האט אונז געענטפערט, ווען מיר האבען איהם געבעטען א טובה פאר כל ישראל.

גבריאל האט ניט געוואוסט, וואס דא קומט פאר אונ אז מען רעדט עס פון איהם אונ מען בערעדט איהם אזוי, ר' שמואל ארענשטיין האט אויך ניט געהערט א ווארט פון דיא שלעכטע רייד איבער זיין איידים, דערפאר אבער האבען עס געהערט פיעלע אידען, וועלכע האבען ביז אהער געהאלטען גבריאל'ן פאר א פריינד, אבער דאך א ערליכען אידען.

אויך רחל'ע האט אויפגעהאפט עטליכע ווערטער פון דיעזע שרעקליכע בעלײדיגונגען געגען איהר מאן אונ עס האט איהר פערקלעמט ביים הערצען, זיא איז געוועזען איין אײנפאכע, גוטע, שטילע, פרומע אידישע מאכטער אונ זיא האט ווירקליך ניט געוואוסט, אז איהר מאן עסט טריפות אונ טרינקט יין נסך.

זיא האט אבער געליעבט איהר מאן אונ דיא ליעבע פערצייעט אלעס, דיא ליעבע קען ניט בעשולדיגען, זיא קען ניט פערקלאגען, זיא פערצייעט אונ פערגעסט.

---

## 5.

# דער שטורם פערזאמעלט זיך אויף גבריאל'ס קאפף.

גבריאל פלעגט אפט ארומגיין מיט'ן צאלל-דידעקטאר אונ מיט אנדערע קריסטען, ער האט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך אין שטעדטעל אונ וואס מען רעדט פון איהם.

ר' שמואל ארענשטיין האט אויך ניט געוואוסט, אז מען רעדט אזוי פיעל שלעכטעס פון זיין אײדים, קײנער האט ניט געוואגט צו רעדען א שלעכטעס ווארט פון גבריאל'ן פאר ר' שמואל ארענשטיין.

אונטער דעסען אבער האט עס אין שטעדטעל געקאכט, וויא אין א קעסעל, מיר דארפען ניט פערגעסען, אז אונזער געשיכטע האט פאסירט אין 1815, דאמאלס זיינען דיא אידען פון רוסלאנד אונ פוילען געוועזען פיעל פרימער, וויא היינט, פיעלע זיינען געוועזען הײסע, פײערדיגע חסידים, אנדערע זיינען געוועזען מתנגדים, אבער אויך הײסע, פרומע, פאנאטיקער.

ערב ראש השנה נאך סליחות זיינען ארײנגעקומען צו ר' שמואל ארענשטיין דרײ מענשען, אויף וועלכע ער האט זיך ניט געריכט.

אײנער איז געוועזען דער רב פון'ם שטעדטעל, ר' משה קאפואנער, א גרויסער למדן, א ירא שמים אונ ווירקליך א גאנץ פרומער מאן, וועלכער האט געוואוסט נור פון גאט אונ ציצית, דער צווייטער איז געוועזען דער לעדער הענדלער, ר' יונה מאנדעל, גבאי ראשון פון דער חברה קדישה, א איד א למדן אונ הייסער ליבאוויטשער חסיד, דער דריטער איז געוועזען ר' יואל מילך, איין אנגעזעהענער בעל הבית.

זיי                                        (גט״י ח״ב)

זיי האבען געבעטען ר' שמואל ארענשטיין, ער זאל מיט זיי אריינגיין אין א בעזונדער צימער, ווייל זיי האבען מיט איהם צו רעדען איבער זעהר א וויכטיגען געגענשטאנד.

ר' שמואל ארענשטיין איז געווארען איבערראשט פון'ם ערנסטען טאן, מיט וועלכען מען האט איהר געבעטען אין א בעזונדער צימער.

ער האט אריינגעפיהרט זיינע געסט אין א בעזונדער צימער, האט זיי געבעטען זיצען און האט געפרעגט נייגיעריג.

— וואס איז עפעס געשעהען? וויא קומט עס, וואס איהר זייט אליין געקומען צו מיר, רבי? — זאגט מיר, מיט וואס קען איך העלפען?

איינגע מינוטען האבען אלע געשוויגען, אזוי וויא דער רבי א"ז אליין געקומען, האט ער געדארפט ענטפערן און ערקלערן דעם צוועק פון זייער בעזוך.

דער רב האט אויפגעהויבען דיא אויגען צום הימעל, האט א זיפץ געטאן און האט געזאגט:

— גאט אין הימעל איז מיין עדות, וויא שווער עס איז מיר אייך וועה צו טאהן, ר' שמואל איך קען אייך שוין זייט פיעלע יאהרען און ווייס, אז איהר זייט א פרומער איד און א גאטעס פירכטיגער מאן, איהר זייט א ציערונג פאר כלל ישראל און דאך מוז איך אייך יעצט קרענקען און אייך מצער זיין, איך מוז אויפהויבען מיין שטימע און בעטען, און ווארענען, וויא עס שטייט אין אונזער הייליגער תורה: הוכיח תוכיח את עמיתך.

— אום גאטעס ווילען! וואס זאגט איהר, רבי? — האט ר' שמואל ארענשטיין אויסגערופען, — איך קען מיך ניט בעזינען איך זאל האבען געטאן איין עבירה, פאר וועלכע איהר וואלט מיך ווארענען! איך גלויב אין גאט און בין מקיים זיין תורה און זיינע מצות, וויא ווייט איך קען נור.

— חס וחלילה! איך רעד ניט פון אייך, — האט דער רב פערהאפט, — מיר זיינען ניט געקומען אייך ווארענען אדער אייך זאגען מוסר, מיר ווייסען, אז איהר זייט א פרומער איד און היט אפ גאטס געבאט, אבער... דער בעסטער בוים קען א מאל ברענגען שלעכטע פרוכט, דער עהרליכסטער און עדעלסטער פאטער קען האבען א שלעכטעס קינד, דוד המלך האט געהאט א זוהן אבשלום און דער גוטער און פרומער קעניג חזקיה האט געהאט א זוהן מנשה, וועלכער האט געדיענט צו אלע עבודות זרות.

ר' שמואל ארענשטיין איז געווארען בלייך וויא קאלך.

— וואס רעדט איהר, רבי? — האט ער געשטאמעלט. — מיין יוסעלע איז דאך א...

הלואי (גט"י ה"ב)

— הלואי וואלט איך א טעות געהאט, הלואי וואלט איך א ליגען געזאגט! האט דער רב געזיפצט, — איך וואלט זעהר צופריעדען געווען צו אייך, פאלען צו אייערע פיס אונ בעטען איהר זאלט מיר מוחל זיין, וואס איך האב חושד געווען בכשרים, וואס איך האב בעשולדיגט איין אונשולדיגען, אבער... וועה מיר! עס איז אלעס אמת, אייער, איידים, גבריאל וואלף, איז אראפ פון גוטען וועג, ער דאווענט ניט, ער פירט זיך ארום מיט גוים, ער עסט מיט זיי טריפות אונ טרינקט מיט זייא יין נסך, ער לעזט אין זייער טרייף פסול, זייערע ביכער פון ישוע הנוצרי, ער דערווייטערט זיך פון אידען אונ דערנעהנטערט זיך צו אונזערע פיינד, — וועה מיר, וואס איך דארף עס זאגען! וועה מיר, וואס איך דארף עס הערן! — מען זאגט, אז ער וויל זיך שמד'ען.

ר' שמואל ארענשטיין האט אנגעהויבען צו ציטערן וויא אין א פיעבער, ער האט פערדעקט זיין געזיכט מיט ביידע הענט אונ האט געקרעכצט, וויא א פערוואונדעטער לייב.

— שמד'ען? מיין איידים וויל זיך שמד'ען? — האט ער געזיפצט, — מיין איידים וויל עס מיר אנטאן דיעזע שאנדע אויף דער עלטער!

גרויסע, שווערע, הייסע, טראפען טרערן האבען ארויסגעקוואלען פון ר' שמואל ארענשטיין'ס אויגען, דער אלטער מאן האט געוויינט, וויא א קליין קינד, ער האט געוואוסט, אז ווען ר' משה קאפואנער איז געקומען אליין צו איהם ווארענען איהם פאר אזא געפאהר, איז עס שוין געוויס וואהר.

ר' משה קאפואנער איז געווען געאכטעט אונ בעליעבט ניט נור אין מיסלאוויץ, זאנדערן אין דער גאנצער געגענד ארום אלס א קלוגער, פרומער אונ געלערנטער רב, דארום האט ר' שמואל ארענשטיין אזוי געוויינט.

דער רב האט ניט געקענט צוזעהן דיא שמערצען פון'ם אונגליקליכען ר' שמואל ארענשטיין אונ ער האט געזאגט מיט א ווייכערע שטימע.

— בערוהיגט אייך, ר' שמואל, עס שטייט נאך גאר ניט אזוי שלעכט מיט אייער איידים, גאט קען נאך העלפען, גאט קען איהם נאך אריינגעבען אין הערצען א פונק ליכט אונ ער וועט זיך נאך אומקערן צו גאט אונ וועט נאך זיין א געטרייער זוהן פון ישראל.

— אך, גאט! אך, גאט! איך האב געוויס פיעל געזינדיגט, ווען דזא שטראפט מיך אזוי הארט, — האט ר' שמואל ארענשטיין געזיפצט, — מיין אונגליקליכע טאכטער וועט עס ניט איבערלעבען, איך אליין וועל אויך ניט איבערלעבען אזא שאנדע.

בערוהיגט (גט"י ח"ב)

— בערוהיגט איך ר' שמואל ! — האט דער רב געבעטען צום צווייטען מאל , — עס שטייט נאך גאר ניט אזוי שלעכט מיט אייער אידים , ער איז נור א ביסעל אראפגעקראכען פון וועג אונ דערפאר בין איך געקומען צו אייך , איך וויל מיך בעראטהען מיט אייך , וואס מיר זאלען טאן אונ וויא אזוי מיר זאלען פערהיטען , אז דיזער פלעק זאל ניט פאלען אויף אייך אונ אויף דער גאנצער אידישער געמיינדע פון מיכלאוויץ , איך קען אייך פערזיכערן , אז קיינער וועט דערפון ניט וויסען , אונ ווען איינער וועט יא וויסען , וועט ער שווייגען .

ר' שמואל ארענשטיין האט אנגעהויבען זיך צו בערוהיגען , ער איז געוועזען גאנץ זיכער , אז דער רב מיינט עס גאנץ ערנסט אונ ווען ער וועט הייסען אלעמען מען זאל דערפון ניט ריידען , וועט מען ניט ריידען .

— אלזא , וואס טהוט מען ? — האט ר' שמואל געפרעגט , — וואס ראטה איהר מיר רבי ?

---

## 6.

# דעם רב'ס עצה.

מיט שטרענגע וועלען מיר גאר ניט מאכען , — האט דער רב געזאגט ערנסט , — גבריאל איז קיין קינד , ער איז שוין געוועזען אין קריעג אונ האט שוין געטראגען דעם קעניג'ס מונדיר , ער איז שוין אלזא אנגע-שמעקט מיט גוי , מיר מוזען זיין זעהר פארזיכטיג , איך , איהר אונ אייער טאכטער דארפען איהם בעטען אונ בעשווערן , אז ער זאל מעהר ניט גיין אין דיא קריסטליכע קלוב הייזער אונ זאל זיך מעהר ניט ארומפיהרען מיט'ן צאלל-דירעקטאר , ווייל דער צאלל-דירעקטאר איז א שונא ישראל .

ר' שמואל ארענשטיין האט געפונען , אז דער רב האט רעכט , גבריאל וועט פאלגען , ווען מען וועט איהם שטארק בעטען , ער האט ליעב רחל'ען אונ ווען רחל'ע וועט איהם בעטען אונ וועט וויינען פאר איהם , אז ער זאל ניט מעהר גיין אין קלוב אונ זאל זיך מעהר ניט ארומפיהרען מיט גאטשאלק'ען , וועט ער עס געוויס טאן , דאן וועט אלעס ווידער גוט ווערן , אלעס וועט פערגעסען אונ פערגעבען ווערן .

— איך דאנק אייך , רבי , פאר אייער גוטען ראטה , — האט ר' שמואל

געזאגט, — איך בין זיכער, אז ווען מיר וועלען בעטען גבריאל'ן, וועט ער אונז פאלגען.

— וואס וועט אבער זיין, ווען ער וועט ־איך ניט פאלגען? — האט ר' יונה מאנדעל געפרעגט.

— דאן וועלען מיר מוזען איהם מוסר'ן, איהם דראהען, איהם צווינגען, ער זאל זיך ניט ארומפיהרען מיט קריסטען, — האט דער רב געזאגט טרויעריג, — מיר טארען ניט דער לאזען אזא שאנדע! פיעלייכט וועט עס גיטיג זיין, אז ר' שמואל ארענשטיין זאל ערגעץ אוועקשיקען זיין אידים פון שטעדטעל.

— איך דענק, אז עס וואלט גלייך געווען, ר' שמואל ארענשטיין זאל נעמען זיין אידים קיין ליבאוויטש צום רב'ן און דער ליבאוויטשער רבי זאל איהם גוט אויסמוסר'ן.

מיר האבען מארגען ראש השנה, האט דער רב געזאגט, — גבריאל וועט דאך געוויס קומען דאווענען, וועלען מיר דאן זעהן, וויא ער וועט זיך אויפפיהרען ביי'ם דאווענען, גאט איז גרויס, ער האט אנגעשריעבען אין זיין תורה: כי לא אחפוץ במות המת כי אם בשובו מדרכו וחי'. גאט וויל ניט, אז דער שלעכטער זאל שטארבען, ער וויל נור, אז ער זאל תשובה טאן.

דער רב מיט זיינע בעגלייטער זיינען נאך אוועקגעזעסען איינינגע מינוט ביי ר' שמואל ארענשטיין און האבען אפגערעדט אלעס וואס מען זאל טאן, אז גבריאל זאל ווערען א ביסעל פרימער, דאן האבען זיי געוואונשען ר' שמואל'ן א גוט יאהר און זיינען זיך אוועקגעגאנגען.

ר' שמואל ארענשטיין איז געבליבען זיצען וויא א דערשלאגענער, ער איז שוין לאנג ניט געווען צופריעדען מיט גבריאל'ן, פאר וואס ער זיצט ליידיג און געמט זיך ניט צום געשעפט, דער רב האט איהם געעפענט דיא אויגען, ערשט יעצט האט ער אנגעהויבען צו פערשטיין, פאר וואס גבריאל וויל זיך ניט נעמען צום געשעפט.

— אך, גאט! — האט ער אויסגערופען, — אט דאס לאזט זיך אויס פון א אידישען אפיציער, ווען ער זאל געווען מיך פאלגען און ניט גיין אין דער ארמעע, וואלט ער געבליבען א איד, וויא אלע אידען, וויא ר' יונה מאנדעל און ר' יואל מילך, — יעצט אבער... יעצט איז ער ניט אהער, ניט אהין, ניט צו דיעזער וועלט, ניט צו יענער.

ער האט איינגעבויגען טרויעריג דעם קאפ, האט געטראכט און געקלערט, וואס ער זאל טאן, און האט זיך ענדליך ענטשלאסען איבער־צורייידען מיט גבריאל'ן און בעטען מיט גוטען, ער זאל אויפהערן זיך ארומצופיהרען מיט דיא גוים.

גבריאל (גט"י ח"ב)

גבריאל איז נאך געווען אין דער היים, ר׳ שמואל ארענשטיין האט איהם אריינגערופען צו זיך און האט איהם גאנץ פארזיכטיג און גאנץ געלאסען דערציילט, ווער עס איז נור וואס געווען ביי איהם און וואס מען האט פון איהם פערלאנגט.

גבריאל׳ן איז געווען דאס הערץ פערביטערט, וואס אלע זיינע פלענער זיינען צערשטערט געווארען און פלוצלונג קומט מען איהם נאך דרעהען דעם קאפ מיט פרומקייט.

— איך פערשטיי ניט, וואס גייט עס אן דעם רב און דיא שיינע אידען פון מיסלאוויץ, וואוהין איך גיי און מיט וועמען איך רייד! — האט ער אויסגערופען, — וואס פאר א רעכט האבען זיי מיר נאך צו שפיאנירען און מיר צו בעפעהלען, מיט וועמען איך זאל גיין און מיט וועמען ניט, וואס האבען זיי זיך אריינצומישען אין מיינע אנגעלעגענהייטען.

— וואס רעדסטו, גבריאל? קענסטו דען ניט ר׳ משה קאפואנער, אונזער רב! ער איז ווירקליך א ירא שמים און מיינט עס גאנץ ערליך מיט דיר, ער וויגשט דיר קיין שלעכטעס, ער וויל דיך נור ארויספיהרען אויף׳ן גוטען וועג.

— ער וויל עס מיך פיהרען אויף׳ן גוטען וועג? — האט גבריאל אויסגערופען פון צארן, — לאז ער זיך זארגען פאר זיינע קינדער, איך וועל מיך שוין אליין פערזארגען.

גבריאל! וואס רעדסטו? — האט ר׳ שמואל ארענשטיין א געשריי געטאן, — רעספעקט פאר ר׳ משה קאפואנער! דרך ארץ פאר אונזער רב הקהל! — דוא מוזט מקבל נזיפה זיין! דוא מוזט איבערבעטען דעם רב!

מיין ליעבער שוויגער-פאטער! איך בין שוין קיין קינד, און איך וועל מיך ניט לאזען פיהרען ביי דער נאז, — האט גבריאל געענטפערט פעסט, — ר׳ משה קאפואנער איז איין אלטער פאנאטיקער, וועלכער ווייס נור זיין גמרא און זיין יורה דעה, ער ווייס אבער ניט, וואס עס טוהט זיך אויף דער וועלט, ער ווייס ניט, וואס עס הייסט פראגרעס און ציוויליזאציאן, ער מיינט, אז מיר לעבען מיט דריי הונדערט יאהר צוריק, — פאר אזא אלטען-פאנאטיקער וועל איך מיך ניט איינבויגען.



# 7.

# רַבִּי שְׁמוּאֵל אָרֶענְשְׁטֵיין מִיט זַיין אוּנְצוּפְרִיעֶדֶענֶעם אֵיידִים.

ר' שמואל ארענשטיין האָט איינְגֶעזֶעהן, אַז מִיט בֵּייזֶען וֶועט עֶר גָאר נִיט מַאכֶען, גבריאל אִיז שׁוֹין אַיין אוֹיסְגֶעווַיקְסֶענֶער קִינְד אוּנ וֶוען עֶר וֶועט אָנְהֵייבֶּען צוּ שְׁרַייעֶן אוֹיף אִיהם, וֶועט עֶר עֶרְגֶער מַאכֶען, ווִיא דֶער רַב הָאט פְּרִיעֶר גֶעזָאגְט, עֶר הָאט אַלְזָא ווִיעדֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט גוּטֶען.

לִיעבֶּער גבריאל! עֶס אִיז מִיר אַ שַׁאנְדֶע, פַאר דֶער וֶועלְט, וָואס דוּא פִּיהְרְסְט זִיךְ אַזוֹי, טוּה מִיר צוּלִיעב אוּנ הֶער אוֹיף צוּ גֵיין מִיט דִיא קְרִיסְטֶען, — פֶערְגֶעס נִיט, אַז רחל'ע אִיז שְׁוַואנְגֶער אוּנ אִיז נָאךְ דֶערְצוּ עֶפֶּעס נִיט גֶעזוּנְד, זִיא וֶועט עֶס נִיט אוֹיסְהַאלְטֶען, וֶוען זִיא וֶועט גֶעוָואהר וֶוערֶען, וָואס מֶען רֶעדְט פוּן דִיר אִין שְׁטָאדְט.

דִיעזֶע מִילְדֶע ווֶערְטֶער, גוּטֶע ווֶערְטֶער הָאבֶּען גֶעווִירְקְט אוֹיף גבריאל'ן.

עֶס אִיז אַיין אֵייבִּיגֶע וַוארְהֵייט, אַז מִיט פְרֵיינְדְלִיכְקֵייט אוּנ מִיט גוּטֶע רֵייד קֶען מֶען שְׁטֶענְדִיג מֶעהר אוֹיסְפִיהרֶען, ווִיא מִיט בֶּעלֵיידִיגוּנְגֶען אוּנ מִיט דְרָאהוּנְגֶען.

גבריאל הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען נָאכְצוּגֶעבֶּען, דָאס הָאט גֶעגֶעבֶּען ר' שמואל אָרענשטיין מוּטְה צוּ פֶערְלַאנְגֶען מֶעהר אוּנ מֶעהר.

— גִיבּ מִיר דִיא הַאנְד, אַז דוּא וֶועסְט מֶעהר נִיט גֶעהן צוּם צַאלְל-דִירֶעקְטאָר! הָאט עֶר עֶנְדְלִיךְ גֶעפְאדֶערְט. — גִיבּ מִיר דִיא הַאנְד, אַז דוּא וֶועסְט מֶעהר נִיט לֶעזֶען קֵיין בִּיכֶער אִיבֶּער דִיא קְרִיסְטְלִיכֶע רֶעלִיגְיָאן.

גבריאל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, עֶר הָאט זִיךְ גֶעפִיהלְט טִיעף בֶּעלֵיידִיגְט,

— אִיהר גְלוֹיבְּט נִיט מַיין וָוארְט? — הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט.

— אַ וָוארְט קֶען מֶען פֶערְגֶעסֶען, אַ הַאנְדְשְׁלַאג אִיז הֵיילִיג, — הָאט ר' שמואל ארענשטיין גֶעעֶנְטְפֶערְט.

וָואלְט עֶר זִיךְ בֶּעסֶער צוּגֶעקוּקְט צוּ גבריאל'ן, וָואלְט עֶר בֶּעסֶער גֶעזֶעהן, ווִיא גבריאל'ס גֶעזִיכְט הָאט יֶעדֶעס מָאל גֶעעֶנְדֶערְט דִיא פַארְבּ, וָואלְט עֶר פִיעלַייכְט פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז מֶעהר דַארְף עֶר יֶעצְט נִיט פָארְדֶערְן; עֶר הָאט אָבֶּער נִיט גֶעזֶעהן אוּנ נִיט בֶּעמֶערְקְט, וָואס עֶס קָאכְט זִיךְ אִין גבריאל'ס הֶערְצֶען אוּנ אִיז פֶעסְט בֶּעשְׁטַאנֶען אוֹיף זַיין פָארְדֶערוּנְג,

אז גבריאל זאל איהם געבען דיא האנד פאר'ן רב פון'ם שטעדטעל, אז ער וועט מעהר ניט ארומגיין מיט'ן צאלל-דירעקטאר.

א ווארט פאר א ווארט, ביז עס איז געקומען אזוי ווייט, אז גבריאל האט אויסגערופען:

— דאס עהרענווארט פון א פרייסישען אפיציער איז הייליגער, וויא א האנדשלאג פון א פאנאטישען אידען.

— דענקסטו, אז דוא ביסט נאך איין אפיציער? — האט ר' שמואל ארענשטיין אויסגערופען מיט צארן און פעראכטונג, — דוא ביסט איין ארויסגעטריבענער אפיציער, איין אפגעזאגטער אפיציער, וועלכער גייט ארום לעדיג און קען ניט פערדיענען צו דערנעהרן זיין פרוי און קינד.

— נעמט צוריק דיעזעס ווארט, ר' שמואל! — האט גבריאל געשריען און איז געווארען בלייך וויא קאלך.

דוא פערגעסט, אז איך בין עלטער פון דיר און דוא עסט ביי מיין טיש, — האט ר' שמואל געענטפערט גראב.

ר' שמואל ארענשטיין איז צוואר געוועזען א קלוגער מאן, דאס מאל אבער האט ער בעגאנגען א גראבען פעהלער, ער איז געוועזען זעהר אויפגערעגט און האט אויף א מינוט פערגעסען דעם גוטען ראטה, וועלכען דער רב האט איהם געגעבען.

גבריאל האט א קלאפ געטאן מיט דער טיר און איז אוועקגעלאפען.

ער איז געלאפען צו זיין גוטען אלטען פריינד גאטשאלק.

אלעס האט זיך געענדיגט! דיא בריק צווישען איהם און זיין שוויעגער פאטער איז צובראכען געווארען, דער לעצטער פאדים, וועלכער האט זיי נאך געהאלטען צוזאמען, איז צוריסען געווארען, זיי זיינען שוין פריהער געוועזען ווייט איינער פון אנדערן און יעצט האבען זיי זיך נאך מעהר דערווייטערט.

איין שטרענגעס ווארט, איין ניט גאנץ שלעכט געמיינטע בעליידיגונג האט אלעס צערשטערט.

דאס אידישע פאלק האט אויסגעארבייט א שפריכווארט: „א פאטש פערגייט, א ווארט בעשטייט", און דיעזעס שפריכווארט האט זיך איינגעגעסען אין לייב און לעבען פון אידישע פאלק. קיין פאלק איז ניט אזוי עמפפינדליך, פיהלט ניט אזוי טיעף א בעליידיגונג, וויא א איד, וויא א געבילדעטער איד, ער פיהלט דיא בעליידיגונג אין זיין טיעפסטען הערצען, ער קען זיי קיין מאל ניט פערגעסען און קיין מאל ניט פארגעבען.

שוין דער תלמוד, דיא גמרא, זאגט: „כל תלמיד חכם שאינו נוקם ונוטר

(גט״י ח״ב)

ונוטר כנחש, אינו תלמיד חכם", ווען אַ געבילדעטער מענש איז ניט ראַכזיכטיג, וויא אַ שלאַנג, איז ער קיין עדעלמאַן.

---

# 8.

## אומזיסט דיא מיה דער ליעבע!

גבריאל איז געלאָפען צו זיין אַלטען, גוטען געטרייען פריינד גאַטשאַלק, דער צאַלל-דירעקאָר פון מיסלאָוויץ.

קוים איז ער אַריינגעקומען צו גאַטשאַלקן אין צימער, האָט גאַטשאַלק באַלד דערקענט, אַז מיט איהם איז עפּעס געשעהן.

— וואָס איז מיט דיר, וואָלף, האָט ער געפרעגט, — וואָס איז געשעהן? פאַר וואָס ביסטו אַזוי אויפגערעגט?

— העלף מיר! ראַטה מיר, אַלטער גוטער פריינד! האָט גבריאל אויסגערופען.

גאַטשאַלק האָט געטאָן אַלעס מעגליכעס צו בערוהיגען זיין פריינד און האָט איהם געבעטען, ער זאָל איהם דערציילען אַלעס.

גבריאל האָט געמוזט דערציילען אַלעס, וואָס עס האָט מיט איהם היינט פּאַסירט, גאַטשאַלק האָט איהם אויסגעהערט גאַנץ ערנסט און אויפמערקזאַם, דאַן האָט ער געטראַכט איינגע מינוט און האָט געזאָגט צו איהם.

— הער מיך צו, מיין אַלטער גוטער וואָלף! איך האָב דיר שוין פיעלע מאָל געזאָגט, אַז דאָס בעסטע פאַר דיר וועט זיין, דו זאָלסט ווערען אַ קריסט, דו קענסט מעהר ניט לעבען צווישען דיינע ברידער, דו קענסט ניט ווערען קיין שמוגלער אָדער אַ שאַכערער, דו האָסט זיך אָפּגעריסען פון דיינע ברידער און ביסט ניט צוגעטרעטען צו אונז, דו שוועבסט צווישען הימעל און ערד, וויא דער זאַרג פון׳ם פּראָפעט מחמד. *) — דאָס טויג ניט, אַזאַ לאַגע איז אונמעגליך, טויף זיך און

---

*) מען דערציילט אַז דיא ביינער פון מחמד ליגען אין אַיין אייזערנעם קאַסטען, וועלכער איז געשטעלט צווישען צוויא גרויסע מאַגנעטען, איינער אויבען און איינער אונטען, יעדער מאַגנעט ציעהט איהם צו זיך און דערפאַר הענגט דער זאַרג אין דער לופט.

דוא

(נט״י ח״ב)

דוא ווערסט ווערן א מענש, איך אליין וועל דיר ופערשאפען דיא בעסטע שטעללע, מיט דער צייט קענסטו ווערן איין אנגעזעהענער מענש, א גרויסער מאן, וואס אבער וועט ווערן פון דיר, ווען דוא וועסט בלייבען א איד?

גבריאל האט זיך נאך אייניגע צייט געווערט געגען דיעזע אידעע צו ווערן א קריסט, ער האט שטענדיג געזעגענט צו בלייבען א איד אונ דאך צו ווערן א בערימטער מאן.

גאטשאלק האט אבער געוואוסט, וויא אזוי צו ריידען אונ וויא אזוי איינצורעדען גבריאל'ן, אז ער האט קיין אנדער אויסוועג אלס צו ווערן א קריסט.

גאטשאלק איז ניט געווען אזא פאנאטישער קריסט, וועלכער זוכט צו רעטען אידישע זעעלען; ער איז געווען א קלוגער, פראקטישער מענש, וועלכער האט גאנץ גוט זיך איבערלעגט אונ בערעכענט, אז פאר גבריאל'ן וועט עס זיין הונדערט מאל בעסער צו ווערן א קריסט אלס צו בלייבען א איד.

ער האט עס שוין עטליכע מאל געזאגט גבריאל'ן, אבער ביז אהער פלעגט גבריאל ניט וועלען וויסען דערפון, יעצט אבער האט זיך גבריאל בעסער צוגעהערט צו זיין פריינד'ס גוטען ראטה אונ — ער האט זיך ענטשלאסען!

דיא באמבע האט געפלאצט, גבריאל האט זיך אפגעריסען ניט נור פון זיין שוויגער-פאטער, זאנדערן פון יודענטהום, גבריאל האט ענטשלאסען זיך צו טויפען!

גבריאל איז געווען א מענש מיט א שטארקען כאראקטער, קוים האט ער זיך ענטשלאסען צו ווערן א קריסט, האט ער געוואלט עס אויך באלד אויספיהרען.

אזוי וויא ער האט אבער געליעבט זיין פרוי אונ זיין קינד, מוז ער אלזא נאך איבערריידען מיט זיין רחל'ע.

אונטערדעסען האט שוין ר' שמואל ארענשטיין דערצייל'ט זיין טאכטער אלעס, וואס עס האט פאסירט צווישען איהם אונ גבריאל'ן אונ האט זיא געבעטען, אז זיא זאל ווירקען אויף איהם, ער זאל געבען זיין הגד, אז ער וועט ווערן גוט אונ פרום, וויא דער רב האט עס פערלאנגט.

ר' שמואל ארענשטיין האט באלד פערשטאנען, אז ער איז געווען צו היציג אונ האט בעגאנגען א פעהלער, וואס ער האט בעליידיגט גבריאל'ן, ער האט עס געזאגט זיין טאכטער אונ האט זיא געבעטען, זיא

זאָל איהם זאָגען, אַז איהר פֿאָטער בעריַיעט, וואָס ער האָט בעליידיגט גבריאל'ן.

# 9.

# מיט בייזען מאכט מען גאר ניט.

ווען גבריאל איז געקומען אהיים. איז ר' שמואל ארענשטיין שוין אוועקגעגאנגען אין שול, ער האט אריינגערופען רחל'ען אין זייער צימער אונ האט געזאגט צו איהר:

— איך מוז דיר מיטטיילען זעהר אונאנגענעמע נאכריכטען, מיין געליעבטע פרוי, איך האב זיך צוקריגט מיט דיין פאטער, ווייל ער האט מיך בעליידיגט, איך קען עס שוין לענגער ניט אויסהאלטען, עס מוז דאך איין ענדע נעמען, איך קען עס ניט איבערטראגען, וואס יעדער מישט זיך אריין אין מיינע אנגעלעגענהייטען.

— אך, גבריאל! דוא פערגעסט, אז מיין פאטער איז דאך עלטער פון דיר, ער מעג זיך ערלויבען דיר צו זאגען איין איבריגעס ווארט, ווארשיינליך, האסטו אויך ניט געשוויגען, נו, וואס איז? צווישען פערוואנדטע קען א מאל פארקומען איין אונאנגענעמליכקייט. מען צוקריעגט זיך אונ מען בעט זיך איבער, זאג נור איין ווארט אונ ער וועט דיר אלעס פערצייהען.

— ניין, רחל'ע! יעצט איז אלעס פאראיבער, איך קען עס ניט ליידען, אז מען זאל מיר נאכקוקען אונ נאך שפיאנירען, אז מען זאל אויף מיר אכטונג געבען, וויא אויף א קינד.

— וואס קען מען מאכען, מיין גוטער גבריאל? ווען מען לעבט צווישען מענשען, מוז מען זיך אפיטעל צווינגען.

— איך וויל עס ניט טאן אונ וועל עס ניט טאן! האט גבריאל אויסגערופען פעסט.

— דוא קענסט זיך דאך אבער ניט אויסשליסען פון דיא אידען? האט רחל'ע בעמערקט.

ניט ווילענדיג האט זיא אנגערירט דיא וואונד אין גבריאל'ס הערצען.

— פאר וואס קען איך עס ניט מיך אויסשליסען פון אידען? האט ער געפרעגט.

רחל'ע האט זיך אנגעהאפט מיט בירע הענד ביים קאפ אונ האט געפרעגט מיט שרעק אונ ציטערניש:

— איז עס מעגליך, גבריאל? איז עס וואהר, אז דוא ווילסט ווערן א קריסט?

— וואס דען זאל איך טאן? דיא אידען פערשטויסען מיך, פעריאגען מיך אונ פערטרייבען מיך, זיי צווינגען מיך צו ווערן א קריסט.

רחל'ע איז געפאלען אין אונמאכט, גבריאל האט געמוזט איהר שפריצען וואסער אין געזיכט אום זיא אפצוזומיטערן.

דאס מאל אבער האבען זיי מעהר ניט גערעדט דאריבער.

דעם ערשטען טאג ראש השנה איז גבריאל ניט געקומען אין שול דאוונען, ר' שמואל ארענשטיין איז געווען אויסער זיך אונ האט געבעטען רחל'ען, זיא זאל נאך א מאל איבערעדען מיט איהר מאן, אונ זאל זיך געבען אלע מיה איהם אפצורעדען פון דעם שלעכטען וועג, אויף וועלכען ער וויל גיין.

זיא האט באלד געפונען א געלעגענהייט צו ריידען מיט איהם גאנץ ערנסט.

— גבריאל, דוא ביסט היינט שוין ניט געווען אין שול - האט זיא געזאגט, איז עס געשעהן דערפאר, וויל דוא ווילסט ווערן א קריסט?

— יא, מיין ליעבע פרוי! איך האב מיך ענטשלאסען צו ווערן א קריסט.

— אונ וואס וועט ווערן פון מיר אונ פון מיין קינד?

— דוא וועסט אויך ווערן א קריסטין.

— איך? — אויף קיין פאלל! — האט רחל'ע אויסגערופען מיט איין ענערגיע, וועלכע גבריאל האט נאך ביי איהר קיין מאל ניט בעמערקט.

— דוא האסט דאך מיך ליעב רחל'ע? — האט גבריאל געפרעגט.

— איך האב דיך ליעב, יא, דאס איז וואהר, האט זיא געענטפערט, פאָרדער פון מיר וואס דוא ווילסט, פאָרדער מיין לעבען, פאָרדער, איך זאל ארומגיין בעטלען פון דיינעט וועגען, פאָרדער איך זאל טאן דיא שווערסטע ארבייטען, אבער פאָרדער ניט, איך זאל פערלאזען מיין פאלק, מיין גלויבען אונ מיין גאט.

גבריאל האט נאך אוועקגערעדט אייניגע צייט אונ האט געבעטען רחל'ען, זיא זאל ווערן א קריסטין גלייך מיט איהם. זיא איז אבער פערבליבען פעסט, וויא א מויער, אז זיא וועט ניט בייטען איהר גלויבען.

— איך וועל ליעבער שטארבען אלס זיך טויפען! האט זיא געזאגט.

אזוי זייגען וויעדער פערגאנגען עטליכע טעג, גבריאל פלעגט ניט

(גט"י וז"ב) גיין

גֵיין אִין שׁוּל, עֶר פְּלֶעגְט אָבֶער קוּמֶען אַ הֵיים, עֶר פְּלֶעגְט צְוַואר אוֹיסְמַיידֶען זַיין שׁווּיגֶער-פָאטֶער.

אוּנְטֶערְדֶעסֶען הָאט דָאס שְׁטֶעדְטֶעל אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ קָאכֶען ווִיא אַ קֶעסֶעל, מֶען ווייס נִיט פוּן וואנֶען, מֶען ווייס נִיט פוּן וָואס, נָאנְץ פְּלוּצְלוּנְג הָאט זִיךְ פֶערְבְּרֵייטֶערְט דִיא נַאכְרִיכְט, אַז גבריאל ר' שמואל'ס אָרֶענְשְׁטֵיין'ס טוֹיפְט זִיךְ.

ר' שמואל אָרֶענְשְׁטֵיין הָאט זִיךְ גֶעשֶׁעמְט צוּ ווייזֶען אוֹיף דֶער גַאס, עֶר אִיז יֶעצְט שׁוֹין אַלֵיין גֶעגַאנְגֶען צוּם רַב אוּנ הָאט זִיךְ בֶּערַאטְהֶען מִיט אִיהם, ר' משה קָאפּוּאַנער אָבֶּער הָאט יֶעצְט אוֹיךְ קֵיין רַאטְה נִיט גֶעווּאוּסְט, עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז יֶעצְט אִיז שׁוֹין צוּ שְׁפֶּעט.

— אִיךְ הָאבּ נָאךְ אַיין הָאפְנוּנְג, — הָאט עֶר גֶעזָאגְט, — אִיךְ בִּין זִיכֶער, אַז גבריאל וֶועט קוּמֶען צוּ כל נדרי אִין שׁוּל, דַאמָאלְס אִיז יֶעדֶער אִיד אַ בִּיסֶעל צוּבְרָאכֶען, אִיךְ וֶועל דַאמָאלְס פְּרוּבִּירֶען רֵיידֶען מִיט אִיהם, אִיהם בֶּעטֶען, אִיהם וַוארֶענֶען אוּנ אִיהם דְרָאהֶען, עֶר זָאל זִיךְ אוּמְקֶערֶען פוּן זַיין שְׁלֶעכְטֶען וֶועג.

— אָבֶער דֶערְוַוייל? וָואס זָאלֶען מִיר טְאן דֶערְוַוייל?

— אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַרויסְצוּטְרֶעטֶען מִיט בֵּייזֶען, הָאט דֶער פָארְזִיצְנְדֶער רַב גֶעזָאגְט, — גבריאל אִיז הִיצִיג אוּנ גֶעבִּילְדֶעט. גָאט ווייס, וָואס עֶר קֶען נָאךְ טְאן, וֶוען מֶען וֶועט אִיהם רֵייצֶען.

---

# 10.

## רָחֵל'ס טוֹיט.

עֶס אִיז גֶעקוּמֶען ערב יום כפור, דִיא אִידֶען פוּן מיסלאָוויץ הָאבֶען זִיךְ גֶערֶעשְׁ'ט אוּנ פָארְבְּרֵייטֶעט אוֹיף דִיעזֶען גְרוֹיסֶען טָאג, וֶוען עֶס וֶוערְט פֶערְזִיעגֶעלְט דָאס שִׁיקְזַאל פוּן יֶעדֶען מֶענְשֶׁען פַאר דָאס גַאנְצֶע גֶעקוּמֶענֶע יָאהר.

אִין אַלֶע הַייזֶער אִיז מֶען גֶעוֶועזֶען עֶרְנְסְט, אוּנְרוּהִיג אוּנ גֶענֵייגְט צוּ בֶּעטֶען גָאט אוּנ צוּ טְאן תְּשׁוּבָה.

אִין ר' שמואל אָרֶענְשְׁטֵיין'ס הויז הָאט גֶעהֶערְשְׁט אַ טִיעפֶער טְרוֹיעֶר.

רחל'ע אִיז גֶעוֶועזֶען בְּלֵייךְ, ווִיא קַאלְךְ, זָאגַאר אִיהרֶע לִיפֶּען זַיינֶען גֶעוֶועזֶען בְּלוֹי, פוּן צַייט צוּ צַייט פְּלֶעגְט זִיא פֶערְדֶעקֶען אִיהר גֶעזִיכְט מִיט בֵּיידֶע הֶענְד אוּנ פְּלֶעגְט גִיעסֶען מִיט טְרֶערְן.

ר׳ שמואל אָרענשטיין איז גֶעוֶועזֶען פִינְסְטֶער ווִיא אַ נָאוֶועמְבֶּער נַאכְט, אונ פוּן צַייט צוּ צַייט פְּלֶעגְט זִיךְ אַרויסְרַייסֶען פוּן זַיין בְּרוּסְט אַ שְׁוֶוערֶער אוּנ טִיעפֶער זִיפְץ.

יוסעלע איז גֶעוֶועזֶען אִין דָארְף בַּיי זַיין שווִיעגֶער-פָאטֶער, עֶר הָאט דָאךְ גֶעגֶעסֶען קֶעסְט.

דִיא מוּמֶע חיה איז גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְק בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט׳ן ערב יום כפור אוּנ הָאט זִיךְ נִיט גֶעווִיעזֶען אִין שְׁטוּב, מלכה איז אויךְ גֶעוֶועזֶען בֶּעשֶׁעפְטִיגְט.

אִין שְׁטוּב זַיינֶען אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען ר׳ שמואל אָרענשטיין, רחל׳ע אונ אִיהר קִינְד שרה׳לע, דִיא אֵיינְצִיגֶע, וָואס הָאט גֶעוָואלְט פְרֵיילִיךְ זַיין אוּנ הָאט אוֹיף קֵיין פַאל נִיט גֶעקֶענְט פֶערְשְׁטֵיין, פַאר וָואס אִיהר מוּטֶער וויינְט אוּנ פַאר וָואס דֶער גראָס-פָאטֶער וויל זִיךְ מִיט אִיהר נִיט שְׁפִּילֶען.

זַייא זוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ אַרָאפְּצוּלָאזֶען אוּנ מֶען הָאט שׁוֹין גֶעדַארְפְט זִיךְ זֶעצֶען עֶסֶען דִיא סְעוּדָה הַמַפְסֶקֶת.

— עֶר איז הַיינְט גָאר נִיט גֶעוֶועזֶען אִין דֶער הֵיים? הָאט ר׳ שמואל אָרענשטיין גֶעפְרֶעגְט שְׁטִילֶערְהֵייט, גְלַייךְ ווִיא עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט, אַז מֶען זָאל זִיךְ נִיט אוּנְטֶערְהֶערֶן.

— נֵיין, פָאטֶער, הָאט רחל׳ע גֶעזָאגְט אוּנ הָאט אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען דֶעם קָאפּ.

פָאטֶער אוּנ טָאכְטֶער הָאבֶּען זִיךְ פֶערְשְׁטַאנֶען, פָאטֶער אוּנ טָאכְטֶער הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אוּם נִיט עֶפֶּענְטְלִיךְ צוּ וויינֶען, פָאטֶער אוּנ טָאכְטֶער הָאבֶּען גֶעפִיהלְט, ווִיא שְׁרֶעקְלִיךְ יֶעדֶער פוּן זַייא לֵיידֶעט.

ר׳ שמואל אָרענשטיין הָאט נָאךְ עֶפֶּעס גֶעוָואלְט זָאגֶען, אִין דִיעזֶע מִינוּט אָבֶּער איז אַרַיינְגֶעקוּמֶען מלכה אוּנ הָאט גֶעזָאגְט:

— עֶס איז שׁוֹין צַייט צוּ פֶערְפַאסְטֶען מֶען הֵייבְּט שׁוֹין אָן, צוּ גֵיין אִין שׁוּל.

מֶען הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּם טִישׁ אוּנ מֶען הָאט גֶעגֶעסֶען דִיא סעודה המפסקת, ר׳ שמואל אָרענשטיין הָאט גֶענוּמֶען אַ פָּאאַר בִּיסֶען אִין מוֹיל, אוּם עֶר זָאל מֶעגֶען בֶּענְשֶׁען, רחל׳ע הָאט גָאר נִיט גֶעגֶעסֶען.

עֶרְשְׁט בַּיים בֶּענְשֶׁען הָאבֶּען פָאטֶער אוּנ טָאכְטֶער גֶעפוּנֶען אַ גֶעלֶעגֶענְהֵייט זִיךְ אוֹיסְצוּווֵיינֶען, בַּיים בֶּענְשֶׁען הָאט עֶס נֶעפַאסְט.

נָאכ׳ן בֶּענְשֶׁען הָאט ר׳ שמואל אָרענשטיין גֶענוּמֶען זַיין טלית קִיטְעל אוּנ מַחְזוֹר אוּנ הָאט גֶעוָואלְט גֵיין אִין שׁוּל, פוּן דֶער טִיר אָבֶּער הָאט ער זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהרְט, עֶר איז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין טָאכְטֶער, הָאט זִיא

ארומגענומען, האט איהר א קוש געטאן אין קאפ און האט געזאגט מיט א פייערליכער, געריהרטער שטימע, אין וועלכער מען האט געהערט פערשטיקטע טרערן.

— דער אבי יתומים ודיין אלמנות זאל דיך טרייסטען, מיין אונגליקליכעס קינד!

דאן איז ער ארויסגעלאפען פון שטוב וויא א וואהנזיניגער.

דיא פרויען זיינען נאך געבליעבען איינינע מינוט אין דער היים.

דיא מומע חיה און מלכה האבען פערזארגט דאס עסען אויף מארגען, רחל'ע האט גענומען א בעקאנטע גויה אויף יום כפור. זיא זאל אכטונג געבען אויף שרה'לען, זיא האט אלזא געמוזט אנזאגען דער גויה, וואס זיא זאל טאן אין דער צייט, ווען אלע וועלען זיין אין שול.

ענדליך האט מען אלעס פערזארגט און אלעס איינגעארדערט און מען איז אוועקגעגאנגען צו כל נדרי.

ערנסט און טרויעריג האבען דיא אידען געדאוועגט, ערנסט און טרויעריג איז געשטאנען ר' שמואל ארענשטיין לעבען ארון קודש, אין דער גאנצער צייט פון דאווענען האט ער זיך ניט אומגעקערט צום עולם, ער האט זיך געשעמט צו ווייזען זיין געזיכט.

וואס עס איז פארגעקומען אין דער ווייבערשער שול, וואו רחל'ע און מלכה האבען געדאוועגט, געמען מיר זיך ניט אונטער צו בעשרייבען, ווייל מיר זיינען דארט ניט געווען, אין יענער צייט און נאך אין מיסלאוויץ האט זאגאר א ראמאן שרייבער ניט געקענט אריינגיין ערב יום כפור צו כל נדרי אין א ווייבערשע שול.

אין דער צייט, ווען דיא אידען האבען אויסגעגאסען זייער הערץ פאר גאט און האבען איהם געבעטען, ער זאל זייא מוחל זיין זייערע זינד, איז אהויכער מאן, איינגעהילט אין א מאנטעל, געגאנגען איבער דיא ליידיגע גאסען פון מיסלאוויץ.

דאס איז געווען גבריאל.

ער איז יעצט געגאנגען פון זיין פריינד גאטשאלק, וואו ער האט גענומען דיא ערשטע לעקציאן אין קריסטליכען גלויבען.

גאטשאלק האט שוין אלעס געזארגט און האט פערלאנגט, אז גבריאל זאל זיך טויפען אין מיסלאוויץ, דאס האט אבער גבריאל אויף קיין פאל ניט געוואלט ער האט ניט געוואלט קרענקען אזוי פיעל זיין שווער און זיין פרוי.

ער האט צוואר זעהר גוט געוואוסט, אז קוים טויפט ער זיך, קען שוין רחל'ע מעהר ניט זיין זיין פרוי, ווייל דאמאלס איז נאך אין פרייסען געווען פערבאטען דאס הייראטען פון קריסטען און אידען, ער האט וויעדער

גֶעוואוּסְט, אַז רחל׳ע װֶעט זִיךְ אוֹיף קֵיין פַאל נִיט טוֹיפֶען, צְווִישֶׁען זֵייא בֵּיידֶען אִיז אַלְזָא אַלֶעס גֶעעֶנְדִיגְט, וִויא עֶס אִיז אַלֶעס גֶעעֶנְדִיגְט צְווִישֶׁען אִיהם אוּנ דֶעם יוּדֶענְטְהוּם, וַוייל אִין יֶענֶע צֵייטֶען, װֶען מֶען אִיז אֵיין מָאל גֶעוָוארֶען אַ קְרִיסְט, הָאט מֶען שׁוֹין נִיט גֶעקֶענְט צוּרִיק װֶערֶן אַ אִיד.

אוּנ פוּן דֶעסְטְװֶעגֶען אִיז גבריאל יֶעצְט גֶעגַאנְגֶען אִין ר׳ שמואל אָרֶענְשְׁטֵיין׳ס הוֹיז מִיר װָאלְטֶען גֶעזָאגְט, אַז עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אַ הֵיים, אָבֶּער ר׳ שמואל אָרֶענְשְׁטֵיין׳ס הוֹיז אִיז שׁוֹין מֶעהר נִיט גֶעװֶען זַיין הֵיים.

עֶס הָאט אִיהם אָבֶּער דָאךְ גֶעצוֹיגֶען אַ הֵיים, עֶס הָאט אִיהם גֶעצוֹיגֶען צוּ זֶעהֶן נָאךְ אַמָאל זַיין קִינְד, זַיין שרה׳לע, װֶעלְכֶעס עֶר הָאט הֵיים גֶעלִיעבְּט.

עֶר הָאט גוּט גֶעוואוּסְט, אַז יֶעצְט אִיז קֵיינֶער נִיטָא אִין דֶער הֵיים, דָאס קִינְד אִיז אַלְזָא אַלֵיין אוּנ עֶר װֶעט קֶענֶען גַאנְץ רוּהִיג עֶס זֶעהֶן, עֶס אַרוּמְנֶעהְמֶען אוּנ זִיךְ צוּ שֵׁיידֶען מִיט אִיהם פִיעלַייכְט אוֹיף אֵייבִּיג.

אִין דְרוֹיסֶען אִיז שׁוֹין גֶעװֶען רֶעכְט פִינְסְטֶער װֶען גבריאל אִיז צוּ גֶעקוּמֶען צוּ זַיין גֶעװֶעזֶענֶעם הֵיים.

עֶר הָאט נָאךְ גֶעהַאט בַּיי זִיךְ דִיא שְׁלִיעסֶעל פוּן זַיינֶע צִימֶער אוּנ אִיז גְלַייךְ אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין זַיין שְׁלָאף צִימֶער.

---

## II.

# דֶער לֶעצְטֶער קוּשׁ.

דִיא קְרִיסְטְלִיכֶע פְרוֹי הָאט נוּר וָואס אוֹיסְגֶעבֶּעט שרה׳לעס בֶּעטֶעלֶע אוּנ הָאט גֶעוָואלְט זִיא לֵייגֶען שְׁלָאפֶען, זִיא הָאט גֶעקֶענְט גבריאל׳ן, וַוייל אִין אַ קְלֵיין שְׁטֶעדְטֶעל קֶען מֶען יֶעדֶען, עֶס אִיז אִיהר אַלְזָא קֵיין וואוּנְדֶער גֶעװֶען, וָואס עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אַ הֵיים, װֶען אַלֶע הוֹיז מֶענְשֶׁען זַיינֶען גֶעװֶען אִין שׁוּל.

קוֹים אָבֶּער הָאט שרה׳לע דֶערְזֶעהְן אִיהר פָאטֶער, אִיז זִיא צוּגֶעלָאפֶען צוּ אִיהם, הָאט אָנְגֶעהַאפְּט זַיינֶע הֶענְד אוּנ הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען.

ווּאוּ בִּיסְטוּ גֶעװֶען אַ גַאנְצֶען טָאג, פָאטֶער?

גבריאל הָאט גֶענוּמֶען דָאס קִינְד אוֹיף דִיא הֶענְד אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען עֶס צוּ קוּשֶׁען, דִיא פָאטֶער לִיעבֶּע הָאט זִיךְ עֶרְװֶעקְט אִין אִיהם.

— גֶעה נִיט אַװֶעק, פָאטֶער! — הָאט שרה׳לע גֶעבֶּעטֶען, — װֶען דוּא בִּיסְט נִיטָא אִין דֶער הֵיים, וַויינְט דִיא מַאמֶא אַ גַאנְצֶען טָאג.

גבריאל הָאט אַ צִיטֶער גֶעטָאן, יֶעדֶעס וָוארְט פוּן׳ם מוֹיל פוּן דֶעם אוּנְשׁוּלְדִיגֶען קִינְד הָאט אִיהם גֶעשְׁטָאכֶען וִויא מִיט אַ מֶעסֶער.

ער האט ניט געוואוסט וואס צו טאן.

ער האט גענומען דאס קינד אויפ'ן שויס, האט זיך א נידערגעזעצט מיט איהר אויף א שטול, אונ האט בעטראכט זיין וואוינונג, די ליעבע געגענד, וואו ער האט פערבראכט אזוי פיעל פריילליכע, גליקליכע שטונדען אונ יעצט מוז ער אלעס פערלאזען, אלעס אוועקשטויסען פון זיך.

וואוהין גייט ער? — ער ווייס עס אליין ניט, האט ער דען א געווייסען וועג, א זיכערן פלאן, וויא ווייטער צו לעבען? ער האט עס ניט, ער גייט צו פרעמדע מענשען זוכען גליק אין דער פרעמד, האט ער עס דען ניט אין דער היים?

ער האט עס ניט! זיינע ברידער פעראכטען איהם, זידלען איהם, שימפפען איהם, שילטען איהם אונ פערדאמען איהם.

— איך קען דא ניט בלייבען, האט ער געזיפצט, — איך מוז אוועק!

— פאר וואס מוזטו אוועק, פאטער? — האט דאס קינד געפרעגט.

וואס האט ער געקענט ענטפערן א קינד פון פינף יאהר? האט ער געקענט איהר עפענען זיין הערץ אונ ווייזען, וואס עס קאכט זיך אין איהם?

ער איז אזוי געזעסען טרויעריג אונ פערטראכט אונ האט ניט בעמערקט, וויא די צייט איז געלאפען.

פלוצלונג האט ער א ציטער געטאן, ער האט דערהערט שטימען, מען איז שוין געגאנגען פון שול.

ער האט צוגעפרעסט זיין טאכטער צום הערצען נאך א מאל, ער האט זיא ווידער ארומגענומען אונ זיא צום לעצטען מאל געקושט. דאן האט ער זיא לאנגזאם אריינגעלעגט אין איהר בעטעלע אונ איז ארויסגעלאפען.

אויף דער שוועל פון דער טיר איז איהם ענטגעגען געקומען רחל'ע, ער האט זיך געמאכט, וויא ער בעמערקט זיא ניט אונ איז איהר פארביי געלאפען.

— גבריאל! — בלייב גבריאל! נאך א ווארט!

ער איז ארויסגעלאפען פון שטוב וויא א וואהנזיניגער, אונ איז באלד פערשוואונדען געווארען אין דער דונקעלער נאכט.

רחל'ע איז א נידערגעפאלען אויף דער ערד אונ איז אהנמעכטיג געווארען.

באלד זיינען אריינגעלאפען מלכה, ר' שמואל ארענשטיין אונ די מומע חיה אונ האבען אנגעהויבען זיא אפצומינטערן.

רחל'ע איז ענדליך געקומען צו זיך אונ האט געבעטען, מען זאל זיא לאזען אליין.

דעם אַנדערן טאָג אין דער פֿריה איז זיא אויפֿגעשטאַנען מיט א פֿיעבער, ר' שמואל ארענשטיין איז געקומען זיא זעהן, ואיידער ער איז געגאַנגען דאווענען, ער האָט אַלעס פֿערשטאַנען, ער האָט פֿערשטאַנען, אַז זיא איז גאַנץ ערנסט קראַנק.

— מיין טייערע טאָכטער, דוא וועסט היינט בּלייבען אין דער היים און וועסט ניט פֿאַסטען, האָט ער געזאָגט.

— איך פֿיהל, מיך גוט, פֿאָטער, — פֿאַר וואָס זאָל איך ניט גיין אין שול, — האָט רחל'ע געענטפֿערט.

ר' שמואל ארענשטיין האָט ארויפֿגעלעגט דיא האַנד אויף רחל'עס שטערן און האָט געזעהן מיט שרעק און ציטערן, אַז איהר קאָפּ ברענט וויא פֿייער.

— דוא טאָרסט ניט פֿאַסטען, מיין טאָכטער! האָט ער געזאָגט שטרענג.

— איך וויל נאָך ניט עסען, ליעבער פֿאָטער, ווען איך וועל הונגעריג ווערן, וועל איך עפּעס עסען, האָט רחל'ע געענטפֿערט.

ר' שמואל ארענשטיין איז אַוועקגעגאַנגען אין שול.

קוים איז ר' שמואל ארענשטיין אַוועקגעגאַנגען, האָט זיך רחל'ע אויפֿגעהויבען, מיט איהרע לעצטע קרעפֿטען האָט זיא זיך אָנגעטאָן, בּלייך, וויא דער טויט, מיט בּלויע, פֿערקוילטע ליפּען, מיט א שרעקליכע היץ אין אַלע איהרע אָדערן, האָט זיא זיך אַוועקגעשלעפּט אין שול.

— נור איין גאָט קען מיר יעצט העלפֿען, האָט זיא געמורמעלט.

און זיא האָט זיך אַוועקגעשלעפּט אין גאָט'ס הויז איהם בּעטען, ער זאָל איהר העלפֿען.

ווען עס איז געקומען קריאת התורה, האָט ר' שמואל ארענשטיין געשיקט פֿרעגען זיין פֿרוי, וואָס רחל'ע מאַכט.

זיא איז אין שול, זיא דאַווענט, האָט מען איהם געענטפֿערט.

דאָס האָט איהם בּערוהיגט און ער איז אָפּגעשטאַנען א גאַנצען טאָג און געבּעטען גאָט.

ווען מען האָט געוואָלט זיך שטעלען דאַווענען נעילה, איז פּלוצלונג געוואָרען א לאַרם אין דער ווייבּערשער שול.

— זיא חלש'ט! זיא איז קראַנק! שיקט נאָך א דאָקטאָר! האָט מען געשריען פֿון אַלע זייטען.

אַלע מענער זיינען ארויסגעלאָפֿען זעהן וואָס עס איז געשעהן, האָסטיגער פֿון אַלעמען איז געלאָפֿען ר' שמואל ארענשטיין, זיין הערץ האָט איהם געזאָגט, ווער עס חלש'ט און ווער עס איז קראַנק געוואָרען, און זיין הערץ האָט איהם דאָס מאָל ניט אָפּגענאַרט.

רחל'ע האט געחלש'ט, רחל'ע איז קראנק געווארען.

דיא היימישע מיטעל האבען ניט געהאלפען, מען האט געמוזט ...יקען נאכ'ן דאקטאר וועלכער איז אויך באלד געקומען, האט בעטראכט ...יא קראנקע אונ האט געהייסען זיא טראגען אהיים.

אין דיא מינען פונ'ם דאקטאר האט ר' שמואל ארענשטיין דערקענט, ...ז זיין טאכטער איז ערנסט קראנק.

רחל'ע האט בעקומען א נערווען פיעבער אונ איז געשטארבען דעם ...עצטען טאג סוכות, אסרו חג האט מען זיא בעערדיגט.

גבריאל איז פערשוואונדען געווארען אונ קיינער האט ניט געוואוסט ...ואו ער איז אהינגעקומען.

ווען שרה'לע פלעגט פרעגען: וואו איז דיא מאמא? פלעגט איהר ...' שמואל ענטפערן, — ארעמעס קינד! דוא האסט קיין פאטער אונ קיין ...וטער, דוא ביסט א יתומה אבער גאט איז דער פאטער פון יתומים ...ונ זא לאנג איך וועל לעבען, וועל איך זיין דיין פאטער אונ דיין ...וטער.

---

## 12.

# דער געהיימראטה.

עס איז צעהן אוהר אין דער פריה דעם צווייטען אקטאבער 1825; ...יר געפינען זיך אין בערלין.

א הויכער, שעהנער, קרעפטיגער מאן, אנגעטאן אין א מונדיר פון ...הויבען צאלל-בעאמטען, וויא עס איז דאמאלס געוועזען דיא מאדע ...ין פרייסען, איז האסטיג געגאנגען אין דער שעהנערברייטער גאס, ...אונטער דען לינדען" אונ איז צוגעקומען צום פאלאץ, וואו עס האט ...געוואוינט גענעראל גראף ווראנגעל, דער אבער-פרעזידענט פון דיא פאלנישע ...ראווינצען, וועלכע געהערען צו פרייסען.

ווען דער הויכער מאן איז אריינגעקומען אין פארצימער, האט זיך ...ער לאקיי פערנייגט פאר איהם זעהר טיעף אונ האט געזאגט:

— זיינע עקסעלענץ ערווארטעט אייך.

מיט דיעזע ווערטער האט ער געעפענט דיא גרויסע טהיר אונ ...אט איהם אריינגעפיהרט אין קאבינעט.

גענעראל גראף ווראנגעל, איין אלטער מאן פון א יאהר עטליכע אונ

זעכציג, מיט א שטרענגער, בעפעהלערישער מינע, האט אויפגענומ דעם גאסט זעהר פריינדליך.

— ביטע, העדר שטאאטסראטה (סטאטסקי סאוויעטניק) נייהאף זעצט אייך.

נייהאף האט זיך געזעצט אויף דעם שטוהל, וועלכען ד אבער-פרעזידענט האט איהם געוויעזען.

— איז אייער בעריכט פערטיג?

— ער איז פערטיג.

— לעזט איהם פאר, האט גראף ווראנגעל געזאגט פריינדליך.

נייהאף האט פארגעלעזען זיין בעריכט איבער דיא איינגאהמען פ צאלל (פאשלינע) אין אלע צאלל-עמטער, וועלכע געפינען זיך ביא ד פרייס-רוסישער גרענעצן אונ דערביא האט ער אויפגעוויעזען אויף פיע פעהלער, וועלכע זיינען בעגאנגען געוואָרען ביז אהער אונ וויא מ'ען ז זייא אויסבעסערען.

גענעראל ווראנגעל האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם אונ ו ער האט עפעס ניט פערשטאנען, האט ער געהייסען זיך פארלע נאך אמאל אדער ערקלערען וואס מען מיינט.

ווען נייהאף האט געענדיגט זיין בעריכט האט גראף ווראנג אויסגערופען:

— פארטרעפליך! איהר האט מיר ווידער געבראכט א גראסארטיג ארבייט אונ עס פרעהט מיך זעהר צו האבען אונטער זיך אזא גוטען עהרליכען אונ פעהיגען בעאמטען.

— העדר גראף, איך האב ניט פערדיענט מעהר לויב, האט נייה געזאגט אונ איז רויט געוואָרען וויא א יונגעס מעדכען, ווען מען מא איהר צום ערסטען מאל א קאמפלימענט.

— ליעבער צאלל-דירעקטאר, איהר קענט מיר שוין זייט עטלי יאהר אונ וייסט גאנץ גוט, אז איך האב פיינט צו מאכען קאמפלימענטע איך בין א סאלדאט אונ זאג יעדען דיא וואהרהייט אין דיא אויגע זאגאר אונזער געדיגען קעניג, איך זעה, אז איהר זייט א פעהיגער מענ איהר האט א גוטען קאפ אונ וואלט געפאסט אין פינאנץ-מיניסטעריום.

נייהאף האט זיך פערנייגט, זיין געזיכט האט געשיינט מיט שטא אונ צופריעדענהייט.

— איך האב געטאהן מיין פפליכט, האט ער געזאגט, איך הא אויפמערקזאם געמאכט דיא רעגיערונג אויף געוויסע פעהלער אונ איבע שטענדע, איך וויים אבער גיט אויב עס וועט העלפען. נאך מיין מיינו

וָאלְט מֶען גֶעדַארְפְט מַאכֶען אַ גַאנְץ נַייֶעם-סִיסְטֶעם , אַ גַאנְץ נַייֶעם פְּלַאן , וויא צוּ בֶּעוַואכֶען דיא גְרֶענֶעץ אוּנ וָואס פַאר אַ צָאל , מֶען זָאל איינְגֶעהמֶען .

— דָאס אִיז מַיין מֵיינוּנְג אוֹיךְ , הָאט גענעראַל ווראַנגעל גֶעזָאגְט עֶרְנְסְט , אִיךְ ווייס וָואס פַאר אַ שְׁמוּטְץ עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהֵייפְט אִין אוּנְזֶערֶע צאָלל-אַמטער , זָאגְט מִיר מַיין לִיעבֶּער צאָלל-דירעקטאָר , וויא זָאלֶען מִיר עֶס מַאכֶען , וֶוען אִיךְ זָאל גֶעפִינֶען אַייֶער פְּלַאן רִיכְטִיג , וֶועל אִיךְ אִיהם פָּארְלֶעגֶען פַאר'ן קֶענִיג .

דֶער צאָלל-דירעקטאָר הָאט קְלָאר , דַייטְלִיךְ אוּנ פֶערְשְׁטֶענְדְלִיךְ פָּארְגֶעלֶעגְט אַ גַאנְצֶען נַייֶען פְּלַאן אוּנ הָאט בֶּעווייזֶען מִיט צִיפֶערְן , אַז דיא רֶעגִיערוּנְג וָואלְט נִיט גֶעדַארְפְט הַאלְטֶען אַזוֹי פִיעל סָאלְדַאטֶען צוּ בֶּעוַואכֶען דִיא גְרֶענֶעץ אוּנ אַזוֹי פִיעל בֶּעאַמְטֶע אַיינְצוּנֶעהמֶען דֶעם צאָלל אוּנ דֶערְבַּיי וָואלְטֶען דיא אַיינְנַאהמֶען גֶעוֶוען צְווייא מָאל אַזוֹי פִיעל .

אִין דֶער צֵייט , וֶוען עֶר הָאט פָּארְגֶעלֶעגְט אוּנ עֶרְקְלֶערְט זַיין פְּלַאן , הָאט גענעראַל ווראַנגעל גֶעבְּלֶעטֶערְט אִין זַיינֶע פַּאפִּיערֶען אוֹיף'ן שְׁרַייב-טִישׁ , הָאט עֶפֶּעס אוֹיסְגֶעזוּכְט אוּנ הָאט זִיךְ עֶפֶּעס נָאטִירְט .

דֶער צאָלל-דירעקטאָר הָאט עֶס בֶּעמֶערְקְט אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען אוּנ-רוּהִיג , אִיהם הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעווייזֶען , אַז דֶער אָבער-פּרעזידענט אִיז עֶפֶּעס נִיט צוּפְרִידֶען , וָואס עֶר אִיז אֵיינְפַאכֶער צאָלל-דירעקטאָר , עֶרְלוֹיבְּט זִיךְ צוּ קְרִיטִיקִירֶען דִיא רֶעגִיערוּנְג , עֶר הָאט דַארוּם פֶערְקִירְצְט זַיין פָּארְטְרַאג .

— דָאס אַלֶעס אִיז נִיט גַאנְץ נַיי , הָאט גראף ווראַנגעל גֶעזָאגְט אוּנ הָאט גֶעווייזֶען דֶעם צאָלל-דירעקטאָר אַ גֶעדְרוּקְטֶע בְּרָאשׁוּרֶע .

דֶער צאָלל-דירעקטאָר אִיז בְּלֵייךְ גֶעוָוארֶען .

— אַלֶעס וָואס אִיהר הָאט מִיר גֶעזָאגְט , גֶעפִין אִיךְ גֶעדְרוּקְט אִין דִיעזֶער בְּרָאשׁוּרֶע , הָאט גענעראַל ווראַנגעל וַוייטֶער גֶעזָאגְט , — אִיךְ קֶען נִיט גְלוֹיבֶּען , אַז אִיהר לִיעבֶּער נייהאָף , הָאט גֶעאֶקֶערְט מִיט אַ פְרֶעמְדֶעם קַאלְבּ .

— עקסעלענץ ! הָאט גֶעשְׁטַאמֶעלְט דֶער אָרִימֶער צאָלל-דירעקטאָר , אִיךְ מוּז מִיךְ עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶען . . .

— אָבֶּער אִיהר מוּזְט דָאךְ צוּגֶעבֶּען , אַז אִיהר הָאט גֶעלֶעזֶען אִין דִיעזֶער בְּרָאשׁוּרֶע אַלֶעס , וָואס אִיהר הָאט מִיר נוּר וָואס גֶעזָאגְט .

דָאס גֶעזִיכְט פוּן'ם צאָלל-דירעקטאָר אִיז גֶעוָוארֶען רוֹיט וויא פַייעֶר .

— עקסעלענץ ! הָאט עֶר אוֹיסְגֶערוּפֶען , אִיךְ קֶען אַייךְ פֶערְזִיכֶערֶען , אַז . . . אַז אִיהר אַלֵיין הָאט גֶעשְׁרִיעבֶּען דִיעזֶע בְּרָאשׁוּרֶע אוּנ הָאט זִיא אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אָהן אַ נָאמֶען , הָאט דֶער אַלְטֶער מַאן גֶעלַאכְט , — מִיךְ

קֶען מֶען נִיט אַזוֹי לַייכְט אָפְּנַארֶען , אִיךְ וַוייס אַלֶעס , וָואס מַיינֶע בֶּעאַמְטֶע טוּהֶען הִינְטֶער מַיינֶע פְּלַייצֶעס .

— הֶערְר גראַף , אִיךְ הָאבּ מוֹרָא גֶעהַאט אַרוֹיסְצוּשְׁטֶעלֶען מַיין נָאמֶען אוֹיף דֶער בְּרָאשׁוּרֶע , ווַייל אִיךְ ווייס , אַז עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ בֶּעסֶערֶע בֶּעאַמְטֶע פוּן מִיר , קְלִיגֶערֶע פוּן מִיר אוּנ פֶעהִיגֶערֶע פוּן מִיר , אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוואוּסְט , ווִיא מַיין בְּרָאשׁוּרֶע וֶועט אוֹיפְגֶענוּמֶען וֶוערֶען .

— אַ גוּטֶע זַאךְ מוּז גוּט אוֹיפְגֶענוּמֶען ווֶערֶען , הָאט גראַף ווראַנגעל גֶעזָאגְט עֶרְנְסְט , אִיךְ הָאבּ בַּאלְד גֶעוואוּסְט , וֶוער עֶס הָאט גֶעשְׁרִיעבֶּען דִיעזֶע בְּרָאשׁוּרֶע אוּנ הָאבּ זִיא צוּגֶעשְׁטֶעלְט צוּם פינאַנץ-מיניסטער . עֶר הָאט זִיא דוּרְכְגֶעלֶעזֶען מִיט פִיעל אִינְטֶערֶעסֶע אוּנ הָאט מִיר זָאגַאר גֶעשְׁרִיעבֶּען דַארִיבֶּער .

בַּייא דִיעזֶע וֶוערְטֶער הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן אַ גֶעהֵיימֶער שׁוּבְּלָאדֶע פוּן זַיין שְׁרַייבּ-טִישׁ אַ שְׁווֶערֶען בְּרִיעף מִיטִ'ן גָאלְדֶענֶעם זִיעגֶעל פוּן פינאַנץ-מיניסטעריום אוּנ הָאט אִיהם דֶערְלַאנְגְט דֶעם צאָלל-דירעקטאָר .

— לֶעזְט דֶעם בְּרִיעף , לִיעבֶּער נייהאָף , הָאט עֶר גֶעזָאגְט פְרַיינְדְלִיךְ .

נייהאָף הָאט גֶעעֶפֶענְט דֶעם בְּרִיעף אוּנ הָאט גֶעפוּנֶען אִין אִיהם אַ דֶעקְרֶעט פוּן קֶענִיג , אַז עֶר אִיז עֶרְנַאנְט צוּם גֶעהֵיימְרַאטְה (טַאיְני-סאָוויעטניק) אוּנ עֶר וֶועט בֶּעקוּמֶען דֶעם שְׁווַארְצֶען אָדְלֶער אָרְדֶען דְרִיטֶען גְרַאד .

— אִיךְ דַאנְק ! אִיךְ דַאנְק אַייךְ , גראַף הָאט עֶר גֶעשְׁטַאמֶעלְט .

עֶר הָאט מֶעהר נִיט גֶעקֶענְט רֶעדֶען , פְרֵיידֶען טְרֶערֶען הָאבֶּען דֶערְשְׁטִיקְט זַיין שְׁטִימֶע .

— קֵיין דַאנְק ! הָאט גֶעזָאגְט גראַף ווראַנגעל שְׁטְרֶענְג , אִיךְ הָאבּ פַיינְט , וֶוען מֶען דַאנְקְט מִיר , וֶוען אֵיינֶער פֶערְדִיענְט אַ בֶּעלוֹינוּנְג , קוּמְט עֶס אִיהם דָאךְ , יֶעטְצְט , מַיין לִיעבֶּער געהיימראַטה , גֶעהט אַ הֵיים אוּנ גְרִיסְט פוּן מַיין נָאמֶען אַייעֶר פְרוֹי , דִיא געהיימרעטהין .

נייהאָף הָאט גֶעוָואלְט עֶפֶּעס רֶעדֶען , עֶפֶּעס זָאגֶען , עֶפֶּעס עֶרְקְלֶערֶען , גענעראַל ווראַנגעל אָבֶּער הָאט אִיהם אָנְגֶענוּמֶען בַּייא דִיא פְּלַייצֶעס אוּנ הָאט אִיהם אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט פוּן זַיין קַאבִּינֶעט מִיט פָאלְגֶענְדֶע וֶוערְטֶער :

— מִיר וֶועלֶען זִיךְ נָאךְ זֶעהֶען אוּנ אִיהר וֶועט מִיר נָאךְ עֶרְקְלֶערֶען פִיעלֶע זַאכֶען .

דֶער צאָלל-דירעקטאָר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען מִיט אַ גֶעזִיכְט , וֶועלְכֶעס הָאט גֶעשְׁטְרַאהלְט פוּן פְרֵייד אוּנ גְלִיק .

וֶוער עֶס וָואלְט יֶעטְצְט גֶעזֶעהֶען דֶעם הוֹיכֶען , שְׁטָאלְצֶען , שְׁעהנֶעם

מאן, וויא ער איז אראפגעגאנגען פון דיא ברייטע מארמאר טרעפ פון'ם פאלאץ פון אבער-פרעזידענטען, דער וואלט אויף קיין פאל ניט דערקענט אין איהם אונזער אלטען בעקאנטען, גבריאל וואלף ר' שמואל ארענשטיין'ס איידים פון מיסלאוויץ.

און עס איז אויך קיין וואונדער, גבריאל וואלף איז געוואָרען א גאנץ אנדערער מענש, ער האט געפונען א בעשעפטיגונג, וועלכע האט איהם געפאסט און ער איז געשטיעגען פון שטופע צו שטופע.

איידער מיר וועלען פארטזעטצען אונזער ערצעהלונג, מוזען מיר דערצעהלען, וואס עס האט פאסירט מיט איהם אין דיעזע צעהן יאהר.

---

# 13.

## דער געטויפטער איד.

מיר האבען שוין דערצעהלט, וויא גבריאל האט גענומען אבשיעד פון זיין קינד שרה'לע ערב יום כפור צו כל נדרי אין דערזעלבער נאכט איז ער אוועקגעפאהרען קיין בערלין.

דער צאלל-דירעקטאר פון מיסלאוויץ, זיין פריינד גאטשאלק, האט איהם געגעבען א בריעף צו א בעקאנטען אין בערלין, וואו גבריאל האט זיך געטויפט.

אום איין מאל פאר אלע מאל זיך אין גאנצען אפצורייסען פון יודענטהום, האט ער ביי דער טויפע אנגענומען אנאנדער נאמען, ער האט זיך א נאמען געגעבען ראָבערט נייהאף, ער איז געוואָרען פראטעסטאנט.

אויף דיא רעקאמענדאציאן פון זיין פריינד גאטשאלק האט ער בעקומען א שטעלע אלס שרייבער אין צאלל-אמט פון דער שטאדט טהארן.

אין דער ערשטער צייט איז עס איהם געגאנגען זעהר שלעכט, אלס איינפאכער שרייבער, און נאך אלס געטויפטער איד, האט מען זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט און גבריאל, אדער ראבערט נייהאף, האט ניט איין מאל געפיהלט, אז אויף א געטויפטען אידען קוקען דיא קריסטען מיט גאנץ אנדערע אויגען, וויא אויף זייער גלייבען.

איין מאל אבער איז דער אבער-פרעזידענט, גראף ווראנגעל געוועזען אין טהארן און האט בעזוכט דאס צאלל-אמט, דער שרייבער נייהאף איז איהם געפעלען און ער האט איהם געגעבען א בעסערע שטעלע אין

אין אַנדערע שְׁטֶאדְט וואו מֶען האט שוין ניט געוואוּסְט, אַז עֶר אִיז אַ געמוּיפְטֶער איד.

יֶעטְצְט אִיז אִיהם שוין געגאַנגען בֶּעסֶער, וֶוענִיגְסְטֶענְס האט עֶר נִיט געהֶערְט הִינְטֶער זֵיינֶע פְּלֵייצֶעס דָאס שִׁימְפְּפְוָוארְט יוּדֶע.

גראַף ווראַנגעל פְּלֶעגְט אָבֶּער זוּבֶען פֶעהִיגֶע מֶענְשֶׁען אוּנ קוים אִיז אִיהם געפֶעלֶען אַ מֶענְשׁ, האט עֶר שוין פוּן אִיהם קֵיין אוֹיג נִיט אַרָאפְּ-געלָאזֶען, ראָבערט נייהאָף אִיז אִיהם געפֶעלֶען אוּנ עֶר האט זִיךְ בַּאלְד אַיינְגערְצֵייגְט, אַז עֶר אִיז ווירקְלִיךְ אַיין עֶהרְלִיכֶער, טִיכְטִיגֶער אוּנ פֶעהִיגֶער מֶענְשׁ, עֶר האט אִיהם אוֹיפְגֶעהוֹיבֶען פוּן שְׁטוּפֶע צוּ שְׁטוּפֶע, בִּיז עֶר האט אִיהם גֶעמַאכְט פַאר צאָלל-דירעקטאָר פוּן דֶער פּראָווינץ פּאָזֶען מִיט דֶעם ראַנג (טִשִׁין) פוּן שטאאַטסראַאטה.

גבריאל האט געלֶעבְּט אִין פּאָזען אָבְּגֶעזאָנְדֶערְט פוּן דֶער גַאנְצֶער וועלְט, עֶר פְלֶעגְט זִיךְ מִיט קֵיינֶעם נִיט צוּזַאמֶּענְקוּמֶען, פְּלֶעגְט נִיט בֶּעזוּכֶען קֵיין קְלוּבּ, קֵיין פֶערְזַאמְלוּנְג אוּנ קֵיינֶע געזֶעלְשַׁאפְט.

מֶען אִיז בַּאלְד געוואָהר געוואָרֶען, אַז עֶר אִיז נִיט פֶערְהֵייראַטְהֶעט אוּנ עֶס האבֶען זִיךְ געפוּנֶען פִילֶע פַאמִילְיֶען, וועלְכֶע האבֶען גֶעהאַט הֵייראַטְהס פֶעהִיגֶע טֶעכְטֶער, וועלְכֶע האבֶען געוואָרְפֶען אַיין אוֹיג אוֹיף דֶעם צאָלל-דירעקטאָר.

מֶען האט פְּרָאבִּירְט אִיהם אַיינְלַאדֶען אוֹיף אַבֶענְדֶען, אוֹיף טְהֶעעֶ אוּנ אוֹיף מִיטַאגֶע, עֶר האט אָבֶּער קֵיינֶע אַיינְלַאדוּנְג נִיט אָנְגֶענוּמֶען אוּנ פְלֶעגְט זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען מִיט זַיין אַמְט, אָדֶער עֶר פְלֶעגְט זִיטְצֶען אִין דֶער הֵיים אוּנ שְׁטוּדִירֶען.

עֶר האט בַּאלְד אַיינְגֶעזֶעהֶען, אַז וָואס עֶר האט גֶעלֶערְנְט אִין מיכלאָווין, אִיז נִיט גענוּג אוּם זִיךְ דוּרְכְצוּשְׁלָאגֶען אִין דֶער וועלְט. ווען מִיר ווילֶען זַיין עֶפֶּעס אִין דֶער וועלְט, ווען מִיר ווילֶען מִיט עֶפֶּעס שְׁטֶעהֶען הֶעכֶער פוּן דֶער מַאסֶע, מוּזֶען מִיר ווירקְלִיךְ זַיין הֶעכֶער פוּן דֶער מַאסֶע, מוּזֶען מִיר ווירקְלִיךְ קֶענֶען מֶעהר, ווִיסֶען מֶעהר אוּנ פֶערְשְׁטֶעהֶען מֶעהר פוּן דֶער מַאסֶע.

גבריאל האט אַלְזָא אָנְגֶעהוֹיבֶען צוּ שְׁטוּדִירֶען גַאנְץ עֶרְנְסְט, עֶר האט צוּ עֶרְסְט שְׁטוּדִירְט אַיינִיגֶע שְׁפְּרַאכֶען, דַאן האט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶען צוּ שְׁטוּדִירֶען דיא פּאָליטיש-עקאָנאָמִישֶׁע ווִיסֶענְשַׁאפְטֶען.

דֶער אַיינְפַאכֶער מֶענְשׁ מֵיינְט, אַז עֶס אִיז זֶעהר לֵייכְט צוּ רֶעגִירֶען אַ לַאנְד, מֶען דַארְף בֶּעפֶעהלֶען אוּנ מַאכֶען גֶעלְד, ווען מֶען קוּקְט זִיךְ אָבֶּער בֶּעסֶער צוּ צוּם פִינַאנְץ-סיסטעם פוּן אַ לַאנְד, זֶעהט

מֶען עֶרְכְּט, מִיט װִיעפִיעל שְׁװֶערִיגְקַײטֶען אַ פִינאַנץ-מִינִיסטער הָאט צוּ קֶעמְפְּפֶען, בִּיז עֶר קוּמְט אוֹיס.

ראָבערט נײהאָף דֶער צאָלל-דירעקטאָר פוּן פּאָזען, הָאט אִין דֶער עֶרְסְטֶער צַײט גֶעװאוֹינְט אִין אַ הָאטֶעל, בַּאלְד אָבֶער הָאט עֶר אַײנְגֶעזֶעהֶען, אַז אַ הָאטֶעל אִיז פַאר אִיהם צוּ טְהַײעֶר אוּנ זֶעהר אוּנְרוּהִיג, עֶר הָאט אַלְזָא אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זוּכֶען אַ פְּרִיװַאט װאוֹינוּנְג אוּנ עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען אֵײנִיגֶע פוּן זַײנֶע אוּנְטֶערְבֶּעאַמְטֶע, זַײא זָאלֶען זוּכֶען פַאר אִיהם אַ װאוֹינוּנְג אִין אַײן אַנְשְׁטֶענְדִיגֶער פַאמִילְיֶע.

אַזַא װאוֹינוּנְג הָאט זִיךְ אוֹיךְ בַּאלְד גֶעפוּנֶען.

אִין פּאָזען הָאט דַאמָאלְס גֶעװאוֹינְט דִיא װִיטְװֶע פוּן אַ פְּרײסִישֶׁען בֶּעאַמְטֶען, דִיא בַּאראָנֶעסֶע פאָן הָאהֶענשטײן, זִיא אִיז גֶעװֶען אַ פָּאלִין אוּנ אִיהר מֶעדְכֶען נָאמֶען אִיז גֶעװֶען יאַצִימִירסְקַא, אִיהר פָאטֶער אִיז גֶעװֶען אַ פָּאלְנִישֶׁער גראַף, װֶעלְכֶער הָאט גֶעמוּזְט אַנְטְלוֹיפֶען פוּן רוּסִישׁ-פּאָלֶען, װַײל עֶר אִיז שְׁטֶענְדִיג גֶעװֶען גֶעגֶען דֶער רוּסִישֶׁער רֶעגִירוּנְג.

עֶר הָאט זִיךְ בֶּעזֶעטְצְט אִין פּאָזען אוּנ זַײן טאָכְטֶער הָאט גֶעהַײ-ראַטֶעט אַ פְּרײסִישֶׁען בַּאראָן פאָן הָאהֶענשטײן, גראַף יאַצִימִירסְקִי אִיז גֶעװֶען אָרִים, װַײל רוּסלאַנד הָאט קָאנְפִיסְצִירְט זַײנֶע גִיטֶער, דֶערְפַאר אָבֶער אִיז דֶער בַּאראָן פאָן הָאהֶענשטײן גֶעװֶען רַײךְ.

עֶר הָאט אָבֶער גֶעפִיהרְט אַ פְרֶעהלִיכֶעס לֶעבֶּען אוּנ הָאט עֶנְדְלִיךְ גֶעמוּזְט װֶערֶען אַ פְּרײסִישֶׁער בֶּעאַמְטֶער, זַײן פְרוֹי הָאט אוֹיךְ נִיט גֶעװאוּסְט, װִיא צוּ פִיהרֶען אַ װִירְטְשַׁאפְט, מַאן אוּנ פְרוֹי הָאבֶען גֶעפִיהרְט אַ לוּסְטִיגֶעס פֶערְשְׁװֶענְדֶערִישֶׁעס לֶעבֶּען אוּנ הָאבֶען עֶס גֶעבְּרַאכְט אַזוֹי װַײט, אַז דֶער בַּאראָן פאָן הָאהֶענשטײן הָאט זִיךְ דֶערְשָׁאסֶען.

דִיא בַּאראָנֶעסֶע פאָן הָאהֶענשטײן הָאט יֶעטְצְט גֶעלֶעבְּט פוּן אַ קְלֵײנֶער פֶּענְסִיאָן, װֶעלְכֶע זִיא הָאט בֶּעקוּמֶען פוּן דֶער פְּרײסִישֶׁער רֶעגִירוּנְג, זִיא הָאט גֶעהַאט נוּר אַײן קִינְד, אַ טאָכְטֶער מִיט'ן נָאמֶען אוּלרִיקַא.

אַזוֹי װִיא דִיא בַּאראָנֶעסֶע פאָן הָאהֶענשטײן אִיז קוֹים, קוֹים אוֹיס-גֶעקוּמֶען מִיט אִיהר פֶּענְסִיאָן, הָאט זִיא גֶענוּמֶען אַ גְרֶעסֶערֶע װאוֹינוּנְג אוּנ הָאט גֶעװָאלְט פֶערְדִינְגֶען דֶעם אוֹיבֶּערְסְטֶען שְׁטָאק.

אַלְס קְװַארְטִירַאנְט הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען דֶער צאָלל-דירעקטאָר נײהאָף, אִיהם אִיז זֶעהר גֶעפֶעלֶען דִיא װאוֹינוּנְג אוּנ עֶר הָאט זִיא גֶענוּמֶען.

אַזוֹי װִיא עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא װאוֹינוּנְג מִיט קָאסְט, פְּלֶעגְט עֶר זֶעהר אָפְט זֶעהֶען אוּלרִיקַא פאָן הָאהֶענשטײן.

אוּלרִיקַא אִיז דַאמָאלְס אַלְט גֶעװֶען פִינְף אוּנ צְװַאנְצִיג יָאהר, זִיא אִיז

געוועזען שעהן, האבגעבילדעט, וויא עס פאסט פאר אבאראנעסע פאן האהענשטיין, קלוג געשיקט אונ ליעבליך, וויא דער שעהנער מאי.

אלס באראנעסע פאן האהענשטיין האט זיא געהאפט צו דער־גרייכען א הויכע פארטיע, זיא האט געמוזט הייראטען וועניגסטענס א גראף.

דיא גראפען זיינען אבער ניט געקומען אונ זאגאר קיינע באראנען האבען זיך ניט געוויזען אונ דערווייל איז אולריקא געווארען מיט יעדען יאהר עלטער.

ווען גבריאל האט זיך אריינגעצויגען צו איהר מוטער אין הויז אונ זיא פלעגט איהם זעהען יעדען טאג, איז ער איהר צוואר געפעלען פון הייראטען אבער מיט איהם האט זיא ניט געקענט דענקען, ערשטענס, ווייל ער איז א בירגערליכער, ער איז זאגאר קיין באראן, צווייטענס, ווייל ער איז א פראטעסטאנט אונ זיא איז א קאטוילען.

אולריקא אליין איז געוועזען האבגעבילדעט אונ האט ניט געמאכט קיין בעזאנדערען אונטערשיעד צווישען א פראטעסטאנט אונ קאטוילק, איהר מוטער אבער איז געוועזען א פערברענטע קאטוילקין.

אלס עבטיס פאלין, אלס טאכטער פון א פאלנישען גראף, האט דיא אלטע באראנין נאר ניט געוואלט הערען דערפון, אז איהר טאכטער זאל הייראטהען א פראטעסטאנט.

צוואר פלעגט מען מורמלען, אז דיא אלטע באראנין האט אמאל געפיהרט א פרעהליכעס לעבען אונ האט געהאט גוטע פריינד ניט קאטוילקען, דאס איז אבער אמאל געוועזען, אויף דער עלטער איז דיא באראנין געווארען זעהר פרום, פלעגט בעזוכען אלע היילינע קירכען, אונ פלעגט זיך אונטער־האלטען מיט דיא העכסטע קאטוילישע גייסטליכע אין שטאדט.

גבריאל'ן איז אויך געפעלען דיא שעהנע, שטאלצע אונ געבילדעטע אולריקא, ער האט זיא פערגלייכט אין זיינע געדאנקען מיט זיין ערסטער פרוי, מיט זיין אידישער פרוי רחל'ע אונ זעלבסטפערשטענדליך, איז איהם אולריקא בעסער געפעלען, זיא איז אריסטאקראטישער, געשליפענער, פאלירטער, פיינער, געבילדעטער, אנציעהענדער אונ רייצענדער:

זיא צו הייראטען האט ער אבער מורא געהאט צו דענקען זאגאר, ער האט דאך געוואוסט, אז ער איז נור א געטויפטער איד אונ זיא איז דאך איין ענקעל פון א פאלנישען גראף, א טאכטער פון א דייטשען באראן, עס איז וואהר, אז איהר פאטער האט פערשווענדעט זיין פערמעגען אונ איז בענאנגען זעלבסט־מארד, אבער דער טיטעל באראנעסע אונ דאס קליינע ווארט „פאן" פאר'ן נאמען קלינגען דאך זעהר שעהן,

זיי פלעגען זיך אלזא זעהן יעדען טאג, פלעגען זאגאר אפט

ביידען צוזאמען אונ דאך האט קיינער פון זיי ניט געקענט דענקען פון א פעראייניגונג, אבוואהל זיי זיינען זיך מיט יעדען טאג מעהר געפעלען איינער דעם אנדערען.

פלוגלינג האט עפעס פאסירט, וואס האט זיי געבראכט נעהענטער איינעם צום אנדערען.

דער צאלל-דירעקטאר נייהאף איז געווען אן עהרליכער אונ שטרענגער בעאמטער, ער האט זעהר גוט געוואוסט וואס עס טהוט זיך אין דיא קליינע שטעדלעך ביי דער גרענעץ אונ ער האט זיך פעסט ענטשלאסען איין מאל פאר אלע מאל אבצושאפען אונד צוא פערניכטען דעם שמוגעל.

ער האט געוואוסט, אז פיעלע בעאמטע אונ וועכטער פון דער גרענעץ האבען געמאכט איין האנד מיט שמוגלער אונ טהיילען זיך מיט'ן פערדיענסט, אונ ער האט אנגעהויבען אפצוזאגען דיעזע בעאמטע, מאכען אפט רעוויזיאנען אין זייערע בעצירקען אונ שטרענג צו בעשטראפען יעדען, וועלכער האט א טהייל גענומען אין שמוגעל.

זעלבסטפערשטענדליך, אז דיא פעראינטערסירטע האבען צוגערעכט געזוכט איהם אונטער צוא קויפען, מען האט איהם אריינגעשיקט פערשלאסענע קאנווערטען מיט געלד, מען האט איהם געשיקט טהייערע פרעזענטען, מען האט איהם צוגעזאגט גאלדענע בערג, אבער קיין זאך האט ניט געהאלפען, ווען ער האט געוואוסט פון וועמען דיא בריעף אונ דיא פרעזענטען קומען, האט ער זייא צוריק געשיקט, האט ער ניט געוואוסט, פלעגט ער זיי אוועק שיקען צום גענעראל ווראנגעל.

ווען מען האט געזעהען, אז מיט גוטען קען מען גאר ניט מאכען מיט'ן צאלל-דירעקטאר, האט מען אנגעהויבען מיט בייזען, מען האט איהם געשיקט דראה בריעף, מען האט איהם געווארנט, ער זאל צו מאכען אן אויג אויף אלעס וואס עס קומט פאר ביי דער גרענעץ, אדער עס וועט איהם טהייער קאסטען.

אבער אויך דאס האט ניט געהאלפען, צאלל-דירעקטאר נייהאף איז געבליעבען הארט וויא אייזען אונ פעסט וויא שטאהל, וואס מעהר מען האט איהם געדראהעט אונ געווארנט, אלץ שטרענגער איז ער געווארען געגען דיא שמוגלער.

---

# 14.

# אין אונערוואַרטענער שאַנס.

אין מאל אין א הייסען זומער טאג איז ער אבענדס, ווען דיא זון איז נור וואס אונטערגעגאנגען, געזעסען אין קליינעם גארטען הינטער זיין וואוינונג אונ האט זיך פערטראכט, פלוצלינג האט מען פון ערגעץ אויסגעשאסען אונ גייהאף איז אראפגעפאלען פון זיין שטוהל. א קוגעל האט איהם געטראפען אין ליגקען ארים אונ ער איז געפאלען אין אהנמאכט.

צופעליגערווייזע איז אולריקא אראפגעגאנגען אין גארטען אונ האט געפונען איהר מוטערס קוואַרטיראנט ליגט אויף דער ערד פערבלוטיגט.

אין איהר ערסטער איבעראשונג האט זיא א געשריי געטאהן אונ האט גערופען צו הילף. זייער וואוינונג האט זיך אבער געפונען אין א שטילען קוואַרטאל פון דער שטאדט אונ קיינער פון דער גאס האט ניט געהערט איהר געשריי. עס איז איהר געקומען צו הילף נור דיא אלטע פרוי, וועלכע האט געדיענט ביי איהר מוטער אלס קעכין.

ביידע פרויען האבען אנגעהויבען אפצומינטערן דעם צאלל־דירעקטאר מיט אלע מעגליכע היימישע מיטעל.

דאס איז זייא אויך געלונגען אונ אין א קורצע צייט האט ער געעפענט דיא אויגען, ביידע פרויען האבען איהם דאן ארויפגעפירט אין זיין צימער אונ אולריקא האט געשיקט נאך א דאקטאר.

דער דאקטאר איז אויך באלד געקומען אונ האט אונטערזוכט דיא וואונד, ער האט געפונען אז זיא איז ניט געפעהרליך, דער קראנקער וועט אבער מוזען ליעגען אין בעט א פאאר וואכען.

גבריאל האט ניט געוואלט מאכען קיין לארם אונ ניט דערצעהלען אז ער ווייס, ווער עס האט איהם אזוי גוט טראקטירט.

ניט ווילענדיג האט אולריקא געמוזט ווערן דעם קראנקענ'ס וועכטערין. עס האט איהר זעהר לייד געטאהן, וואס דער גוטער גייהאף האט געליטען אומזיסט אונ זיא האט זיך ענטשלאסען צו טאהן אלעס וואס א גוטע אונ עדעלע פרוי קען האט אין אזא פאל פאר א קראנקען.

גייהאף האט צוואר געהאט גענוג מיטעל צו דינגען א קראנקען וועכטער אונ ער האט עס אויך געטאהן, אבער איין בליק פון א

ליעבענדער פרוי איז מעהר ווערט וויא טויזענד געדונגענע קראנקע
ווערטער.

אולריקא פלעגט אונקויטעצן שטונדען לאנג לעבען זיין קראנקען
בעט, פלעגט איהם פארלעזען צייטונגען אונ ביכער אונ פלעגט זיך
מיט איהם אונטערהאלטען איבער דיא וויכטיגסטע נייעס פון דיא
צייטונגען.

ערסט יעטצט האבען ביידע געהאט דיא געלעגענהייט זיך צוא
בעקענען, ערסט יעטצט האבען זייא געהאט דיא געלעגענהייט זיך קענען
צוא לערנען, אונ מיט יעדען טאג זיינען זייא געקומען צוא דער
איבערצייגונג, אז זייא זיינען ביידע גוטע, עדעלע אונ געבילדעטע
מענשען.

גבריאל איז פריהער געזונד געווארען, וויא דער דאקטאר האט
פאראויס געזאגט, זיין שטארקע, קרעפטיגע נאטור האט שנעלער בעזיעגט
דיא קראנקהייט אונ אולריקא'ס זארגען אונ ארומגעהען ארום איהם האבען
זעהר פיעל מיטגעהאלפען, אז ער זאל באלד געזונד ווערען.

זיי האבען ניט געדארפט זיך ערקלערען זייער ליעבע, יעדער האט
עס געפיהלט, יעדער האט עס געוואוסט, יעדער האט געלעזען אין דיא
אויגען פון'ם אנדערען, אז זיי ליעבען זיך ערהרליך, הייס, היילג, וואהר
אונ טריי.

---

## 15.

# די ליעבע האט זיך ענדעקט.

אין א שעהנעם פריהמארגען האט אולריקא ערקלערט איהר מוטער,
אז זיא איז פערלאבט מיט'ן צאלל-דירעקטאר נייהאף.

דיא אלטע, שטאלצע פאלין איז אויפגעשפרונגען ווען זיא האט עס
דערהערט אונ האט אויסגערופען.

— איך וועל עס ניט דערלאזען! דיא טאכטער פון א באראן פאן
האהענשטיין קען ניט הייראטהען אן איינפאכען בעאמטען!

— מוטער, אויך דוא האסט געהייראטעט א באראן אונ קיין גראף,
דוא ביסט אלזא אראפגעגאנגען א שטופע ניעדעריגער, ווען דוא האסט
געהייראטעט מיין פאטער, האט אולריקא געענטפערט.

— איך האב אבער געהייראטעט א מאן פון מיין רעליגיאן א קאטוליק,

אונ דוא ווילסט היירַאטען א פראטעסטאנט, א מענשען, וועלכער גלויבט ניט אין היילינען פאטער פון ראם.

— א פראטעסטאנט איז אויך א קריסט, האט אולריקא בעהויפטעט.

מוטער אונ טאכטער האבען ניט גערעדט איינע מיט דער אנדערער עטליכע טעג. דיא אלטע בארָאנין האט געשיקט צוא איהר טאכטער טאנטעס, מוהמעס אונ אלערליי בעקאנטע אונ פערוואנדטע, זיי זאלען זיא אפרעדען פון אזא שריט, עס האט אבער קיין זאך ניט געהאלפען.

אולריקא האט ווירקליך געליעבט דעם שעהנעם אונ זיא איז געבליעבען פעסט אונ טריי צו איהם.

גאנץ אנדערש אבער האט גבריאל בעטראכט דיעזע אנגעלעגענהייט ער האט געליעבט אולריקען מיט דער גאנצער קראפט פון זיין עהרליכער זעעלע, פון צייט צו צייט אבער פלעגט ער זיך פערטראכטען אונ ווערען טרויעריג.

עס זיינען געוועזען צייטען, ווען ער פלעגט בעריַיען, וואס ער האט זיך ענטשלאסען צו הייראטען דיא גוטע אולריקא.

— וואס וועט זיין ווען זיא וועט געוואהר ווערען, אז איך בין א געטויפטער איד? פלעגט ער פרעגען זיך אליין, — וועט דען דיא שטאלצע בארָאנעסע פאן האהענשטיין קענען ליעבען א געטויפטען אידען?

ער האט שוין גענוג געלעבט צווישען קריסטען אום צו וויסען אז זיא פעראכטען דעם געטויפטען אידען פיעל מעהר וויא דעם וואהרען אידען.

עס זיינען שוין געוועזען צייטען ווען ער האט שטארק בערייעט וואס ער האט זיך געטויפט, עס זיינען געוועזען צייטען ווען ער האט פערדאמט אונ פערפלוכט זיין פריינד גאטשאלק, פאר וואס ער האט איהם צוגערעדט זיך צו טויפען.

— וואס טהוט מען אלזא? אולריקא איז א גוטע, שעהנע אונ געבילדעטע פרוי, זיא איז ניט שטארק פרום, אבער זיא איז דאך א קאטוליקין אונ מוז אפט געהען אין דיא קירכע אונ זיך זעהען מיט דיא קאטוילישע גייסטליכע אונ מיט דיא יעזואיטען. — זיא מוז עס, ווייל צווישען דיא יעזואיטען געפינען זיך איינינע איהרע פערוואנדטע, וואס וועט אלזא זיין, ווען מען וועט געוואהר ווערען אז איך בין א געטויפטער איד?

דיעזער געדאנק האט איהם ניט געלאזען לעבען, וויא א ווארים איז ער פערקראכען טיעף אין זיין הערצען, אונ האט דארט בעשטענדיג געבוירט, געשטאכען אונ גענאגט.

אין געוויסע צייטען פלעגט ער אויפשפרינגען און אויסרופען.

— עס העלפט ניט! איך מוז איהר אלעס זאגען! איך מוז איהר דערצעהלען ווער איך בין און ווען זיא וועט זיך אפזאגען פון מיר, וועל איך עס מוזען ערטראגען, איך וועל מוזען דולדען.

קוים פלעגט ער אבער זיא דערזעהען, קוים פלעגט זיא אנהייבען צו רעדען צו איהם, פלעגט ער פיהלען, אז זיין מויל איז פערשלאסען און ער קען איהר ניט אויסזאגען זיין טרויעריגעס געהיימניס.

ער האט עס ניט געקענט, ווייל ער האט זיא ווירקליך געליעבט, ווייל זיא איז ווירקליך געווען ליעבענסווירדיג.

ערסט יעטצט האט גבריאל געפיהלט וואס ליעבען איז. ווען ער האט געהייראטעט רבי שמואל ארענשטיין'ס טאכטער, האט ער זיא קוים געקענט, א שדכן האט זייא צונויפגעפיהרט, ערסט שפעטער האט ער זיא ליעב בעקומען, ווען ער האט זיך איבערצייגט, אז זיא איז ווירקליך א שטילע, גוטע און ליעבענדע פרוי.

וואס איז אבער רחל'ע געגען דער שעהנער, אריסטאקראטישער אולריקא? רחל'ע איז געווען אן איינפאכע אידישע פרוי, מיט וועלכער מען האט געקענט רעדען נור פון מסחר אדער פון דער ווירטשאפט, אולריקא אבער איז א פאלשטענדיג ענטוויקעלטע, האכגעבילדעטע פרוי, מיט וועלכער מען קען ריידען איבער אלעס אין דער וועלט, אולריקא קען איהם פערשטעהען און ער קען זיא פערשטעהען.

אזוי איז פערגאנגען דיא צייט, ביז עס איז געקומען דער טאג פון זייער האכצייט און ער האט איהר ניט אויסגעזאגט זיין געהיימניס.

אזוי וויא ער איז געווען פראטעסטאנט און זיא א קאטוילִיקין, האט דיא טרויאונג געמוזט זיין אין ביידע קירכען, אין א פראטעסטאנטישער קירכע האט זייא פעראייניגט א פראטעסטאנטישער גייסטליכער און אין דער קאטוילישער קירכע האט געמאכט דיא טרויאונגס צערעמאניע א קאטוילישער גייסטליכער.

ווען דער פראטעסטאנטישער גייסטליכער האט געפרעגט אולריקא'ן:

— ווילסטו הייראטען דעם שטאאטסראטה ראבערט נייהאף, איהם ליבען און זיין איהם א געטרייע פרוי?

האט אולריקא געענטפערט שטאלץ און מיט פרייד

— יא! איך וויל עס.

אין דיעזע מינוט האט א קינד א געשריי געטאהן, אדער עס האט זיך אויסגעוויעזען גבריאל'ן אז א קינד האט א געשריי געטאהן און עס האט זיך איהם פארגעשטעלט אז דאס שרייט זיין קינד שרה'לע.

ער האט זיך דערמאנט וויא ער איז געקומען ערב יום כפור צו כל

(גט"י ח"ב)

נדרי

נדרי אָבִשֵׁיעד גֶעהֶמֶען פוּן זַיין קִינְד , ווִיא שרה'לע הָאט דַאן גֶעזָאגְט :

— פָּאטֶער , גֶעה נִיט אַוֶועק פוּן אוּנְז, וָוען דוּא בִּיסְט נִיטָא אִין דֶער הַיים , וַויינְט דִיא מַאמַא אַ גַאנְצֶען טָאג .

עֶר הָאט אָבֶּער נִיט פִיע, צַייט גֶעהַאט צוּ טְרַאכְטֶען , דֶער גַייסְטְלִיכֶער הָאט אִיהְם גֶעשְׁטֶעלְט גֶעווִיסֶע פְרַאגֶען , אוֹיף וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶעמוּזְט אֶנְטְוָוארְטֶען .

דִיא צֶערֶעמָאנִיֶע אִין דֶער פְּרָאטֶעסְטַאנְטִישֶׁען קִירְכֶע הָאט זִיךְ בַּאלְד גֶעעֶנְדִיגְט אוּנ דַאס יוּנְגֶע פָּאאַר פָּאלְק הָאט יֶעטְצְט גֶעדַארְפְט גֶעהֶען אִין אַ קאטוילִישֶׁע קִירְכֶע .

דִיא הֶערְשֶׁענְדֶע רֶעלִיגְיָאן פוּן פְּרַייסֶען אִיז דִיא פְּרָאטֶעסְטַאנְטִישֶׁע , אַלֶע בֶּעאַמְטֶע זַיינֶען פְּרָאטֶעסְטַאנְטֶען , עֶס אִיז צְוָואר נִיט פֶערְבָּאטֶען , אַז אַ קאטוילִיק זָאל וָוערֶען אַ בֶּעאַמְטֶער , אָבֶּער וֶוען עֶס קוּמֶען פָאר צְווייא קַאנְדִידַאטֶען אוֹיף אַן אַמְט : אַ פְּרָאטֶעסְטַאנְט אוּנ אַ קאטוילִיק , נִיט מֶען אַוֶועק דָאס אַמְט בֶּעסֶער צוּ אַ פְּרָאטֶעסְטַאנְט .

וָוען אַ פְּרָאטֶעסְטַאנְט הֵייראַטֶעט אַ קאטוילִישֶׁע פְרוֹי , אָדֶער וָוען אַ קאטוילִיק הֵייראַטֶעט אַ פְּרָאטֶעסְטַאנְטִישֶׁע פְרוֹי , פָאדֶערְט דָאס גֶעזֶעטְץ , אַז זַייא זָאלֶען פֶערְאֵיינִיגְט וֶוערֶען אִין אַ פְּרָאטֶעסְטַאנְטִישֶׁער קִירְכֶע , זַייא מֶעגֶען דַאן זִיךְ פֶערְאֵיינִיגֶען נָאךְ קאטוילִישֶׁע גֶעזֶעטְצֶע אוּנ צֶערֶעמָאנִיֶען , אָבֶּער דֶער הוֹיפְּט אַקְט , דֶער ווִיכְטִיגְסְטֶער דַאקוּמֶענְט , וֶועלְכֶער פֶערְאֵיינִיגְט זַיי , מוּז אוֹיסְגֶעמַאכְט וֶוערֶען אִין אַ פְּרָאטֶעסְטַאנְטִישֶׁער קִירְכֶע אוּנ נוּר דִיעזֶער דַאקוּמֶענְט וָוערְט בֶּעטְרַאכְט אַלְס גִילְטִיג אִין פַאל פוּן אַ פְּרָאצֶעס פוּן דִיא יוֹרְשִׁים .

נָאךְ דֶער צֶערֶעמָאנִיֶע אִין דֶער פְּרָאטֶעסְטַאנְטִישֶׁער קִירְכֶע , אִיז אַלְזָא דָאס פָּאאַר פָאלְק גֶעפָאהְרֶען אִין אַ קאטוילִישֶׁע קִירְכֶע , וואוּ דִיעזֶעלְבֶּע צֶערֶעמָאנִיֶע הָאט זִיךְ ווִיעדֶערְהָאלְט .

אוּנ , זָאנְדֶערְבַּאר ! אוֹיךְ דִיעזֶעס מָאל הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעווִיזֶען גבריאל'ן אַז עֶר הֶערְט דִיא שְׁטִימֶע פוּן אַ קִינְד , וֶועלְכֶעס ווייִנְט אוּנ בֶּעט עֶפֶּעס .

גבריאל הָאט קוֹים אִיבֶּערְגֶעלֶעבְּט דִיא צֶערֶעמָאנִיֶען , עֶר הָאט עֶס נִיט גֶעקֶענְט אוֹיסְהַאלְטֶען , עֶר הָאט עֶס קוֹים גֶעקֶענְט אִיבֶּערְטְרָאגֶען .

דֶער אִיד , הָאט זִיךְ דַאמָאלְס אוֹיפְגֶעהַאפְּט אִין אִיהְם מִיט אַ בֶּעזָאנְדֶערֶער מַאכְט אוּנ הָאט אִיהְם גֶערִיסֶען , גֶעקְנִיפֶּען , גֶעצוֹיגֶען , גֶעשְׁלֶעפְּט אוּנ גֶערוּפֶען צוּ זִיךְ .

עֶנְדְלִיךְ אָבֶּער אִיז אַלֶעס פָארְאִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען אוּנ גבריאל הָאט אנגעהויבען

אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַיינְצוּזֶעהֶען וָואס פַאר אַ טְהַייעֶרֶען בְּרִילְלִיאַנְט, עֶר הָאט אַלְס פְּרוֹי.

אולריקא איז ווירְקְלִיךְ גֶעוֶוען דיא פְּרוֹי, וֶועלְכֶע הָאט גֶעקֶענְט אִיהְם אָנְצִיעהֶען אונג ווירְקֶען אויף אִיהְם.

זִיא הָאט אִיהְם גֶעלִיעבְּט מִיט דֶעם גַאנְצֶען פַייֶער פוּן אִיהְר זֶעעלֶע, זִיא הָאט אִיהְם גֶעלִיעבְּט וויא נור אַ פְּרוֹי קֶען לִיעבֶּען אַ מַאן, זִיא הָאט גֶעוואוּסְט וויא צוּא פֶערְשֶׁעהֶנֶערֶען זַיין לֶעבֶּען, וויא צוּ פֶערְזִיסֶען זַיינֶע שְׁטוּנְדֶען.

גבריאל אִיז גֶעוֶוען גְלִיקְלִיךְ עֶר הָאט גֶעהַאט אַ פְּרוֹי, וֶועלְכֶע הָאט אִיהְם פֶערְשְׁטַאנֶען, מִיט וֶועלְכֶער עֶר הָאט גֶעקֶענְט רֵיידֶען, אויפְקְלֶערֶען, פַאר וֶועלְכֶער עֶר הָאט גֶעקֶענְט עֶפֶענֶען זַיין הֶערְץ אונג אַרוֹיסְגַויזֶען אַלֶעם וָואס קְרֵיינְקְט אִיהְם אונג וָואס אִינְטֶערֶעסִירְט אִיהְם.

אולריקא הָאט גֶעזוּנְגֶען זֶעהְר שֶׁעהְן, זִיא הָאט גֶעהַאט אַ גוּט אויסְגֶעבִּילְדֶעטֶע אַיילְט שְׁטִימֶע אוּנְד הָאט גֶעזוּנְגֶען וויא אַ קִינְסְטְלֶערִין.

זִיא הָאט גֶעשְׁפִּיעלְט זֶעהְר גוּט פִּיאַנְא אוּנְד מֶען פְּלֶעגְט, עֶס בֶּעטְרַאכְטֶען אַלְס גְרוֹיסֶע עֶהְרֶע וֶוען זִיא פְּלֶעגְט שְׁפִּיעלֶען פִּיאַנְא אִין אַ גֶעזֶעלְשַׁאפְט.

דִיא אַלְטֶע בּאראנין פְּלֶעגְט אָנְפַאנְגֶס קוּקֶען זֶעהְר קְרוּם אויף אִיהְר אֵיידִים אוּנְד פְּלֶעגְט אִיהְם אויסְמַיידֶען וויא ווייט זִיא הָאט גֶעקֶענְט.

מִיט דֶער צֵייט אָבֶּער הָאט זִיא זִיךְ אִיבֶּערְצֵייגְט אַז אולריקא׳ס מַאן אִיז ווירְקְלִיךְ אַ גוּטֶער עֶהְרְלִיכֶער אוּנְד פֶעהִיגֶער מֶענְשׁ אוּנְד זִיא הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ וֶוערְן פְּרֵיינְדְלִיכֶער גֶעגֶען אִיהְם.

עֶס זַיינֶען פֶערְגַאנְגֶען אֵיינִיגֶע יָאהְר. וֶועלְכֶע גבריאל הָאט פֶערְלֶעבְּט אִין פְּרִיעדֶען, לִיעבֶּע אונג גְלִיק.

אולריקא הָאט גֶעהַאט צְווייא קִינְדֶער, אַ אִינְגֶעל אוּנְד אַ מֵיידֶעל נָאךְ דִי פּרייסישע גֶעזֶעטְצֶע פוּן יֶענֶער צֵייט הָאבֶּען דִיא אִינְגְלֶעךְ פוּן אַזַא הֵייַראטְה גֶעהֶערְט צוּם פָאטֶער אונג דִיא מֵיידְלֶעךְ צוּ דֶער מוּטֶער דָאס הֵייסְט, אַ אִינְגֶעל הָאט גֶעדַארְפְט זַיין אַ פְּרָאטֶעסְטַאנְט, וויא דֶער פָאטֶער, אונג אַ מֵיידֶעל אַ קאטוֹיליקין וויא דִיא מוּטֶער.

אולריקא הָאט גֶעוָואלְט ווַייזֶען אִיהְר מַאן אַז זִיא אִיז נִיט פַאנַאטִישׁ אונג הָאט אַ נָאמֶען גֶעגֶעבֶען אִיהְר עֶרְסְטֶע קִינְד, דֶעם אִינְגֶעל פריעדריךְ, נָאךְ דֶעם בֶּערִיהְמְטֶען דַייטְשֶׁען דִיכְטֶער פריעדריךְ פאָן שׁיללער. דָאס מֵעדְכֶען הָאט זִיא אַ נָאמֶען גֶעגֶעבֶען לואיזע נָאךְ דֶער בֶּערִיהְמְטֶער פרייסישער הֶעלְדֶען קֶענִיגִין פוּן וֶועלְכֶע מֶען דֶערְצֶעהְלְט פַאלְגֶענְדֶע גֶעשִׁיכְטֶע.

ווען זיא איז זיך צו זאמען געקומען מיט נאפאלעאן דעם ערסטען אויף א באלל אין דער שטאדט טילזיט, האט זיא געטראגען אויפ'ן קאפ נור עטליכע פרישע ראזען. זיא האט פערקויפט איהרע בריליאנטען אום צו העלפען דעם קעניג פיהרען קריעג מיט נאפאלעאנען.

נאפאלעאן האט געוואוסט דערפון אונ ווען ער האט זיא דערזעהן אהן בריליאנטען, האט ער געוואלט איהר געבען צו פערשטעהן, אז ער ווייס וואו איהרע בריליאנטען זיינען אהינגעקומען.

ער איז צו געקומען צו איהר אונ האט געזאגט:

— קעניגליכע מאיעסטעט, די ראזען אויף אייער קאפ קאסטען מיר פיעל טהייערער וויא די בריליאנטען אויפ'ן קאפ פון מיין קייזערין.

— קייזערליכע מאיעסטעט! האט זיא געענטפערט, איהר קענט זייא האבען זעהר בילליג פאר יעדע ראזע פערלאנג איך נור איין פראווינץ.

נאפאלעאן דער ערסטער האט ארויסגענומען צוויי ראזען פון איהר קאפ אונ דעם אנדערן טאג האט זיא בעקומען א דעקרעט אז ער האט איהר געשענקט צוויא פראווינצען ביים טייך רהיין, וועלכע געהערען נאך ביז היינט צו פרייסען.

גאנץ פרייסען איז געווען ענטציקט פון דער העלדען קעניגען לואיזע אונ אולריקא האט א נאמען געגעבען איהר טאכטער לואיזע. אבוואהל די קעניגען איז געווען א הייסע פראטעסטאנטין.

מיר האבען דערציילט דיזע איינצעלהייטען אום צו בעווייזען וויא פריינדליך אונ וויא גליקליך גבריאל האט געלעבט מיט זיין פרוי.

איינינע יאהר נאך זייער חתונה האט גבריאל בעקומען א בעפעהל פון גענעראל ווראנגעל, ער זאל קומען קיין בערלין אונד זאל איבערנעהמען דאס צאלל אמט אין בערלין, דאס איז שוין געווען די גרעסטע עהרע וועלכע א געוועהנליכער בעאמטער האט געקענט דערגרייכען.

גענעראל ווראנגעל איז אבער דערביי ניט געבליבען שטעהן, ער האט געוואלט אז דער פעהיגער צאלל דירעקטאר זאל בעלוינט ווערען וויא ער האט פערדיענט אונ מיר האבען דערצעהלט וויא אזוי ער האט איהם בעלוינט.

גבריאל געהט יעצט אהיים שטאלץ גליקליך אונ צופריעדען.

ער וואלט אייגענטליך געוואלט אייגענטליך געדארפט געהען אין זיין ביורא, אין זיין דעפארטאמענט אונ זיך פארשטעללען פאר זיינע קאמעראדען אלס געהיימראטה, וואס געהען איהם אבער אן זיינע קאמעראדען זיינע קאללעגען אונד זיינע אונטער בעאמטע.

ער מוז געהן צוערסט אהיים אונד דערצעהלען זיין גליק זיין ליעבער גוטער, געטרייער אולריקא.

ווען ער איז אריינגעקומען אין שטוב, איז איהם אולריקא ענטגעגען געקומען אונ האט איהם בעטראכט אונרוהיג אונ פערוואונדער זיא האט געוואוכט אז ער דארף נאך אזוי גיך ניט קומען, איהרע בליקען האבען איהם געפרעגט:

— וואס איז דאס ראבערט? וויא קומסטו אהיים פאר דער צייט? ביסטו עפעס ניט געזונד?

גבריאל האט ארויסגענומען דעם בריעף פונ'ם פינאנץ מיניסטער אונד האט איהר דערלאנגט.

— לעז אליין מיין טהייערע פרוי! האט ער געזאגט.

אולריקא האט ער איבערגעלעזען אונד איז געווארען פול מיט פרייד אונד שטאלץ.

— אויך דער מיניסטער וויים דיך צו אכטען אונד צו שעטצען מיין טהייערער ראבערט האט זיא געזאגט.

מאן אונד פרוי האט זיך ארומגענומען אונ האבען פערזיגעלט זייער גליק מיט א לאנגען הייסען קוש.

דאן זיינען געקומען דיא קינדער, אולריקא האט זיי דערציילט מיט שטאלץ אונ פרייד אז זייער פאטער איז שוין געהיימראטה אונ זיי האבען זיך אויך געפרעהט, אבוואהל זיי האבען זיך נאך ניט רעכט פערשטאנען, וואס א געהיימראטה איז.

גבריאל האט פערלעבט א גליקליכען טאג פיליכט דעם גליקליכסטען טאג אין זיין לעבען.

---

## 16.

# דער ערסטער דונקעלער פונקט.

גבריאל איז געווען גליקליך, דווקא אבער א גליק? איז עס ניט אן אלטע וואהרהייט, אז אין אונזער בעקסטען בעכער פון פרייד אונד גליק געפינט זיך שוין דער ביטערער טראפען פון שמערצען אונד לײדען?

גבריאל האט זיך באלד איבערצייגט דערפון.

ווען ער האט איבערגעגעבען זיין געליבטער פרוי אלעס, וואס דער

אבער־פרעזידענט האט גערעדט מיט איהם אונד וויא ער האט איהם געהייסען זיא גריסען, איז ער אוועק געגאנגען אין זיין ביורא.

דארט האבען שוין אלע בעאמטע געוואוסט אז ער האט בעקומען א גרויסע אויסצייכנונג אונד אלע האבען איהם געגריסט אונד געוואונשען גליק. אלע האבען איהם ליעב געהאט, וויל ער איז געוועזען שטרענג אבער עהרליך אונד גערעכט.

ער האט היינט געמוזט זיטצען א ביסעל שפעטער וויא געוועהנליך אין זיין ביורא, וויל אלע מאל זיינען געקומען נייע פריינד אונד בעקאנטע צו ווינשען איהם גליק.

ערסט אום פינף אוהר איז ער געקומען אהיים.

אולריקא האט היינט געהייסען קאכען א בעזאנדערס גוטען מיטאג אונד האט געשטעלט צום טיש א פלאש שאמפאניער.

אולריקא'ס מוטער דיא בארא'נין פאן האהענשטיין האט אויך געווינשט גליק איהר איידים אונד האט איהם זאגאר ערלויבט ער זאל איהר קושען דיא הענד, אן עהרע, וועלכע דיא שטאלצע פאלנישע גרעפין פלעגט איהם ערצייגען נור זעלטען, זיא איז געוועזען מיט איהם בעזאנדערס צופריעדען.

צוואר האט זיא געוואוינט אין זיין וואוינונג אונד ער פלעגט זיא אויסהאלטען מיט אלעמען אזוי וויא זיא פלעגט אבער בעקומען א פענסיאן פון דער רעגירונג, האט עס געהייסען אז זיא וואוינט מיט איהם צו זאמען נור צוליעב איהר טאכטער.

דאס מיטאג עסען איז צו געגאנגען גאנץ פרעהליך, ראבערט האט זיא דערצעהלט וויא אלע קאמעראדען האבען איהם בעגריסט אונד האבען זיך געפרעהט מיט זיין ערהעהונג.

דיא בארא'נין פאן האהענשטיין האט געזאגט, אז יעצט מוז דער קעניג שענקען ראבערט'ן דעם טיטול בארא'ן וויל אלס געהיימראטה וועט מען איהם געוויס אמאל רופען צו א בעראטהונג פון פינאנץ מיניס-טעריום.

פון א בארא'ן ביז א גראף איז נור איין שריט, האט דיא אלטע פרוי ערקלערט — עס קומט פאר זעהר אפט, אז א בעאמטער ווערט א גראף, געוועראל ווראנגעל אליין האט אויך ערסט ניט לאנג בעקומען דעם טיטול גראף.

אלע זיינען אלזא געוועזען לוסטיג אונד פרעהליך, פול מיט האפנונג אויף בעסערע, גליקליכע צייטען.

פלעצלונג האט אולריקא געזאגט:

— איך האב גאר פערגעסען דיר צו דערצעהלען, ליעבער ראבערט, אז

אז היינט ביא טאג איז דא געווען א מאן, וועלבער האט דיך געוואלט זעהען.

— ווער איז ער? וואס איז ער? האט גבריאל געפרעגט.

— ער האט מיר ניט געוואלט זאגען ווער ער איז, האט אולריקא געענטפערט, — ער האט מיר נור געזאגט, אז ער איז פון מיסלאוויץ.

ווען דער דונער וואלט געטראפען אויפ'ן טיש לעבען איהם, וואלט זיך ראבערט נייהאף ניט געווען אזוי דערשראקען וויא יעצט, ווען אולריקא האט ארויסגעזאגט די פאאר ווערטער, אז דער מאן איז פון מיסלאוויץ.

ער איז געווארען בלייך וויא קאלך אונד האט א ציטער געטאהן מיט'ן גאנצען קערפער.

— וואס האט ער דען געדארפט פון מיר? האט גבריאל קוים ארויסגערעדט.

— איך אליין האב איהם ניט געזעהן, האט אולריקא געענטפערט, איך האב געשיקט דאס דינסט מעדכען זיא זאל איהם פרעגען ווער ער איז אונד וואס ער דארף, ער האט אבער געענטפערט, אז ער וויל דיר אליין זעהן.

גבריאל האט זיך א ביסעל בערוהיגט.

אולריקא האט ניט בעמערקט וויא איהר מאן'ס געזיכט האט זיך געענדערט ווען זיא האט געזאגט דיא צוויי ווארטער: „פון מיסלאוויץ". זיא איז געווען בעשעפטיגט מיט דיא קינדער אונד האט גאר קיין צייט געהאט אכטונג צו געבען אויף איהר מאנ'ס געזיכט דערפאר אבער האט עס אן אנדערער גוט בעמערקט.

דיא באראנין פאן האהענשטיין האט גוט געזעהן, וויא איהר איידים איז בלייך געווארען, וויא ער האט א ציטער געטהאן אונד וויא ער האט זיך בערוהיגט, ווען אולריקא האט געזאגט, אז זיא אליין האט ניט געזעהן דעם מאן פון מיסלאוויץ.

— וויא עס ווייזט אויס, האט מיין ליעבער איידים מורא פאר מיסלאוויץ, האט געזאגט דיא באראנין צו זיך אליין. — דאס מוז איך וויסען! איך מוז זעהען דעם מאן פון מיסלאוויץ אונד געוואהר ווערען פון איהם, פאר וואס ראבערט האט אזוי מורא פאר מיסלאוויץ.

פון דיעזער מינוט אן האט זיא ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון גבריאל'ן.

גבריאל האט זיך צוואר א ביסעל בערוהיגט, ער איז אבער שוין געזעסען ביים טיש וויא א געכטינגער האט, זיך געאיילט צו ענדיגען



דאס

דאס עסען אונ איז באלד אוועק געגאנגען אין זיין שרייב־ציממער.

פאר'ן אוועק געהען האט ער געזאגט צו זיין פרוי:

— ווען דער מאן פון מיסלאוויץ וועט ווידער קוממען, שיק איהם אריין גלייך צו מיר אין שרייב ציממער. איך האב פיינט מענשען, וועלכע ווילען ניט זאגען, ווער זיי זיינען אונד וויא זיי הייסען.

ער איז אריין געקוממען אין זיין שרייב ציממער, האט זיך אנידער געזעצט אין זיין בריטען, ווייכען שטוהל, האט פערדרויכט א ציגאר אונ האט זיך פערטראכט.

---

## 17.

# ערינערונג איבער די שטעטיל מיסלאוויץ מיט איהרע איינוואהנער.

זייט ער האט זיך געטויפט, האט ער געזוכט זיך צו דערווייטערן פון אידען אין אלגעמיינען אונ פון דיא איינוואוינער פון מיסלאוויץ אינם בעזונדערע. מיט מיסלאוויץ האט ער אין גאנצען געבראכען, זאגאר זיין בעקאנטען פריינד גאטשאלק האט ער ניט געשריעבען, ווען ער האט זיך געטויפט אונד וואס פאר א נאמען ער האט אנגענוממען אין דער טויפע.

ער האט געוואוסט, אז גאטשאלק זעהט זיך זעהר אפט מיט רבי שמואל ארענשטיין אונ ווען גאטשאלק וועט וויסען, וואו ער געפינט זיך אונ וואס ער איז געווארען, קען ער זיך אויסרעדען פאר רבי שמואל ארענשטיין, מען וועט דערפון געוואהר ווערען אונד עס קענען ארויסקוממען אונאנגענעהמליכקייטען פאר איהם.

ווען ער איז געווען צאלל־דירעקטאר אין פאזען, האט ער זיך אזוי דערווייטערט פון אלע אידען אונד זאגאר פון פיעלע קריסטען, אז עס איז גאר קיינעם ניט איינגעפאלען, אז ער איז אמאל געווען א איד.

זייט ער האט זיך בעזעצט אין בערלין, האט ער שוין כמעט אליין פערגעסען, אז ער איז אמאל געווען א איד.

עס איז וואהר, אז פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך דערמאנען,

אַז עֶר הָאט אַ טָאכְטֶער אִין מיסלאוויץ אוּנְד עֶס פְּלֶעגְט אִיהְם פֶּער־קְלֶעמֶען בַּיים הַארְצֶען, עֶר הָאט זֶעהְר גֶעוָואלְט וִויסֶען וָואס זַיין שרה'לע מַאכְט.

אָפְט פְּלֶעגְט עֶר אַוֶּעקְזִיצֶען שְׁטוּנְדֶען לַאנְג אוּנְד טְרַאכְטֶען וָואס קֶען וֶוערֶען פוּן זַיין שרה'לע. זִיא וֶועט אוֹיסְוַואקְסֶען אִין מיסלאוויץ צְוִוישֶׁען דִיא אִידִישֶׁע מֵיידְלֶעךְ אוּנְד וֶועט הֵיירַאטֶען אַ שְׁאכערער, אַ אִידֶען, וֶועלְכֶער לֶעבְּט פוּן דֶער גרענעץ, אַ שְׁמוּגלער, אָדֶער אַ קְרֶעמֶערִיל.

— וִויא אַזוֹי רַייסְט מֶען זִיא אַרוֹיס פוּן דִיזֶען זוּמְפּ? פְּלֶעגְט עֶר פְרֶעגֶען זִיךְ אַלֵיין.

עֶר הָאט אָבֶער קֵיין אַנְטְוָוארְט נִיט גֶעפוּנֶען אוֹיף דִיעזֶע פְרַאגֶע, וַוייל עֶר פְלֶעגְט זִיךְ דֶערְמָאנֶען, אַז אולריקא טָאר דָאךְ נִיט וִויסֶען, אַז עֶר הָאט אַ טָאכְטֶער פוּן זַיין עֶרְסְטֶער פְרוֹי אוּנ אַז דִיעזֶע טָאכְטֶער אִיז אַ אִידֶעשֶׁע מֵיידֶעל.

יֶעטְצְט, וֶוען מֶען הָאט אִיהְם גֶעזָאגְט, אַז אַ מַאן פוּן מיסלאוויץ וִויל אִיהְם זֶעהֶען, הָאט עֶר זִיךְ וִויעדֶער דֶערְמָאנְט אָן זַיין טָאכְטֶער שרה'לֶעם בִּילְד אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר אִיהְם וִויא לֶעבֶּעדִיג.

עֶס זַיינֶען גֶעוֶוען מִינוּטֶען וֶוען עֶר הָאט עֶרְוַוארְטֶעט מִיט אוּנְגֶעדוּלְד דֶעם מַאן פוּן מיסלאוויץ, וֶועלְכֶער וֶועט אִיהְם בְּרֶענְגֶען נַאכְרִיכְטֶען פוּן זַיין טָאכְטֶער, עֶס זַיינֶען אָבֶער וִויעדֶער גֶעוֶוען מִינוּטֶען וֶוען עֶר הָאט פֶערְדַאמְט דֶעם נָאמֶען מיסלאוויץ אוּנְד הָאט גֶעוִוינְשְׁט אַז דֶער מַאן פוּן מיסלאוויץ זָאל אַרֵיין אִין דֶער עֶרְד וִויא קרח.

אַזוֹי וִויא גבריאל אִיז אַזוֹי גֶעזֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרַאכְט, הָאט מֶען פְּלוּצְלִינְג אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק צוּ קְלִינְגֶען אִין דֶער טְהִיר גבריאל הָאט אַ צִיטֶער גֶעטָאהְן.

דָאס מָאל הָאט עֶר זִיךְ אוֹיךְ נִיט אָפְּגֶענַארְט, דִיא טְהִיר פוּן זַיין שְׁרַייבּ צִימֶער הָאט זִיךְ גֶעעֶפֶענְט אוּנְד זַיין אַלְטֶער פְרַיינְד גאטשאלק אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין צִימֶער.

גבריאל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּנ הָאט בֶּעטְרַאכְט דֶעם נַייֶעם גַאסְט. עֶר הָאט אִיהְם שׁוֹין נִיט גֶעזֶעהֶען זַייט צֶעהְן יָאהְר, אִין וֶועלְכֶע גאטשאלק הָאט זִיךְ אִין גַאנְצֶען פֶערְעֶנְדֶערְט. דַאמָאלְס אִיז עֶר גֶעוֶוען מָאגֶער אוּנְד אוֹיסְגֶעדַארְט, יֶעטְצְט אִיז עֶר גֶעוָוארֶען דִיק אוּנְד קַיילֶעכְדִיג וִויא אַ פֶּעסֶעל.

— דוּא דֶערְקֶענְסְט מִיךְ נִיט, גבריאל? הָאט גאטשאלק אוֹיסְגֶערוּפֶען.

גבריאל הָאט אַ צִיטֶער גֶעטָאהְן אוּנְד הָאט פֶערְבִּיסֶען מִיט דִיא לִיפֶּען.

— איך הײם ניט גבריאל, האט ער געזאגט פינסטער, איך הײם ראבערט נײהאף.

— אך, יא! ענטשולדיג מיר! האט גאטשאלק געזאגט, איך האב נאר פערגעסען, אז דוא הײסט יעטצט נײהאף אונד ביסט שוין געוועזענער מערבער, אז דוא ביסט ווײטער געקומען אלס איך.

— איך בעט דיך אלזא, פערגעס ניט וויא איך הײס. איך וויל ניט, אז מײן פרוי זאל וויסען אז איך האב אמאל געהײסען אנאנדער נאמען.

— שוין גוט! שוין גוט! מײן ליעבער, גוטער ראבערט! האט גאטשאלק אויסגערופען, איך האב ניט געוואוסט אז דוא ביסט פערהײראטעט.

— הער נור, גאטשאלק, איך פערלאנג אז דוא זאלסט מיר געבען דײן ערענווארט, אז דוא וועסט אין בערלין קײנעם ניט דערצעהלען, אז דוא ווײסט וואס איך בין געווען מיט צעהן יאהר צוריק.

— מיט'ן גרעסטען פערגניגען! איך גיעב דיר טויזענד ערענווערטער, אז איך וועל מיט קײנעם ניט רעדען פון דײן פערגאנגענהײט.

ערסט יעצט האט זיך גבריאל אין גאנצען בערוהיגט אונד האט אויפגענומען דעם גאסט, וויא אן אלטען גוטען פרײנד.

— נון, ראבערט, האסט דוא ניט בערײעט וואס דוא האסט מיר געפאלגט אונד האסט זיך ארויסגעריסען פון דעם שמוציגען מיסלאוויץ? האט גאטשאלק געפרעגט.

— נײן, פרײנד! איך בערײע עס ניט, האט גבריאל געענטפערט, — איך בין גליקליך מיט מײן פאמיליע, איך האב א קלוגע, גוטע, געבילדעטע, ליעבענדע פרוי אונ שעהנע, בליהענדע קינדער. מײנע קאמעראדען ליעבען מיך, אונד מײנע פארגעזעטצטע אכטען מיך.

— איך האב געהערט, אז דוא שטעהסט גאנץ נאהענט צום אבער־פרעזידענט, גראף ווראנגעל, האט גאטשאלק געזאגט, — קענסט דוא מיר ניט ערקלערען, וויא אזוי האסט דוא זיך בעקענט מיט איהם אונד וויא אזוי ביסט דוא געווארען אזוי אנגעזעהען בײא איהם? מען זאגט, אז דוא געהסט אריין צו איהם אין קאבינעט אונגעמעלדעט, איז עס וואהר?

— יא, מײן פרײנד, עס איז וואהר. איך קען זאגען, אז דער אבער־פרעזידענט ליעבט מיך וויא א פאטער.

— אבער וויא איז עס געקומען? וויא אזוי האסטו זיך אזוי בעקענט מיט איהם? איך בין שוין מעהר אלס צעהן יאהר צאלל־דירעקטאר איך מיסלאוויץ אונ האב נאך ניט אוואנסירט אויף א שריט. וואס איך בין

געוועז צוריק מיט צעהן יאהר, דאס בין איך יעטצט. איך האב אויך געהייראטהעט אונד האב אויך א פאמיליע מיט קינדער אונד איך זאג דיר דיא וואהרהייט, איך קען יעטצט קוים, קוים אויסקומען מיט מיין געהאלט.

גבריאל האט איהם דערצעהלט אללעס, וואס עס האט פאסירט מיט איהם, זייט ער איז אוועק געפאהרען פון מיסלאוויץ ביז אויף היינטיגען טאג.

— איהר ווייסט דאך, אז גראף ווראנגעל איז א זאנדערבארער מענש, האט גבריאל דערצעהלט, ער פאהרט זעהר אפט ארום אינקאגניטא (פערשטעלט) אונד רעווידירט דיא פראווינץ. איך בין געוועזן אן ארימער שרייבעריל אין א קליין שטעדטעל ניט ווייט פון טהארן, מיין פארגעזעצטער איז געוועזן פויל אונ פלעגט ליעב האבען צו טרינקען, דיא גאנצע ארבייט אין צאלל אמט איז געפאלען אויף מיר.

„איך האב צוואר ניט געהאט זעהר פיעל ארבייט אין צאלל אמט אליין, ווייל דאס שטעדטעל ליעגט ניט ביים גרויסען טראקט, דערפאר אבער האב איך געהאט א זעהר שווערע ארבייט מיט דיא שמוגלער. איך פלעג מוזען אויסשטעלען דיא וואכען אונד אכטונג געבען אויף אלעס".

„איין מאל איז אנגעקומען פאר נאכט א מאן גאנץ אליין אויף א לייכטען וואגען. ער איז מיר ניט געפעלען אונד איך האב געהייסען איהם ברענגען אין צאלל אמט אונ איהם בעזוכען".

„וויא גרויס איז אבער געוועזן מיין שרעק אונד מיין שטוינען, ווען דער אפיציער פון דער וואך האט דערקענט דעם מאן אלס גענעראל ווראנגעל! איך האב גערעכענט אז איך בין פערלארען, ער וועט מיך געוויס ארויסטרייבען, וויא מען יאגט ארויס א הונד, אונד איך וועל פערלירען מיין איינציגעס שטיקעל ברויט".

„גענעראל ווראנגעל אבער האט זיך צולאכט אונד האט מיר אנגעקלאפט אויף דיא פלייצעס מיט פאלגענדע ווערטער:

— אזעלכע בעאמטע! ליעב איך! דאס בעווייזט אז זייא טוהען זייער פפליכט.

„ער האט געמאכט א שטרענגע רעוויזיאן אין צאלל אמט אונ איז געוואהר געווארען, אז איך פיהר דאס גאנצע צאלל אמט אונ מיין פארגעזעצטער געהמט דאס געלד„.

— אזעלכע מענשען ווי איהר זייט, דארף איך, האט ער געזאגט.

ער האט גענומען מיין אדרעסע אונד אין א וואך ארום האב איך בעקומען א העכערע שטעלע, דאן בין איך שוין זעהר לייכט געשטיעגען

פון שטופע צו שטופע, ביז איך בין געקומען אויף דער שטופע, אויף וועלכע איך געפין מיך יעטצט״.

— יא, דוא האסט ניט געטרוימט פון אזא גליק, ווען דוא ביסט געוועזען דער איידים פון רבי שמואל ארענשטיין, האט גאטשאלק געזאגט, ווי צו זיך אליין.

— גאטשאלק! איך בעט דיך, דערמאן ניט דיא נעמען פון דיעזע מענשען! האט גבריאל געזאגט מיט א פארוואורף אין זיין שטימע. — איך בעט דיך נאך אמאל, זיי מיין אלטער גוטער פריינד, אבער פערגעס אז מיר האבען זיך געקענט אין מיסלאוויץ.

— שוין גוט! שוין גוט! האט גאטשאלק געלאכט. — מיר רעדען דאך צווישען זיך.

— אלזא קיין ווארט מעהר איבער דער פערגאנגענהייט! — יעטצט דערצעהל מיר, פריינד, וואס טהוסט דוא אין בערלין אונ וויא לאנג דענקסט דוא דא צו בלייבען.

— איך בין אייגענטליך געקומען צום אבער־פרעזידענטען. איך וועל איהם בעטען, ער זאל מיר געבען א בעסערע שטעלע וויא אין מיסלאוויץ. אונ אזוי וויא איך בין געוואהר געווארען אז דוא ביסט זיין פערטרויטער אונד בעליעבטער בעאמטער, בין איך געקומען צו דיר.

גאטשאלק האט יעטצט דערצעהלט, אז ער קען ניט אויסקומען מיט זיין פאמיליע מיט דעם קליינעם געהאלט וועלכען ער בעקומט.

— ווען איך זאל וועלען מאכען געשעפטען מיט דיא אידען פון מיסלאוויץ, וואלט איך געקענט לעבען ברייט אונד זאגאר מאכען א קאפיטאל, איך קען עס אבער ניט אונד וויל עס ניט, דערפאר לייד איך.

גבריאל האט איהם צו געזאגט צו טהאן פאר איהם וואס ער וועט נור קענען.

יעטצט האט דיא העפליכקייט געפאדערט, אז ער זאל איהם פארשטעלען זיין פרוי אונד זייגע קינדער, גבריאל האט אנגעקלונגען, זיין דיענסט מעדכען איז אריין געקומען אונד ער האט איהר געהייסען זאגען דער געהיימרעטהין, אז ער האט א גאסט אויף טהעע.

אין א האלבע שטונדע ארום איז מען געקומען מעלדען אז דער טהעע איז אויסגעגעבען אונד מען ערווארטעט דעם גאסט.

גבריאל האט אריינגעפיהרט דעם גאסט אין זיין עסס־צימער אונד האט איהם פארגעשטעלט פאר דיא דאמען אלס זיין פריינד דער צאלל־דירעקטאר פון מיסלאוויץ.

דיא גוטע אולריקא האט איהם אויפגענומען זעהר פריינדליך אלס דעם גאסט פון איהר מאן. גאנץ אנדערס אבער האט געקוקט אויף איהם דיא בארא‌נין פאן האהענשטיין, אולריקא'ס מוטער.

— דיזער מאן ווייס דיא געהיימנים פון מיין שוויעגער־זאהן, האט זיא געזאגט צו זיך אליין, איך מוז אויך וויסען דיזע געהיימניסע, מיר וועט עס צו נוטץ קומען, איך מוז האבען אין דיא הענד מיין ליעבען איידים.

מען איז געזעסען גאנץ פרעהליך ביים טהעע אונד מען האט גערעדט אונד דערצעהלט אלערלייא נייעס.

די בארא‌נין פאן האהענשטיין איז געוועזען בעזאנדערס פריינדליך געגען דעם גאסט אונד האט זיך אויסגעריהמט מיט איהר יחוס. זיא איז פערקראכען אזוי ווייט אז זיא האט בעהויפטעט, אז זיא שטאמט אפ פון קעניג סאביעסקע.

דערביי אבער האט זיא געמאכט אזוי פיעל קאמפלימענטען דעם צאלל־דירעקטאר פון מיסלאוויץ אז מען וואלט געקענט מיינען אז זיא איז פערליעבט אין איהם.

זעלבסטפערשטענדליך, אז מען האט איינגעלאדען דעם ליעבען גאסט מארגען אויף מיטאג, דאס איז געוועזען גאנץ נאטירליך.

גבריאל האט זיך אונטערדעסען אין גאנצען בערוהיגט, ווייל ער האט געזעהן, אז גאטשאלק האלט זיין ווארט אונ רעדט זעהר וועניג פון מיס׳אוויץ אונד פון זייער אלטער בעקאנטשאפט.

עס איז געווארען שפעט אונד גאטשאלק האט זיך אויפגעהויבען אוועק צו געהן.

— דוא האסט מיר נאך ניט געזאגט וואו דוא ביסט אבגעשטיעגען אין בערלין, האט גבריאל געזאגט צו זיין פריינד.

— איך בין אבגעשטיעגען אין האטעל פריעדריך נומער 25, האט גאטשאלק געענטפערט.

גבריאל האט ניט געקענט בעמערקען וויא זיין שוויעגער מוטער האט זיך נאמירט דעם האטעל אונד דיא נומער פונ'ם צימער וואו גאטשאלק שטעהט איין.

דעם אנדערן טאג איז גאטשאלק געקומען צום מיטאג אונד אולריקא אונד דיא בארא‌נין פאן האהענשטיין האבען איהם אויפגענומען זעהר פריינדליך.

ביים עסען האט זיך דיא בארא‌נין געזעצט לעבען איהם, האט איהם דערלאנגט דאס בעסטע עסען, האט איהם אויפגעפארדערט צו

טרינקען, גאטשאלק האט געטרונקען מעהר וויפיעל ער האט געדארפט אונד ער האט עס אנגעהויבען צו פיהלען.

נאכ'ן עסען האט ער געפיהלט, אז ער מוז געהן אהיים זיך לעגען שלאפען, גבריאל האט עס אויך פערשטאנען אונד האט איהם ניט צוריק געהאלטען.

קוים איז ער ארויסגעגאנגען איז דיא בארא‌נין אויך אוועקגעגאנגען אין איהר צימער, אזוי האט זיא געזאגט, אין דער ווארהייט אבער האט זיא זיך האסטיג אנגעטאהן אונד איז נאכגעלאפען גאטשאלק'ן.

דיא קלוגע פרוי האט זיך געמאכט אז זיא האט איהם בעגעגענט צופעליגערווייזע אונד האט זיך צורעדט מיט איהם, גאטשאלק איז געוועזען אונטער'געטרונקען אונד דיא קלוגע פרוי האט אנגעהויבען צו שלעפען פון איהם ווערטער ביז זיא איז געוואהר געווארען, וואס גבריאל איז געוועזען אין מיסלאוויץ.

דער איינפאכער גאטשאלק האט אויף קיין פאל ניט געקענט וויסען וויפיעל ליידען אונד פיעל שמערצען ער האט דערמיט געבראכט אויפ'ן קאפ פון זיין ארימען פריינד גבריאל.

חיים ומות ביד הלשון לעבען אונ טויט געפינען זיך אויף דער צונג, האט דער קלוגער קעניג געזאגט, מיט א ווארט קען מען פיעל מעהר שאדען וויא מיט אייזען אונ גיפט.

---

# 18.

# א בעראטהונג.

גאטשאלק איז געבליבען אין בערלין נאך צוויי טאג. גבריאל האט געמאכט אז ער זאל קענען רעדען מיט'ן אבער־פרעזידענט אונד זאל איהם אליין איבערגעבען זיין ביטע, דער אבער־פרעזידענט האט איהם צוגעזאגט, אז ער וועט זעהן וואס ער קען טאהן פון זיינעטוועגען.

איידער גאטשאלק איז אוועקגעפארען איז גבריאל געקומען צו איהם אין האטעל אונד האט זיך איינגעשלאסען, מיט איהם אין זיין צימער.

— איך זעה גאר ניט איין וואס דוא בעהאלטסט זיך אזוי, האט גאטשאלק געזאגט, — דיין פרוי פארגעטערט דיך, דייגע קינדער זיינען שעהן וויא דיא ענגעל; דיין שוויגער מוטער איז אן עכטע אריסטאקראטין

א גרויסע דאמע וועלבע מעג זיך געפינען אין קעניגליבען האף. — דוא ביסט ווירקליך א גליקליבער מענש.

— איך וואלט פילייבט געווען גליקליך ווען איין געדאנק זאל מיך בעאונרוהיגען ווען איין געדאנק זאל מיך ניט פערפאלגען טאג אונד נאכט אונד וואלט ניט פערביטערן מיין לעבען.

— אונד דיזער געדאנק איז...?

— מיין טאבטער אין מיסלאוויץ.

— אך, יא! דוא מיינסט דאס מעדבען, וועלבעס דוא האסט געלאזען בייא דיין געוועזענעם שוועהר שמואל ארענשטיין.

גבריאל האט א שטארקען זיפץ געטאהן אונד האט געענטפערט.

— יא, מיין פריינד! איך מיין דיזעס מעדבען, זיא איז דאך מיין טאבטער, מיין בלוט אונד פלייש אונד זיא וועט דארט פערפאלען ווערען.

ער האט געשוויגען אייניגע אויגענבליקע, גלייך וויא ער האט געוואלט זיך זאמלען פאסען מוטה זיך מאבען הארץ, דאן האט ער ווייטער געזאגט:

— דאס ערגסטע איז וואס איך דארף עס קיינעם ניט זאגען, איך קען דאריבער מיט קיינעם ניט רעדען.

— האסט דען ניט געזאגט דיין פרוי אז דוא האסט א טאבטער? האט גאטשאלק געפרעגט.

דיזע אונשולדיגע פראגע פונ'ם איינפאבען ניט גאנץ איבערגעשפיצטען גאטשאלק האט געשניטען גבריאל'ן וויא מיט א מעסער, ער האט געפיהלט אין איהר א פארוואורף, א קלאגע א פערדאמונג עס האט זיך איהם אויסגעוויזען אז זיין אלטער גוטער פריינד זאגט צו איהם: וויא איז עס מעגליך, מען זאל ליבען א פרוי אונד מען זאל איהר ניט אללעס דערצעהלען בעזאנדערס זאבען, וועלבע קענען שפעטער פיהרען צו אונאנגעמליבקייטען?

— רוף מיך, וויא דוא ווילסט, האט גבריאל געענטפערט טרויעריג, אונ אז איך בין א פיינגלינג (טרוס), א בעטריגער, אבער העלף מיר אויס אלעס פריינד אין דיזער אנגעלעגענהייט, עס ליעגט מיר וויא א שוועהרער שטיין אויפ'ן הערצען אונד איך קען מיר קיין ראטה ניט געפינען, איך ליעב מיין פרוי וויא מיין לעבען, אבער יענע איז דאך אויך מיין קינד, מיין ב/וט אונד פלייש, איך האב מיין פרויא ניט געזאגט, אז איך האב א קינד, אונד יעטצט קען איך עס איהר ניט זאגען.

גאטשאלק האט זיך פערטראבט, ער האט אלעס פערשטאנען.

— דוא האסט בעגאנגען א דאפעלן פעהלער, האט ער ענדליך געזאגט דוא האסט געהאנדעלט ניט עהרליך געגען דיין פרוי אונד געגען דיין

קינד, ווען דיין פרוי זאל געוועזען וויסען אז דוא האסט א קינד וואלסטו געקענט געהמען דיין טאכטער צו זיך אונד מאכען פון איהר א קריסטין נאך אונזערע געזעטצע האט דער פאטער דאס רעכט צו געהמען צו זיך זיין קינד אונד צו ערציהען עס אין דער רעליגיאן צו וועלכער ער געהערט ווען יענעמס מעדכען זאל פארקומען אלס דיא טאכטער פון דעם געהיימבראכזה נייהאף, וואלט זיא געקענט מאכען דיא בעסטע פארטיע, זיא וואלט געקענט הייראטען א באראן אדער א גראף, יעטצט אבער איז זיא ניט מעהר וויא א אידיש מיידעל.

— דוא פערגעסט, מיין פריינד, אז ביז אהער האב איך עס ניט געקענט טאהן, מיינע מיטעל האבען עס מיר ניט ערלויבט, איך בין דאך געוועזען נור איין אריטער בעאמטער, וועלכער האט קוים געקענט אויסקומען מיט זיין געהאלט, יעצט ערסט בין איך אים שטאנד צו פערזארגען מיין קינד.

— מיין גוטער פריינד! איך זעה קיין אנדער מיטעל אז דוא זאלסט נאך יעצט דערצעהלען, דיין פרוי אלעס אונד זאלסט זיא בעטען, זיא זאל דיר ערלויבען צו געהמען צו זיך דיין טאכטער, זא ווייט איך האב קענען געלערנט דיין פרוי, איז זיא א גוטע קלוגע אונד געבילדעטע פרוי וועלכע וועט דיר פערציהען אונד אויפנעהמען דיין טאכטער וויא איהר איגען קינד.

— איך קען עס ניט טאהן האט גבריאל געזאגט טרויעריג, איך קען מיין פרוי בעטער פון דיר, זי איז צוואר זעהר געבילדעט, אבער זיא איז דאך א קאטוילייקין אונד האלט זיך פעסט אן איהר רעליגיאן.

— זא ווייט וויא איך קען זיא, איז זיא גאר ניט אזוי פרום, האט גאטשאלק בעמערקט. זיא אליין האט מיר געזאגט, אז זיא האלט אלע רעליגיאנען גלייך אונד עס קומערט איהר וועניג צו וואס פאר א רעליגיאן א מענש געהערט, ווען ער אליין איז נור א גוטער מענש אונד אזוי וויא זיא ליבט דיך ווירקליך, וועט זיא זיך דארום גאר ניט מאכען וואס דוא ביסט א מאל געוועזען א איד.

— עס קען זיין, אז אולריקא וועט זיך דער פון גאר ניט מאכען, אבער איהרע פערוואנדטע, איהר מוטער! פערגעס ניט, אז מיין שוויגער-מוטער האט ניט איינגעווילינגט אז איך זאל הייראטען איהר טאכטער, נאך מעהר זיא האט ניט גערעדט מיט מיר צוויי יאהר נאך אונזער האכצייט, אונד נור ערסט ניט לאנג האט זיא זיך אין גאנצען איבערגעבעטען מיט מיר.

— דאס פערשטעה איך אויך האט דער איינפאכער גאטשאלק געענטפערט, — איך האב ערסט מיט א טאג צוריק בעגעגענט דיין



שוויגער

שוויעגער מוטער אויף דער גאס אונד האב מיך צורעדט מיט איהר, נאטירליך האבען מיר גערעדט פון דיר זיא האט דיך זעהר געליובט אונד האט געזאגט אז זיא ליעבט דיך גלייך וויא דוא וואלסט געוועזען איהר אייגענער זוהן, ווען זיא וואלט ניט געוועזען אזוי אלט, וואלט איך געמיינט אז זיא איז פערליבט אין דיר.

ביידע פריינדע האבען געשוויעגען אייניגע מינוט, יעדער איז געוועזען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען.

ענדליך האט גבריאל געזאגט:

— איך מוז פריהער וויסען, וויא זעהט יעטצט אויס מיין קינד, וויא אזוי איז זיא ערצויגען, קען זיא מיך נאך? ווייס זיא נאך, אז זיא האט א פאטער?

— דאס קען איך דיר ניט זאגען.

— האסטו זיא אמאל געזעהען? קומסטו אמאל צוא שמואל ארענשטיין?

— איך מוז דיר דערצעהלען, אז זייט דוא ביסט אוועק געפאהרען פון מיסלאוויץ, ווייבט מיך אוים שמואל ארענשטיין, וויא דיא פעסט, מען האט מיר דערצעהלט, אז ער קלאגט זיך אויף מיר, אז איך האב דיך פערפיהרט, איך האב דיך אנגערעדט דוא זאלסט זיך טויפען.

ער קומט אמאל צו מיר אין צאלל־אמט, רעדט ער אבער מיט מיר נור פון געשעפט אונ אנטלויפט באלד. ווען ער דערזעהט מיך אויף דער גאס, ווארפט ער אויף מיר א בייזען, שטרענגען בליק אונ געהט זיך אוועק.

— אבער איך דענק, אזוי עס וועט דיר ניט שווער זיין צוא זעהען מיין טאכטער אונ צו רעדען מיט איהר?

— דאס איז ניט אזוי לייכט איך גלויב ניט, אז שמואל ארענשטיין זאל מיך לאזען רעדען מיט דיין טאכטער. ווען איך זאל שוין קוממען צו איהם אלס גאסט, וועט ער מיך אויפנעהמען אין א בעזונדער צימער אונ וועט מיר זאגאר ניט לאזען א קוק טאהן אויף זיין עניקעל, דוא ווייסט דאך, אז ער איז א פרומער, פאנאטישער איד.

— דאן מוזט דוא זוכען א מיטעל זיך צוא זעהען מיט מיין טאכטער אן זיין וויסען, איך גלויב אז אין מיסלאוויץ איז עס ניט זעהר שווער, א יונגעס מעדכען געהט אמאל שפאציערען, זיא קומט אמאל אין צאלל אמט זעהען וויא פאסאזשירען געהען אריבער דיא גרענעץ, דוא קענסט דאן געפינען א געלעגענהייט זיא צו זעהען אונ מיט איהר צו רעדען.

— איך פערשטעה ניט צו וואס דוא דארפסט עס, האט גאטשאלק

געזאגט, איך דענק אז עס וואלט פיל גלייבער געווען דוא זאלסט קומען קיין מיסלאוויץ מיט א בעפעהל פון אבער־פרעזידענט, מען זאל דיר אפגעבען דיין קינד, דוא ביסט א פאטער אונ דוא מעגסט אפנעהמען דיין קינד מיט געוואלט.

— איך קען עס ניט טאהן, פריינד, האט גבריאל געזאגט, ערסטענס מוז איך לאנגזאם אונ פארזיכטיג פארברייטען מיין פרוי, אז איך האב א טאכטער, צווייטענס וויל איך ניט צווינגען מיין טאכטער זיא זאל ווערען א קריסטין. איך וויל אז זיא זאל אליין פערשטעהען אז עס וועט איהר בעסער זיין בייא איהר פאטער, וויא ביי איהר גראס־פאטער, זיא זאל קומען צו מיר מיט פרייד אונד מיט פערגעניגען. דוא מוזט דאך מיר צוגעבען, אז איך קען ניט נעהמען אין מיין הויז א מעדכען וועלכע זאל וויינען, קלאגען, שימפפען דיא קריסטליכע רעליגיאן אונד שרייען אז זיא וויל בלייבען א אידין.

— דיא האסט רעכט, מיין גוטער גבריאל האט גאטשאלק געזאגט — דוא האסט פאלקאמען רעכט, איך וועל טאהן אלעס וואס איך וועל נור קענען אום זיא צו זעהן אונד מיט איהר צו רעדען, איך האף אז ווען איך וועל איהר ערקלערן אז איהר פאטער איז א גרויסער מאן, א בעריהמטער מאן, אונד ער וואוינט אין בערלין וועט זיא מיט פערגעניגען וועלען קומען צו איהם אונד זיך טויפען.

— איך וועל עס דיר אייביג ניט פערגעסען, אלטער פריינד! האט גבריאל אויסגערופען — איך ערלויב דיר אויסצוגעבען וויפיעל געלד דוא וועסט פערשטעהען אונד מאכען איהר פרעזענטען אין מיין נאמען שענק איהר א גאלדענע אוהר, רינגען, אויריינגלעך אונד זאג איהר, אז איך האב עס איהר געשיקט, מיט איין ווארט, טהו אלעס וואס דוא וועסט נור קענען אום איהר צו ערקלערען אונד איינצורעדען, אז עס וועט איהר פיעל בעסער זיין בייא מיר וויא בייא שמואל ארענשטיין.

ביידע פריינד האבען נאך אוועקגערעדט איינגע צייט אונד האבען אלעס אפגערעדט, וויא אזוי גאטשאלק זאל פערנארען שרה׳לען אז זיא זאל זיך לאזען טויפען.

ווען זיי האבען אלעס אפגערעדט, האט גבריאל געזאגט:

— זעלבסטפערשטענדליך, אז דוא וועסט מיר אללעס שרייבען אונד אללעס מיטהיילען.

— געוויס פריינד! איך וועל דיר שרייבען אלעס אונד בעשרייבען אלעס.

— אלזא פאר געזונדערהייט!

— בלייב געזונד אונ גליקליך.

זיי האבען זיך געגעבען דיא הענד, האבען זיך צוקושט אונד גבריאל איז אוועק געגאנגען.

מיט א שטונדע שפעטער איז נאטשאלק אוועקגעפאהרען צוריק קיין מיכלאוויץ.

---

## 19.

# שרה'לע.

מיר מוזען יעצט דעם לעזער צוריק פיהרען קיין מיסלאוויץ אונד צוואר אין הויז פון רבי שמואל ארענשטיין.

צעהן יאר זיינען פערגאנגען זייט מיר האבען זיך ניט געזעהן מיט דער פאמיליע ארענשטיין, אין צעהן יאר ענדערען זיך פיעלע זאכען, פון קינדער ווערען לייט אונ פון לייט ווערען אלטע מענשען.

שרה'לע איז יעטצט אלט געוועזען פונפצעהן יאר, זיא איז געוועזען הויך אונ שעהן געוואקסען וויא איהר פאטער, שטיל פריינדליך אונד גוטמוטהיג וויא איהר מוטער.

אזוי וויא זיא איז אויסגעוואקסען אין א קליין שטעדטעל האט זיא ניט געלערנט אין א שולע, רבי שמואל ארענשטיין האט אבער ניט געוואלט אז שרה'לע זאל בלייבען גאנץ אונוויסענד אונד ער האט פאר איהר צו גענומען א לעהרער, א יונגען מאן מיט'ן נאמען מארקוס לעווי וועלכער האט געלעבט פון שטונדען געבען אין מיסלאוויץ.

מארקוס לעווי איז געוועזען א גאנץ יונגער מאן פון א יאהר אכטצעהען-צוואנציג אונ ער האט אמאל געלערנט אין א ישיבה אין רוסלאנד אונ אלע האבען איהם ליעב געהאט, ווייל ער איז געוועזען א „גוטער אינגעל" אונד האט געהאט א שעהנע האנדשריפט, ער האט געקענט גוט שרייבען וויא מען פלעגט דאמאלס זאגען.

פון שרייבען אידיש האט זיך איהם פערוועלט צו קענען שרייבען פאלניש אונד עס האבען זיך געפונען גוטע מענשען וועלכע האבען איהם געוויזען דעם פאלנישען א בע צע. פון פאלניש איז ער ארויפגעקומען אויף דייטש.

צום אונגליק אדער צום גליק איז איהם אריינגעפאלען אין דיא הענד א תנ"ך מיט מענדעלזאהנס איבערזעטצונג, מארקוס לעווי האט אנגעהויבען צו שטודירען דייטש פון תנ"ך מיט'ן „ביאור", ריכטיגער געזאגט, מיט

מענדעלזאהנ'ס איבערזעטצונג אונד מיט ערקלערונגען פון דיא בעריהמטע אידישע געלערנטע פון דייטשלאנד פון יענער צייט.

אלס פעהיגער מענש האט ער אין א קורצע צייט זיך ערווארבען אזוי פיעל קענטניסע אין דער דייטשער שפראכע אז ער האט אנגעהויבען צו לעזען דייטשע ביכער, וויא שילער, געטהע אונד בעזאנדערס לעסינג.

לעסינגס דראמא „נאטהאן דער ווייזע נתן החכם" איז געווארען זיין ליעבלינגס בוך וועלכעס ער האט געקענט אויסווענינ.

צום אונגליק איז מען דערפון געוואהר געווארען אין דער ישיבה אונד מען האט איהם ארויסגעטריבען אלס אפיקורוס.

מארקוס לעווי האט זיך ענטשלאסען צו פאהרען קיין דייטשלאנד שטודירען, ער האט אבער ניט געהאט קיין גראשען געלד אונד קיין פאספארט, מיט שווערער מיהע איז ער פערקראכען ביז מיסלאוויץ וואו ער איז קראנק געווארען.

רבי שמואל ארענשטיין איז דערפון געוואהר געווארען אונ האט איהם גענומען צו זיך אהיים, מארקוס לעווי האט איהם דערציילט זיין גאנצע לעבענס געשיכטע, זיין ווינשען אונד פערלאנגען זיין שטרעבען אונ האפען.

מארקוס לעווי האט געוואלט ווערען א פילאזאף וויא מענדעלזאהן, רבי שמואל ארענשטיין האט איהם געגעבען צו פערשטעהן אז ניט אזוי לייכט ווערט מען א מענדעלזאהן.

ווען מארקוס לעווי איז געזונד געווארען האט איהם רבי שמואל ארענשטיין געראטהען, ער זאל דערווייל בלייבען אין מיסלאוויץ, ער זאל געבען שטונדען ביז ער וועט פערדינען אזוי פיעל געלד אז ער וועט קענען פאהרען שטודירען קיין בערלין.

דערביי איז רבי שמואל ארענשטיין ניט געבליבען, ער האט איהם גענומען פאר א לעהרער פאר שרה'לען, פאר איהר האט ער נאך געקענט געבען פאלניש אונ דייטש, אויסער דעם פלעגט איהם מארקוס לעווי שרייבען זיינע בריף אונד זיינע רעכנונגען, אזא שעהנעם האנדשריפט וויא מארקוס לעווי האט געהאט איז געווען א זעלטענהייט, זאגאר אין א גרעסערע שטאדט וויא מיסלאוויץ.

מארקוס לעווי האט באלד געקריגען שטונדען אין אנדערע הייזער, דיא אידען פון מיסלאוויץ זיינען געווען פרום אבער קיינע פאנאטיקער זיי זאלען האלטען פאר אן אפיקורוס א מענשען וועלכע לעזט דייטשע ביכער וויא מענדעלזאהן אונ לעסינג.

מארקוס לעווי איז אלזא געווארען שרה'לעס לעהרער אונד ער האט איהר איבערגעגעבען אלעס וואס ער האט געקענט.

(גט"י ה"ב) שרה'לע

שרה׳לע האָט אָנגעהויבען צו לעזען אונד צו פערשטעהן לעסינגס ווערק, בעזאָנדערס אָבער „נאטהאן דער ווייזע״ אין וועלכען לעסינג אַ קריסט איז צוזאַמענגעבראַכט מיט דער אידע אַז אַלע רעליגיאָנען זיינען גוט וויא מען האַלט זיי, ווייל אַלע רעליגיאָנען לערנען מענשענליבע פריינדליכקייט אונד טאָלעראַנץ.

מיר האָבען שוין דערצעהלט אַז רבי שמואל אָרענשטיין האָט געזאָגט צו שרה׳לען — דו ביסט אַ יתומה דו האָסט קיין פאָטער אונד קיין מוטער אָבער גאָט איז דער פאָטער פון יתומים אונד זאָ לאַנג איך וועל לעבען וועל איך זיין דיין פאָטער.

זייט דאַמאָלס האָט מען אין הויז פון רבי שמואל אָרענשטיין קיין מאָל ניט דערמאָנט דעם נאָמען גבריאל — גבריאל איז געשטאָרבען אונ פערגעסען געוואָרען.

שרה׳לע איז אויפגעוואַקסען מיט דער פעסטער איבערצייגונג, אַז איהר פאָטער איז טויט אָבער ווען זיא איז אַלט געוואָרען אַ יאָהר צעהן, האָט זיא זיך אַ מאָל צוקריגט מיט אַ מיידעל, אַ חבר׳טע אונד יענע האָט אויסגערופען.

— משומד׳תטע! דיין פאָטער איז אַ משומד!

שרה׳לע איז געקומען אַהיים טרויעריג אונד פערצווייפעלט זיא האָט געוואָלט פרעגען וועמען וואָס עס איז געשעהן מיט איהר פאָטער, זיא האָט עס אָבער ניט געקענט, זיא האָט ניט געהאַט וועמען צו פרעגען.



# ענדע צווייטעס טהייל.

# דער

# געטויפטער איד

א ראמאן פון ווירקליכען יודישען לעבען אין דייטשלאנד
אין 4 טהייל.

פערפאסט פון

## א. טאנענבוים.

דריטער טהייל

פערלאג פון מרדכי קאצענעלענבאגען בוכהענדלער ווילנא

ווילנא, תרס"ב.

בדפוס י. פיראָזשניקאָוו.

# ДЕРЪ ГЕТОЙФТЕРЪ ИДЪ

т. е.

**Крещенный Еврей**

Романъ въ 4 томахъ. *А. ТАНЕНБАУМА.*

Изданіе виленскаго книгопродавца М. Каценеленбогена.

**Томъ III.**

ВИЛЬНА.

Типографія И. І. Пирожникова. Завальная ул. д. № 1147.

1902

# אינהאלטס־פערצייכניס:





# גֶעטוֹיפְטֶער אִיד.

## דריטער טהייל.



## I.

## שָׂרָה'לֶע וֵוייס נִיט פוּן אִיר פָאטֶער.

דִיא מוּמֶע היה אִיז שׁוֹין מִיט אֵיינִיגֶע יָאהר צוּרִיק אַוֶועק גֶעפָאהרֶען קַיין אַמעריקא, צוּ אִיהר זוּהן לייבעלע, דֶער פעטער גאָלדשטיקער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ דִיא מוּמֶע מלכה הָאט נִיט שְׁטַארְק לִיעב גֶעהַאט שרה'לען.

דֶער גראָס־פַאטער ר' שמואל אָרענשטיין הָאט זִיא מוֹרָא גֶעהַאט צוּ פְרֶעגֶען וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהן מִיט אִיהר פָאטֶער, וַוייל עֶר הָאט אִיהר שׁוֹין עֶטְלִיכֶע מָאל גֶעזָאגְט אַז אִיהר פָאטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען.

וִויא יוּנְג שרה'לע אִיז גֶעוֶוען הָאט עֶס דָאךְ גֶעבּוֹיעֶרְט אִין אִיהר יוּנְגֶען קָאפּ וִויא מִיט אַיין עֶק בּוֹיעֶר.

— אִיז מַיין פָאטֶער וִוירְקְלִיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען? — וואוּ אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבֶּען? אִיךְ וֵוייס, אַז מַיין מוּטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אִיךְ וֵוייס אָבֶער וואוּ זִיא לִיעגְט בֶּעגְרָאבֶען, אִיךְ וֵוייס וואוּ אִיהר קֶבֶר אִיז, — וואוּ אִיז אָבֶער דֶער קֶבֶר פוּן מַיין פָאטֶער?

דָאס אָרִימֶע קִינְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶען צוּ טְרַאכְטֶען, צוּ קְלֶערֶען אוּנ צוּ זוּכֶען, עֶס זַיינֶען פֶערְגַאנְגֶען יָאהרֶען אוּנ זִיא אִיז עֶנְדְלִיךְ גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, אַז אִיהר פָאטֶער הָאט זִיךְ גֶעטוֹיפְט, וואוּ עֶר אִיז אָבֶער אוּנ אוֹיבּ עֶר לֶעבְּט נָאךְ, הָאט זִיא נִיט גֶעקֶענְט גֶעוָואהר וֶוערֶען, וַוייל קֵיינֶער אִין מיסלאָוויץ אוֹיסֶער דֶער צאָלל־דירעקטאָר הָאט עֶס נִיט גֶעוואוּסְט.

שרה'לע הָאט אוֹיף דִיעזֶער אַרְט גֶעפִיהלְט דֶעם עֶרְסְטֶען בִּיטֶערֶען שְׁמֶערְץ אִין אִיהר לֶעבֶּען, עֶס אִיז גֶעוֶוען דֶער עֶרְסְטֶער קַאלְטֶער הוֹיךְ

פון'ם ווינטער, וועלכער בעריהרט דיא צארטע בלומען אונ זיי לאזען אראפ זייערע שעהנע קעפעלעך.

זיא האט געמוזט אויסמיידען, איהרע חבר'טעס, ווייל מען פלעגט איהר א מאל ווייזען א צלם היגטער דיא פלייצעס.

ר' שמואל ארענשטיין האט געליעבט שרה'לען מעהר וויא זיין אייגען קינד אונ האט זיא אפגעהיט וויא זיין אויג אין קאפ, ער פלעגט זיא קליידען רייך אונ שעהן, וויא מען האט נור געקענט זיך אנטאהן רייך אונ שעהן אין א קליין שטעדטעל, דערפאר פלעגען איהר פיעלע מיידלעך מקנא זיין, אונ אזוי וויא זייא האבען איהר גאר ניט געקענט טאהן, פלעגען זיי מאכען פון זייערע פינגער א צלם אונ פלעגען ווייזען ווען שרה'לע פלעגט פארביי געהען.

שרה'לע האט עס בעמערקט אונ האט זיך זעהר געערגערט, זיא פלעגט מוזען בלייבען אין דער היים, זעלטען געהען שפאציערען, זעלטען זיך ווייזען אויף דער גאס, זיטצען אין דער היים אונ טראכטען פון איהר פאטער, גיט ווילענדיג האט זיך איהר געשטעלט דיא פראגע: איז דען ווירקליך א געטויפטער איד אזא פערברעכער, אז אלע דארפען איהם פעראכטען אונ פערדאמען?

עס איז אלזא קיין וואונדער וואס זיא האט געעפענט איהר הערץ איהר יונגען לעהרער, מארקוס לעווי, זיא האט איהם גיט דערצעהלט אז איהר פאטער איז געטויפט, אבער זיא האט גערעדט מיט איהם איבער רעליגיאנען אונ האט געוואלט וויסען פאר וואס מענשען פון פערשיעדענע רעליגיאן האסען זיך אזוי שטארק אונ פערפאלגען איינער דעם אנדערען.

דיא רעליגיאנס-פראגע איז פאר איהר געווארען א לעבענס-פראגע, זיא האט פערשלונגען דאס שעהנע דראמא, „נאטהאן דער ווייזע" פון לעסינג, אין וועלכער עס קומען זיך צונויף עדעלע מענשען פון אלע דריי גרויסע רעליגיאנען פון אונזער צייט, דער פערטרעטער פון'ם יודענטהום איז דער קלוגער, געלערנטער איד, נאטהאן דער ווייזע, נתן החכם, דער פערטרעטער פון'ם קריסטענטהום איז דער עדעלער טעמפעל הערר, דער פערטרעטער פון מחמדאניזמוס איז סולטאן סאלאדין.

אויף דיעזער ארט האט זיך שרה'לע זעהר פריה ענטוויקעלט אונ האט אנגעהויבען צו טראכטען אונ צו דענקען.

זיא האט געלערנט זעהר פלייסיג אונ האט פערשלונגען אלע ביכער, וועלכע מארקוס לעווי האט געקענט בעקומען פון איהרענטוועגען, ליידער האט מען אין מיכלאוויץ געקענט בעקומען זעהר וועניג ביכער אונ שרה'לע האט אליין געמוזט דענקען, איהר קאפ האט געמוזט ארבייטען אונ זיך שלייפען.

איין מָאל איז מלכה, שרה׳לעס שטיעף־מוטער עֶפּעס ניט געזונד געוועזען אונ זיא האט געשיקט שרה׳לען עפּעס קויפען אין דער איינציגער אפּטהעקע פון מיסלאָוויץ.

ווען שרה׳לע איז אַרויסגעגאנגען פון דער אַפּטהעקע, איז איהר ענטגעגען געקומען דער צאָלל־דירעקטאָר גאָטשאַלק, שרה׳לע האט איהם געקענט, ווייל אין אַ קליין שטעדטעל וויא מיסלאָוויץ, האט מען זעהר גוט געקענט, דעם צאָלל־דירעקטאָר, זיא האט אָבער קיין מָאל מיט איהם ניט גערעדט.

וואָס האט זיא צו רעדען מיט׳ן צאָלל־דירעקטאָר? וויא קומט זיא צום צאָלל־דירעקטאָר?

מען קען זיך אַלזאָ זעהר לייכט פאָרשטעלען וויא איבערראַשט אונ דערשראָקען זיא איז געוואָרען, ווען גאָטשאַלק איז צו געקומען צו איהר אונ האט געזאָגט פריינדליך.

— גוטען אָבענד, פריילין וואָלף!

— איך היים ניט וואָלף, איך היים שרה אָרענשטיין, האט זיא געענטפערט.

זיא האט אויך רעכט געהאט, זיא האט ניט געוואוסט אַז איהר פאָטערס פאַמיליען נאָמען איז וואָלף, מען האט איהר געזאָגט, אַז איהר פאַמיליען נאַמען איז אָרענשטיין אונ זיא איז דערמיט צופריעדען געוועזען.

— איהר ווייסט אַלזאָ גאר ניט, אַז אייער פאָטער הייסט וואָלף? האט דער צאָלל־דירעקטאָר געפרעגט.

— מיין פאָטער איז שוין לאַנג געשטאָרבען אונ ער האט געהייסען אָרענשטיין, האט זיא געענטפערט.

— ליעבעס קינד, איך זעה אַז איהר ווייסט גאר ניט ווער איהר זייט, האט דער צאָלל־דירעקטאָר געזאָגט גאַנץ פריינדליך, — אייער פאָטער לעבט אונ איך בין זיין בעסטער פריינד.

— דאס קען ניט זיין! מיין פאָטער איז טויט!

— ווען איהר זאָלט מיר צו זאָגען, אַז איהר וועט עס ניט דער־צעהלען אייער גראָס־פאַטער, וואָלט איך אייך דערצעהלט אַ גייעס.

— איך האב קיינע געהיימניסע פאר מיין גראָס־פאַטער, האט דאס שטאָלצע מעדכען געענטפערט, — וואָס איך ווייס, מעג ער אויך וויסען.

— אָבער ליעבעס קינד, איהר האט דאך אַ געהיימניס, מען האט אייך געזאָגט, אַז אייער פאָטער איז טויט אונ דאס איז ניט וואהר, אייער פאָטער לעבט אונ איז אַ גרויסער מאַן אין בערלין.

שרה׳לע איז געבליעבען שטעהען, וויא אַ צומישטע, זיא האט ניט

געוואוסט וואס צו טאהן אונ וואס צו זאגען צו דיעזען מענשען, וועלכער האט זיך אזוי פלוצלונג, אזוי אונערווארטעט אריינגעמישט אין איהר לעבען.

פון איין זייט האט זיא זעהר געוואלט וויסען ווער איהר פאטער איז אונ וואס ער מאכט, עס איז דאך א פאטער, עס איז דאך אנגענעהם צו וויסען, אז מען האט א פאטער וועלכער איז נאך א גרויסער מאן,

פון דער אנדערער זייט אבער האט זיא זיך בערעכענט אז איהר פאטער איז דאך א געטויפטער איד, א מענש, וועלכער אלע האסען, פעראכטען אונ פערדאמען.

דאס ארימע מעדכען האט זיך קיין ראטה ניט געקענט געפינען, וואס זיא זאל רעדען מיט'ן צאלל-דירעקטאר.

— אייער פאטער לאזט אייך גריסען אונ בעט אייך, איהר זאלט איהם שרייבען א בריעף, האט גאטשאלק ווייטער געזאגט.

ער האט איהר דאן דערצעלט אז איהר פאטער איז זעהר רייך אונ אנגעזעהען אונ ער וויל זיא זעהר געהמען צו זיך.

שרה'לע האט געשוויעגען.

— נון וואס שווייגט איהר? וואס זאל איך שרייבען אייער פאטער?

— גאר ניט! איך וויל איהם ניט שרייבען.

— בעקלערט אייך, וואס איהר טהוט! אייער פאטער ליעבט אייך אונ וויל טאהן פון אייערטוועגען אללעס וואס ער וועט נור קענען, זאגט מיר נור איין ווארט!

— איך ווייס ניט! איך קען ניט! האט שרה'לע אויסגערופען אונ איז אנטלאפען געווארען.

זיא איז געלאפען אהיים האסטיג, אונרוהיג, דערשראקען אונ צומישט.

---

# רבי שמואל ארענשטיין.

עס איז שוין געוועזן רעכט פינסטער, ווען שרה'לע איז געקומען צו־לויפען אהיים.

ר' שמואל ארענשטיין איז גראדע געוועזן אין דער היים, ער האט נור וואס אפגעדאווענט מעריב אונ האט געוואלט זיך זעטצען עסען. ווען שרה'לע איז אריינגעלאפען מיט דער מעדיצין, האט זיא אנידערגעשטעלט אויפ'ן

טִישׁ אוּן אִיז אַרַיינְגֶעלָאפֶען אִין אִיהר צִימֶער, וואוּ זִיא אִיז אַ נִידֶערְ־גֶעפַאלֶען אוֹיף אַ דִיוַואן אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶען צוּ וֵויינֶען.

ר׳ שמואל אָרענשטיין הָאט בַּאלְד דֶערְקֶענְט אַז דָא אִיז עֶפֶּעס נִיט גְלַאט, אַז מִיט שרה׳לען הָאט עֶפֶּעס פַּאסִירְט אוּן עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען זֶעהֶען וָואס זִיא מַאכְט, עֶר הָאט זִיא גֶעפוּנֶען לִיעגֶענְדִיג אוֹיפ׳ן דִיוַואן אוּן וֵויינֶען.

עֶר הָאט זִיךְ שְׁטַארְק דֶערְשְׁרָאקֶען אוּן הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען:

— וָואס אִיז דִיר שרהלע? פַאר וָואס וֵויינְסְטוּ? וָואס אִיז דִיר גֶעשֶׁעהֶען?

שרה׳לע הָאט אָנְפַאנְגְס נִיט גֶעוָואלְט עֶנְטְפֶערֶען, ר׳ שמואל אָרענשטיין הָאט אָבֶער אַזוֹי לַאנְג גֶערֶעדְט אִיבֶער אִיהר, בִּיז זִיא הָאט זִיךְ בֶּערוּהִיגְט אוּן הָאט אִיהם דֶערְצֶעהלְט, אַז זִיא הָאט בֶּעגֶעגְנֶעט דֶעם צָאלל־דִירעקטָאר.

ר׳ שמואל אָרענשטיין אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פַאר צָארְן אוּן פֶערְדְרוּס.

— דֶער הוּנְד! דֶער טוֹיגֶעניכְטְס! הָאט עֶר גֶעשְׁרִיעֶן אוֹיסֶער זִיךְ, — עֶר, נוּר עֶר אִיז שׁוּלְדִיג אִין אוּנְזֶער אוּנְגְלִיק, עֶר הָאט אוּנְז אַלֶע אוּנְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט.

— עֶר הָאט גֶערֶעדְט גַאנְץ פְרֵיינְדְלִיךְ מִיט מִיר, הָאט שרה׳לע גֶעזָאגְט וִויא צוּ זִיךְ אַלֵיין.

— פֶערְדַאמְט זָאל עֶר וֶוערֶען! פֶערְפְלוּכְט זָאל עֶר וֶוערֶען! דִיעזֶער שונא ישראל! הָאט ר׳ שמואל אָרענשטיין אוֹיסְגֶערוּפֶען אוּן הָאט גֶעקְרִיצְט מִיט דִיא צֵיינֶער.

שרה׳לע הָאט גֶעשְׁוִויעגֶען, זִיא הָאט נִיט גֶעוואוּסְט פַאר וָואס אִיהר גרויס־פָאטֶער אִיז אַזוֹי בֵּייז אוֹיפ׳ן צָאלל־דירעקטָאר.

— וָואס הָאט עֶר דֶען גֶעוָואלְט פוּן דִיר? הָאט ר׳ שמואל אָרענשטיין גֶעפְרֶעגְט הַאסְטִיג.

— עֶר הָאט מִיר גֶעבְּרַאכְט אַ גֶערוּס פוּן מַיין פָאטֶער..

— פוּן דַיין פָאטֶער? וָואס רֶעדְסְט דוּא? דוּא הָאסְט קַיין פָאטֶער.

עֶר הָאט אַלֵיין גֶעזֶעהֶען מַיין פָאטֶער אוּן הָאט גֶערֶעדְט מִיט אִיהם, מַיין פָאטֶער אִיז אַ גְרוֹיסֶער מַאן אִין בערלין, עֶר רֶעדְט זָאגַאר מִיט׳ן קֶענִיג אַלֵיין.

— עֶס אִיז אַ לִיגֶען! דַיין פָאטֶער אִיז שׁוֹין לַאנְג טוֹיט! הָאט ר׳ שמואל אָרענשטיין אוֹיסְגֶערוּפֶען וִוילְד.

שרה׳לע הָאט גֶעזֶעהֶען אַז אִיהר גראָס־פַאטער אִיז זֶעהר אוֹיפְגֶערֶעגְט אוּן זִיא הָאט פְּרוּבִּירְט אִיהם צוּ בֶּערוּהִיגֶען.

— לִיעבֶּער פָאטֶער! זַיי נִיט אַזוֹי בֵּייז, הָאט זִיא גֶעבֶּעטֶען מִיט

אִיהר זִיסֶער, קִינְדְלִיכֶער שְׁטִימֶע, — דֶער צָאלל-דִירֶעקטָאר אִיז גָאר גִיט אַזַא שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ, עֶר הָאט מִיךְ גֶעבֶּעטֶען, אִיךְ זָאל שְׁרַייבֶּען אַ בְּרִיעף צוּ מַיין פָאטֶער.

— צוּ וָואס זָאלְסְטוּ אִיהם שְׁרַייבֶּען?

— וַוייל עֶר וִויל מִיךְ גֶעהמֶען צוּ זִיךְ.

ר' שמואל אָרענשטיין הָאט פֶערְבִּיסֶען דִיא לִיפֶּען, עֶר הָאט יֶעטְצְט אַלֶעס פֶערְשְׁטַאנֶען, עֶר הָאט גוּט גֶעקֶענְט דִיא פּריישיסע גֶעזֶעטְצֶע אוּנ הָאט גֶעוואוּסְט, אַז וֶוען גבריאל וֶועט נוּר וֶועלֶען, קֶען עֶר גֶעהמֶען שרה'לען צוּ זִיךְ מִיט גֶעוַואלְד, עֶר הָאט גֶעפִיהְלְט, אַז שרה'לע גֶעפִינְט זִיךְ אִין אַ גְרוֹיס גֶעפַאהר אוּנ עֶר הָאט דַאהֶער גֶעזָאגְט:

— דֶער צָאלל-דִירֶעקטָאר הָאט גֶעמֶעגְט זָאגֶען וָואס עֶר הָאט גֶעוָואלְט, אִיךְ אָבֶער זָאג דִיר, אַז דַיין פָאטֶער אִיז טוֹיט, עֶר אִיז טוֹיט פַאר מִיר אוּנ פַאר דִיר אוּנ פַאר כל ישראל.

— לִיעבֶּער גראָס-פַאטער! זָאג מִיר דִיא וַוארְהַייט, וָואס הָאט מַיין פָאטֶער אַזֶעלְכֶעס גֶעטָאהן, וָואס דוּא בִּיסְט אַזוֹי בֵּייז אוֹיף אִיהם.

— דוּא ווִילְסְט ווִיסֶען, וָואס דַיין פָאטֶער הָאט גֶעטָאהן? — אִיךְ וֶועל עֶס דִיר זָאגֶען, אָבֶער נִיט יֶעטְצְט אוּנ נִיט דָא, מָארְגֶען אִין דֶער פְרִיה וֶועלֶען מִיר גֶעהֶען אוֹיפ'ן הַיילִיגֶען אָרְט, דָארְט וֶועל אִיךְ דִיר זָאגֶען וָואס דַיין פָאטֶער הָאט גֶעטָאהן.

— פַאר וָואס נִיט יֶעטְצְט? פַאר וָואס נִיט דָא?

— מָארְגֶען, שרה'לע, וֶועסְטוּ אַלֶעס ווִיסֶען, הָאט ר' שמואל אָרענשטיין גֶעזָאגְט עֶרְנְסְט אוּנ פִינְסְטֶער, — יֶעטְצְט לֶעג זִיךְ שְׁלָאפֶען.

מִיט דִיעזֶע וֶוערְטֶער הָאט עֶר אִיהר אַ קוּשׁ גֶעטָאהן אִין קָאפּ אוּנ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן אִיהר צִימֶער.

שרה'לע אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען אַלֵיין, זִיא הָאט זִיךְ גֶעלֶעגְט שְׁלָאפֶען, אָבֶער דֶער שְׁלָאף אִיז אַנְטְלָאפֶען פוּן אִיהרֶע פֶערְוויינְטֶע אוֹיגֶען, זִיא הָאט זִיךְ אַ גַאנְצֶע נַאכְט גֶעקַייקֶעלְט ווִיא אַ שְׁלַאנְג אוֹיף אִיהר גֶעלֶעגֶער אוּנ הָאט נִיט גֶעקֶענְט אַנְטְשְׁלָאפֶען וֶוערֶען.

זִיא הָאט אַלֵץ גֶעטְרַאכְט פוּן אִיהר פָאטֶער, אִיהר פַאנְטַאזִיע הָאט אִיהר פָארְגֶעשְׁטֶעלְט, ווִיא דִיעזֶער פָאטֶער זֶעהט אוֹיס, ווִיא עֶר גֶעהט אָנְגֶעטָאהן, ווִיא צוּ אִיהם קוּמֶען גראַפען אוּנ פירסטען. ווִיא גוּט עֶס וָואלְט אִיהר גֶעוֶוען צוּ זַיין בַּיי אַזַא פָאטֶער, ווִיא גְלִיקְלִיךְ זִיא וָואלְט גֶעוֶוען צוּ וואוֹינֶען אִין בערלין, אִין דֶער הוֹיפְּט-שְׁטָאדְט וואוּ דֶער קֶענִיג וואוֹינְט, וואוּ עֶס וואוֹינֶען אַזֶעלְכֶע גֶעלֶערְנְטֶע מֶענְשֶׁען, ווִיא מָאזֶעס מֶענדעלזָאהן אוּנ לִיעבִּיג.

אויך ר' שמואל אָרענשטיין האָט פֶערבְּרַאכְט אַ זֶעהר טְרױעֶריגֶע נַאכְט.

דֶער גאָטשאַלק איז ווירקְליךְ אַ שונא ישראל, האָט עֶר גֶעבְּרומְט, — עֶר האָט עֶם אָנְגֶערֶעדְט גבריאל'ן עֶר זָאל זיךְ טױפֶען אונ יֶעטְצְט וויל עֶר אָפְּרֶעדֶען שרה'לען אונ זיא אויךְ טױפֶען. — דאס מָאל וֶועט עֶם איהם אָבֶער ניט גֶערָאטֶען, דָאס מָאל וֶועל איךְ שְׁטֶעהֶען אויף דֶער וַואךְ אונ וֶועל ניט דֶערְלָאזֶען, אַז שרה'לע זָאל זיךְ טױפֶען.

אויךְ עֶר איז גֶעלֶעגֶען אַ גַאנְצֶע נַאכְט אונ האָט קַיין אױג ניט צוּ גֶעמַאכְט, עֶר האָט גֶעטְרַאכְט, גֶעקְלֶערְט, גֶעפְּאַרְשְׁט אונ גֶעזוּכְט וָואס עֶר זָאל טָאהן אונ וויא עֶר זָאל רֶעטֶען שרה'לען.

פְּלוּצְלוּנְג איז איהם אַיינְגֶעפַאלֶען אַ גְלִיקְלִיכֶער גֶעדַאנְק אין קָאפּ.

— אַזוֹי מוּז עֶס זַיין! האָט עֶר אױסְגֶערוּפֶען אונ איז אױפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן זַיין בֶּעט, — שרה'לע מוּז אַוֶועק פָאהרֶען פון מיסלאָוויץ אונ גאָטשאַלק זָאל ניט ווִיסֶען וואוּ זיא איז אַהין גֶעקוּמְמֶען, דַאן וֶועט אַלֶעס אויפְהֶערֶען.

וואוּהין שִׁיקְט מֶען אָבֶער שרה'לען?

— יוסעלע וואוינְט יֶעטְצְט אין גרייץ, איךְ וֶועל זיא שִׁיקֶען צוּ יוסעלען, האָט ר' שמואל אָרענשטיין גֶעמוּרְמֶעלְט, — יוסעלען גֶעהט עֶס גוּט, זַיין פְרוֹי ניטעל איז אַ גוּטֶע ווירְטְהִין אונ האָט אַ גְרױסֶע קְרָאם פון שְׁנִיט סְחוֹרָה אין גרייץ, שרה'לע וֶועט לֶעבֶּען בַּיי יוסעלען, יוסעלע האָט זיא שְׁטֶענְדִיג זֶעהר לִיעב גֶעהַאט, וֶוען ניטעל וֶועט ניט זַיין אַזוֹי צוּפְרִיעדֶען צוּ הַאלְטֶען בַּיי זיךְ איהר ניכְטֶע (פלעמיאַניצאַ) וֶועל איךְ איהר שִׁיקֶען דֶערְפַאר אַ פָּאאר הוּנְדֶערְט דאָללאַר, דַאן וֶועט זיא שׁוֹין גֶעווִיס צוּ פְרִיעדֶען זַיין.

דִיעזֶער גֶעדַאנְק האָט איהם אין גַאנְצֶען בֶּערוּהִיגְט אונ עֶר איז בַּאלְד אַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען.

גַאנְץ פְרִיה האָט עֶר זיךְ אויפְגֶעהאָפְּט אונ האָט זיךְ הַאסְטִיג אָנְגֶעטָאהן, דַאן איז עֶר אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אין שרה'לעס צִימֶער אונ האָט גֶעפוּנֶען, אַז זיא שְׁלָאפְט שׁוֹין ניט.

— טוּה זיךְ אָן, מַיין קִינְד אונ לָאמִיר גֶעהֶען, האָט עֶר גֶעזָאגְט עֶרְנְסְט.

שרה'לע האָט זיךְ בַּאלְד אָנְגֶעטָאהן אונ בֵּיידֶע זַיינֶען אַרױסְגֶעגַאנְגֶען פוּן שְׁטוּב.

---

## 2.

# שרה'לע צום ערשטען מאל אויף דער מוטערס קבר.

עס איז געוועזען א נאסער, קאלטער, טרויעריגער נאוועמבער טאג, דער הימעל איז געוועזען בעדעקט מיט שווערע, בלייפארביגע וואלקענס, א דינער רעגען האט אראפגעשפריצט אונ האט זיך איינגעגעסען אין די קליידער פון די מענשען, וועלכע האבען געמוזט זיין אויף דער גאס.

א קאלטער נארד-ווינד האט געוועהט אונ האט פערקיהלט דעם הויך פון די מענשען, אללעס איז געוועזען טרויעריג, איינזאם אונ אבשייליך.

אין די גאסען פונ'ם-קליינעם שטעדטעל האט מען געזעהען וועניג מענשען אונ קיינער האט זיך ניט אומגעקוקט אויף די צוויי זאנדערבארע געשטאלטען, א גרייז פון איבער זיעבעציג יאהר אונ א יונגעס מעדכען פון פונפצעהן יאהר, וועלכע זיינען געגאנגען האסטיג אונ פערטראכט איבער די גאסען.

דער אידישער בית עלמין — הייליגער ארט — האט זיך געפונען אויף א בערגעל נייט פון שטעדטעל אונ זיי האבען געמוזט געהען א לענגערע צייט אין די שמוציגע גאסען אונ אין דער טיעפער בלאטע פונ'ם וועג, וועלכער האט געפיהרט צום הייליגען ארט.

ר' שמואל ארענשטיין איז געוועזען פינסטער אונ טרויעריג. שרה'לע איז געוועזען פערטראכט אונ אונרוהיג, זיא האט ניט געוואוסט צו וואס איהר גראס-פאטער פיהרט זיא אויפ'ן הייליגען ארט אין א טאג ווען עס איז קיין יאהר צייט, קיין תשעה באב אונ קיין חודש אלול.

ענדליך זיינען זיי אנגעקומען אויפ'ן הייליגען ארט, ר' שמואל ארענשטיין האט צוגעפיהרט זיין עניקעל צום קבר פון זיין טאכטער רחל'ע, א גרויסער ווייסער מארמאר-שטיין איז געשטאנען אויפ'ן קבר אונ שרה'לע האט געלעזען די אויפשריפט אין גרויסע אידישע בוכשטאבען.

„רחל בת ה"ר שמואל ארענשטיין".

ת. נ. צ. ב. ה.

— דוא ווייסט ווער עס ליעגט בעגראבען אונטער דיעזען שטיין, האט ר' שמואל ארענשטיין געזאגט צו זיין עניקעל.

— איך ווייס, האט שרה'לע געענטפערט, — דאס איז מיין מוטערס קבר.

ר' שמואל ארענשטיין האט ארויסגענומען פון בוזעם א מעונה לשון

אוּנ הָאט גֶעזֶאגְט מִיט שרה'לען דִיא תְּפִלּוֹת, וֶועלְכֶע מֶען דַארְף זָאגֶען אוֹיף אַ מוּטֶער'ס קֶבֶר.

דַאן הָאט עֶר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען בֵּיידֶע הֶענְד צוּם הִימֶעל, אוּנ הָאט גֶעזָאגְט מִיט אַיין עֶרְנְסְטֶער, פְרוּמֶער, גֶערִיהְרְטֶער שְׁטִימֶע, מִיט טְרֶערֶען אִין דִיא אוֹיגֶען:

„אל מלא רחמים שוכן במרומים המצא מנוחה נכונה"...

שרה'לע הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ וֵויינֶען אוּנ אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף אִיהר מוּטֶערְס קֶבֶר.

ר' שמואל אָרענשטיין הָאט גֶעעֶנְדִיגְט דֶעם אל מלא רחמים אוּנ הָאט גֶעוַוארְט בִּיז שרה'לע הָאט זִיךְ אַ בִּיסֶעל בֶּערוּהִיגְט אוּנ הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען.

— מַיין לִיעבֶּע טָאכְטֶער, יֶעטְצְט וִויל אִיךְ דִיר דֶערְצֶעהלֶען, וָואס דַיין פָאטֶער הָאט אוּנְז גֶעטָאהְן אוּנ פַאר וָואס דוּא מוּזְט אִיהם הַאלְטֶען פַאר טוֹיט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט עֶרְנְסְט אוּנ פִינְסְטֶער.

שרה'לע הָאט אַ צִיטֶער גֶעטָאהְן, זִיא הָאט גֶעפִיהלְט, אַז אִיהר גראָס-פַאטער וִויל יֶעטְצְט אוֹיסְזָאגֶען אַ טְרוֹיעֶרִיגֶעס גֶעהֵיימְנִיס, אַ שְׁרֶעקְלִיכֶעס גֶעהֵיימְנִיס.

— דַיין פָאטֶער הָאט נִיט נוּר פֶערְלָאזֶען זַיין פָאלְק אוּנ פֶערְלֵייקֶענְט דֶעם גָאט פוּן אברהם, יצחק, ויעקב, עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעוָוארֶען אַ מֶערְדֶער, — עֶר הָאט גֶעטוֹיטֶעט דַיין מוּטֶער!

שרה'לע הָאט אַ גֶעשְׂרֵיי גֶעטָאן אוּנ אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף אִיהר מוּטֶערְס קֶבֶר.

— אוּם גָאטֶעס ווִילֶען! רֶעד נִיט אַזוֹי גראָס-פַאטער! הָאט זִיא גֶעבֶּעטֶען, אִיז עֶס מֶעגְלִיךְ, אַז מַיין פָאטֶער הָאט גֶעטוֹיטֶעט מַיין מוּטֶער? אִיז עֶס מֶעגְלִיךְ, אַז מַיין פָאטֶער אִיז גֶעוֶוען אַ מֶערְדֶער?

— יַא, מַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶעס קִינְד! ערב יום כפור צוּ כל נדרי אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אַהֵיים אוּנ הָאט גֶעוָואלְט מִיטְגֶעהמֶען דִיךְ אוּנ דַיין מוּטֶער אוּם אַיךְ צוּ טוֹיפֶען, דַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶע מוּטֶער הָאט גֶעבֶּעטֶען, גֶעוֵויינְט אוּנ גֶעלֶעגֶען פַאר אִיהם אוֹיף דִיא קְנִיע, עֶר זָאל בְּלֵייבֶּען אַ איד, עֶר זָאל זִיךְ נִיט אָפְּקֶעהרֶען פוּן זַיין גָאט, עֶר הָאט זִיא צוּרִיקְגֶעשְׁטוֹיסֶען פוּן זִיךְ אוּנ אִיז אַנְטְלָאפֶען זִיךְ טוֹיפֶען, דַיין מוּטֶער הָאט עֶס נִיט אוֹיסְגֶע־הַאלְטֶען, זִיא אִיז קְרַאנְק גֶעוָוארֶען אוּנ אִיז בַּאלְד גֶעשְׁטָארְבֶּען.

שרה'לע הָאט אַרָאפְּגֶעלָאזֶען טְרוֹיעֶרִיג דֶעם קָאפּ אוּנ הָאט גֶעוֵויינְט, עֶס הָאט זִיא צְוַואר אַבִּיסֶעל בֶּערוּהִיגְט, וָואס אִיהר פָאטֶער הָאט נִיט גֶעטוֹיטֶעט אִיהר מוּטֶער מִיט דִיא הֶענְד אָדֶער מִיט אַ מֶעסֶער, זִיא הָאט

אבער דאך איינגעזעהען, אז איהר אלטער גראם-פאטער האט רעכט: איהר פאטער איז געוועזן דיא אורזאכע פון איהר מוטערס טויט.

זיא האט ערסט יעטצט פערשטאנען, פאר וואס דער אלטער מאן איז געוואָרען אזוי אויפגערעגט, ווען ער האט דערהערט אז איהר פאטער וויל זיא נעהמען צו זיך.

אין דיעזע עטליכע מינוטען איז זיא אויסגעוואקסען, אין דיעזע עטליכע מינוטען איז זיא געוואָרען א פאלשטענדיגער מענש.

— בערוהיג דיך, ליעבער גראם-פאטער, האט זיא געבעטען, איך וועל דיך ניט פערלאזען, איך וועל ניט פערגעסען מיין גאט און מיין פאלק.

— ווען ער וועט דיך אבער צווינגען זיך צו טויפען? ווען ער וועט בענוטצען זיין רעכט אלס פאטער?

— קיינער קען מיך ניט צווינגען מיך צו טויפען! האט שרה'לע אויסגערופען פעסט, איך וועל ליעבער שטארבען, אלס זיך טויפען!

אויף ר' שמואל ארענשטיין'ס בלייכע ליפען האט זיך געוויעזען א לייכטער שמייכעל פון צופרידענהייט.

באלד אבער איז דער שמייכעל פערשוואונדען געוואָרען און ער איז וויעדער געוואָרען ערנסט, פינסטער און טרויעריג, ער האט גוט געוואוסט, אז שרה'לע איז דאך נור א קינד, וועלכעס מען קען לייכט פערפיהרען מיט שעהנע קליידער, מיט גאלד, מיט בריליאנטען און מיט שעהנע רעד.

— לעג ארויף ביידע הענד אויף דער מצבה פון דיין מוטער, האט ער געזאגט שטרענג.

שרה'לע האט געטאהן, וויא ער האט איהר געהייסען.

— יעטצט שווער מיר ביי גאט, וועלכער איז איבער אונז און ביי דיא ביינער פון דיין מוטער, וועלכע ליעגען אונטער דיעזען שטיין, אז דוא וועסט קיין מאל ניט ווערען קיין קריסטין! האט דער אלטער מאן געזאגט מיט א ציטערענדע שטימע.

— איך שווער עס ביי גאט איבער אונז און ביי דיא ביינער פון מיין מוטער אונטער אונז! האט שרה'לע געזאגט פעסט און דייטליך.

— שווער, אז ניט מיט גוטען און ניט מיט בייזען וועט דיך קיינער ניט קענען צווינגען זיך אפצוזאגען פון דיין גלויבען.

— איך שווער, אז ניט מיט גוטען און ניט מיט בייזען וועט מיך קיינער ניט קענען פערפיהרען מיך אפצוזאגען פון מיין גלויבען.

— זָאג מִיר נָאךְ וָוארט אֵין וָוארְט, וָואס אִיךְ וֶועל דִיר פָּארְזָאגֶען.

שרה׳לע הָאט נָאכְגֶעזָאגְט.

— וֶוען אִיךְ וֶועל אַמָאל בְּרֶעכֶען מַיין הֵיילִיגֶע שְׁבוּעָה, זָאל אִיךְ זַיין פֶערְדַאמְט אוּנ פֶערְפְלוּכְט אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט, אִיךְ זָאל שְׁטַארְבֶּען אַלֵיין, עֶלֶענְד אוּנ פֶערְלַאסֶען פוּן אַלֶעמֶען אוּנ מַיין נָאמֶען זָאל אוֹיסְגֶעמֶעקְט וֶוערֶען פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע.

שרה׳לע הָאט אַלֶעס נָאכְגֶעזָאגְט.

— יֶעטְצְט זָאג אָמֵן!

אָמֵן! הָאט שרה׳לע גֶעזָאגְט.

אִין דִיעזֶע מִינוּט הָאבֶּען זִיךְ דִיא וָואלְקֶען צוּטְהֵיילְט אוּנ אַ שְׁטְרַאהל פוּן דֶער זוּן הָאט בֶּעלַייכְטֶעט רחל׳עס קֶבֶר.

— זֶעהסְטוּ, מַיין קִינְד, — יֶעטְצְט וֶוערְט עֶס לִיכְטִיג אוֹיף דַיין מוּטֶערְס קֶבֶר אוּנ אִין מַיין אַלְטֶען הֶערְצֶען, יֶעטְצְט בִּיסְטוּ מַיין טָאכְטֶער יֶעטְצְט בִּיסְטוּ אַ טָאכְטֶער פוּן דַיין גְרוֹיסֶעס אָבֶּער אוּנְגְלִיקְלִיכֶעס פָאלְק יִשְׂרָאֵל.

עֶר הָאט זִיא אָנְגֶענוּמֶען בַּיי דֶער הַאנְד אוּנ הָאט זִיא אַוֶועק גֶעפִיהְרְט אַהֵיים.

---

# 3.

# יוֹסֶעלֶע אָרֶענְשְׁטַיין.

אוֹיפְ׳ן וֶועג פוּן בית עלמין אַהֵיים הָאט ר׳ שמואל אָרענשטיין דֶער צֶעהלְט שרה׳לען, אַז עֶר וִויל זִיא שִׁיקֶען צוּ יוסעלען אָדֶער צוּם אָנקעל יוסף, וִויא יוסעלע הָאט שׁוֹין יֶעטְצְט גֶעהֵייסֶען, עֶר הָאט אִיהר עֶרְקְלֶערְט גַאנְץ אָפֶענְהֶערְצִיג, אַז עֶר שִׁיקְט זִיא אַוֶועק פוּן מיסלאָוויץ, אַז דֶער פֶערְדַאמְטֶער צאָלל-דירעקטאָר זָאל זִיא נִיט זֶעהֶען אוּנ מֶעהר נִיט רֶעדֶען מִיט אִיהר פוּן אִיהם.

שרה׳לע אִיז דֶערְמִיט גֶעוֶוען צוּפְרִיעדֶען, זִיא הָאט שׁוֹין לַאנְג גֶעוָואלְט אַוֶועק פָאהְרֶען פוּן מיסלאָוויץ, וואוּ מֶען קֶען זִיא אוּנ מֶען וֵוייס, וָואס אִיהר פָאטֶער אִיז.

ר׳ שמואל אָרענשטיין אִיז גֶעוֶוען אַיין עֶנֶערְגִישֶׁער מֶענְשׁ, קוֹים הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען עֶפֶּעס צוּ טָאהן, הָאט עֶר גֶעוָואלְט אַז עֶס זָאל בַּאלְד גֶעטָאהן וֶוערֶען, עֶר הָאט אַלְזָא גֶעוָואלְט, אַז שרה׳לע זָאל שׁוֹין דֶעם אַנְדֶערְן טָאג אַוֶועק פָאהְרֶען צוּ יוסעלען.

אַזוֹי וִויא דִיא מוּמֶע חיה אִיז שׁוֹין נִיט גֶעוֶוען אִין מיסלאָוויץ אוּנ

 דער

דער פעטער גאלדשטיקער איז געווען טויט, האט ר' שמואל ארענשטיין בעשלאסען, אז דער לעדיגער מארקוס לעווי זאל בעגלייטען שרה'לען צום אנקעל יוסף.

ער האט באלד געדונגען א פוהר, א בעקאנטען בויער פון א דארף לעבען מיסלאוויץ, וועלכער האט געהאט א גוטען וואגען און גוטע צוויי פערד און האט מיט איהם אפגערעדט, ער זאל קומען פאר טאג און אויפנעהמען די צוויי פאסאזשירען.

עס איז געווען א קאלטער פריהמארגען, ווען שרה'לע און מארקוס לעווי זיינען ארויסגעפאהרען פון מיסלאוויץ, אין דרויסען איז נאך געווען פינסטער ווען זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון שטעדטעל, א קאלטער ווינד האט געוועהט גלייך אין געזיכט. דער הימעל איז געווען לויטער, די שטערן האבען געלייכט און געפינקעלט, גלייך ווי זיי וואלטען געווינקט צו דיעזע צוויי יונגע זעעלען און זיי איינגעפליסט מוטה, טרייסט און האפנונג.

שרה'לע האט צוואר זעהר געוויינט, ווען זי האט זיך געזעגענט מיט איהר אלטען, גוטען גראס-פאטער, אבער זי איז געווען יונג און דאס איז געווען די ערשטע רייזע וואס זי האט געמאכט אין איהר לעבען.

ווען די זון איז אויפגעגאנגען האט שרה'לע שוין פערגעסען מיסלאוויץ מיט איהר פערגאנגענהייט, און האט אנגעהויבען צו טראכטען פון אנדערע זאכען.

דער וועג איז געווען א זעהר איינגענעהמער, יעדער האלבע שטונדע אדער יעדע שטונדע איז מען צוגעקומען צו א דארף אדער צו א שטעדטעל, זיי זיינען געפאהרען אין איינער פון די בעלעבטעסטע געגענדען אין דייטשלאנד.

געגען מיטאג איז געווארען פיעלווארעמער און דער פורמאן איז צוגעפאהרען צו אנאסט-הויז אום צו לאזען די פערד זיך אויסרוהען און אליין עפעס צו עסען.

שרה'לע און מארקוס לעווי האבען געהאט גענוג פראוויאנט פון דער היים און האבען גאר ניט געדארפט קויפען אין אנאסט-הויז. זייא האבען געגעסען מיט'ן אפעטיט וועלכען מען האט נור, ווען מען איז פונפצעהן — צוואנציג יאהר אלט.

נאכ'ן עסען האבען זיי בעשלאסען זיך דורכצוגעהען א ביסעל צו פוס, דער פורמאן וועט זיי אנייאגען.

אין דרויסען איז געווען שעהן און טרוקען, די לופט איז געווען

אביסעל קיהל, אבער פריש און דערקוויקענד, און עס איז געווען א פערגניגען צו געהען אויפ'ן הארטען, גלאטען און גלייכען וועג.

מארקוס לעווי האט איהר ערקלערט וויא היילינ יעדער מענש מוז האלטען דיא זיטליכע געזעטצע פון זיין רעליגיאן.

מארקוס לעווי האט ניט בעמערקט וויא שרה'לעס געזיכט האט געגלאנצט פאר פרייד און וויא איהרע אויגען האבען געלויכטען מיט צופרידענהייט, ער האט איהר צוגעטראפען, ער האט ארויסגעזאגט מיט'ן מויל וואס זיא האט געפיהלט אין הערצען.

ער האט ניט פערשטאנען וויא זיא האט איהם געדאנקט מיט איהרע בליקען פאר זיין מיינונג און פאר זיינע ערקלערונגען.

זיא האט זיך יעטצט דערמאנט, אז ערסט מיט צוויי טעג צוריק האט זיא געשוואוירען אויף איהר מוטערס קבר, אז ניט מיט גוטען און ניט מיט בייזען וועט מען זיא ניט קענען צווינגען צו ווערען אונטריי איהר רעליגיאן.

אונטערדעסען איז אנגעקומען דיא פוהר און זיי האבען זיך אויפגעזעצט.

זיי האבען געהאט א גליקליכע רייזע, דער פורמאן איז געבליעבען שטעהען אין דיא ערטער, וואו ר' שמואל ארענשטיין האט איהם אנגעוויזען, געגעבטיגט האבען זיי אין א שטעדטעל ביי ר' שמואל ארענשטיין'ס א בעקאנטען, וואו מען האט אויפגענומען שרה'לען פאר א זעהר ליעבען גאסט, און דעם אנדערען טאג פאר נאכט האבען זיי דערזעהען דיא שטאדט גרייץ, וואו יוסעלע האט געוואוינט.

דיא קלוגע און פעהיגע ניטעל האט לאנג ניט געוואלט בלייבען ביי איהר פאטער אין דארף, קוים האט זיא אפגעגעסען דיא דריי יאהר קעסט, וועלכע איהר פאטער האט צוגעזאגט, האט זיא באלד אנגעהויבען צו זוכען א פרנסה און האט געפונען, אז אין א שטאדט איז בעסער צו וואוינען וויא אין א דארף.

דיא האט גאנץ קלוג בערעכענט, אז ווען איין איד קען מאכען א לעבען אין א דארף, וועלען דארט צוויי אידען ניט קענען מאכען א לעבען, זיי וועלען מוזען זיך קריעגען און האבען אונאנגענעהמליכקייטען.

זיא האט דאהער זיך ארויסגעצויגען קיין גרייץ און האט דארט גענומען א קראם פון שניט סחורה, און ערסט דא האט זיא געוויזען, וויא פעהיג זיא איז און וויא גליך זיא האט געטאן, וואס זיא האט זיך אויסגעקליעבען יוסעלען פאר א מאן.

יוסעלע האט איהר געלאזען טאהן אלעס וואס זיא האט געוואלט,

ער האט זיך אין קיין זאך ניט אריינגעמישט און איז געוועזען א גאנץ טרייער דינער ביי זיין ליעבער פרוי.

אין גרייץ וואוינט א פירסט, צו וועמען עס געהערט די שטאדט גרייץ און דאס לאנד ארום גרייץ איז אלזא א הויפט-שטאדט, א רעזידענץ, ווי פיעלע אזעלכע שטעדטלאך אין דייטשלאנד, וואו עס וואוינט א פירסט אדער א הערצאג.

גיטעל האט זעהר גוט געוואוסט, אז פיעלע אידען אין גרייץ לעבען פון'ם הויף, ווי קליין דאס לאנד גרייץ איז און ווי ניט אנגעזעהען דער פירסט פון גרייץ איז, — איז ער דאך א פירסט, א פרייער הערשער אין זיין לאנד. עס איז וואהר, אז ער האט קיינע סאלדאטען און מאכט קיין אייגענעם געלד, ער איז אבער א גאנץ רייכער מאן און לעבט ווי א פירסט.

גיטעל האט געוואוסט ווי צו פיהרען איהרע געשעפטען, אין א צייט פון פינף יאהר האט זי זיך דערווארבען א נאמען און פיעלע בעקאנטשאפט, זאגאר די האפמייסטערין פון דער פירסטין האט געקויפט ביי איהר סאמעט אויף א קלייד, די קלוגע גיטעל האט געוואוסט אז ביי איהר דארף מען ניט פערדיענען און האט איהר פערקויפט דעם סאמעט אזוי בילליג, אז אלע אין הויף נאטירליך אלע דיענסט מעדכען און קעכינען זיינען געקומען צו לויפען צו הערר יאזעף ארענשטיין זיך קויפען מאטעריע אויף קליידער.

---

# 4.

# יוסעלע ארענשטיין אלעס האף ליפעראנט.

שפעטער איז זאגאר די פרוי פון'ם פירסטליכען האף-מארשאל אדער עקאנאם, געקומען זיך קויפען מאטעריע אויף קליידער, ביי הערן יאזעף ארענשטיין, ביי דיזער געלעגענהייט האט זיך שוין גיטעל ניט געקענט איינהאלטען און האט געגעבען צו פערשטעהען דער מאדאם האף-מארשאלין, אז זי וואלט געקענט בעקומען דאס קלייד אומזיסט, ווען דער גנעדיגער הערר האף-מארשאל זאל אויסווירקען פאר איהר דעם טיטול פון האף-ליעפעראנט.

אין איינינע וואכען ארום איז איבער דער קראם פון יאזעף ארענשטיין געהאנגען א גרויסער שילד מיט דעם וואפען (גערב) פון'ם פירסט פון גרייץ, א גאלדענער לייב אויף א בלויען פארב, און אונטען איז געשטאנען מיט גרויסע גאלדענע בוכשטאבען:

„יאזעף ארענשטיין, האף-ליעפעראנט".

(גט"י ה"ג)

אין

אין אַ קורצער צייט זיינען אַלע דיענער און אַלע לאַקייען פון'ם פירסטליכען האָף געשטאַנען ביי יאָזעף אָרענשטיין אין בוך און גיטעל האָט שוין געוואוסט וויא מיט זיי צו האַנדלען.

גיטעל איז געוועזען ניט נור אַ גוטע סוחרטע, זיא האָט אויך געוואוסט וויא צו פיהרען, איהר הויז און צו פערשאַפען רעספּעקט איהר ניט איבערקלוגען מאַן, זיא האָט גאַנץ גוט געקענט זיינע פעהלער, זיא האָט אָבער ניט געוואָלט אַז אַנדערע זאָלען עס וויסען, זיא פלעגט דאַהער פאַר מענשען זיך בעראַטהען מיט איהם און זיך אַנפרעגען ביי איהם דיא קלענסטע זאַך וואָס זיא האָט געוואָלט טאָהן.

זעלבסטפערשטענדליך, אַז שפּעטער פלעגט זיא טאָהן וואָס זיא פלעגט וועלען אָדער וויא זיא פלעגט פערשטעהען, פרעמדע אָבער פלעגען מיינען, אַז ער פיהרט דאָס געשעפט און ר' יוסף אָרענשטיין אָדער הערר יאָזעף אָרענשטיין איז געוואָרען אַ גאַנץ אָנגעזעהענער מענש אין שטאָדט.

וויא עס קומט אָפט פאַר ביי אידען; אויף וועלכע עס איז מקוים געוואָרען דער פּסוק: פרו ורבו ומלאו את הארץ, זייט פרוכטבאַר, פערמערט אייך און פילט אָן דאָס לאַנד, אַזוי איז אויך פאָרגעקומען אין דער פאַמיליע אָרענשטיין, אין אַ צייט פון צעהן יאָהר, האָט גיטעל געשענקט איהר מאַן פונקט אַ האַלבעס דוצענד קינדערלעך.

מיר מוזען אָבער דערביי זאָגען, אַז מאַן און פרוי האָבען ווירקליך געלעבט גליקליך און גיטעל פלעגט זעהר אָפט זאָגען, אַז זיא איז פעסט איבערצייגט, אַז זייער שידוך איז געשלאָסען געוואָרען אין הימעל, נאָך איידער זיי זיינען געבאָרען געוואָרען.

ווען דיא פוהר מיט שרה'לען און מאַרקוס לעווי איז אַריינגעפאָהרען אין שטעדטעל, האָט דער בעל עגלה נור געדאַרפט פרעגען דעם ערשטען מענשען, וועלכען ער האָט בעגעגענט, און ער האָט איהם באַלד געוויעזען וויא אַזוי צו צו פאָהרען צום הויז, וואו הערר יאָזעף אָרענשטיין האָט געוואוינט.

דיא פוהר איז צוגעקומען צו אַ גרויסעם און שעהנעם הויז, שרה'לע און מאַרקוס לעווי זיינען אַריינגעגאַנגען אין ערשטען צימער און אַ שעהנעם, ריהרענדעם פאַמיליען-בילד האָט זיך זיי פאָרגעשטעלט.

יאָזעף אָרענשטיין איז געזעסען ביים נאַכט-עסען, לעבען איהם איז געזעסען זיין געזונדע, שטאַרקע און בליהענדע פרוי גיטעל און אַרום זיי זיינען געזעסען פון ביידע זייטען זייערע זעקס קינדערלעך, אַלע האָבען

גֶערֶעדט, אַלֶע הָאבֶּען גֶעלַאכְט, אַלֶע זַיינֶען גֶעוֶוען צוּפְרִידֶען, אַלֶע זַיינֶען גֶעוֶוען גְלִיקְלִיךְ.

יוסעלע אוּנ גיטעל הָאבֶּען בֶּעטְרַאכְט מִיט שְׁטוֹינֶען אוּנ פֶערְווּאוּנְדֶערוּנְג דיא צְווֵיי גֶעסְט.

— אַנקעל יוסף! איהר דֶערְקֶענְט מִיךְ שוֹין גָאר נִיט? הָאט שרהלע אוֹיסְגֶערוּפֶען.

יוסעלע אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּנ הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען:

— אַךְ, גָאט! אִיךְ הָאבּ דִיךְ נִיט דֶערְקֶענְט! בִּיסְטוּ נִיט מַיין שרה'לע?

— אִיךְ בִּין עֶס, אַנקעל?

יֶעטְצְט אִיז גיטעל מִיט אַלֶע אִיהְרֶע קִינְדֶער צוּגֶעלָאפֶען צוּ שרה'לען אוּנ הָאבֶּען זִיא אַרוּמְגֶענוּמֶען אוּנ הָאבֶּען זִיא גֶעקוּשְׁט אוּנ גֶעהַאלְזְט.

עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַזַא פְרֵייד צְווִישֶען דיא קִינְדֶער, אַז עֶס אִיז גֶעוֶוען אוּמְמֶעגְלִיךְ אוֹיס צוּ רֶעדֶען אַ וָוארְט.

יוסעלע הָאט גֶעמוּזְט אוֹיסְוַוארְטֶען בִּיז גיטעל הָאט בֶּערוּהִיגְט דיא קִינְדֶער אוּנ הָאט זֵיי גֶעהֵייסֶען זִיךְ רוּהִיג אַ נִיעדֶער זֶעטְצֶען אוּנ הֶערֶען וָואס דיא מוּמֶע שרה'לע וֶועט דֶערְצֶעהלֶען.

עֶרְסְט וֶוען דיא קִינְדֶער הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיק גֶעזֶעטְצְט אוֹיף זֵייעֶרֶע עֶרְטֶער, הָאט יוסעלע אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פְרֶעגֶען:

— וָואס הֶערְט זִיךְ עֶפֶּעס אִין מיכלאָוויץ? וָואס מַאכְט דֶער פָאטֶער? פַאר וָואס אִיז עֶר אַלֵיין נִיט גֶעקוּמֶען מִיט דִיר? וָואס הֶערְט מֶען עֶפֶּעס פוּן דֶער מוּמֶע חיה? וָואס מַאכְט עֶפֶּעס לייבעלע אִין אַמעריקאַ.

יוסעלע אִיז פוּן דֶער נַאטוּר גֶעוֶוען אַ שְׁוַוייגֶער, אָבֶּער קוֹים הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעדֶען, הָאט עֶר שוֹין נִיט גֶעווּאוּסְט וֶוען צוּ עֶנְדִיגֶען.

שרה'לע הָאט אִיהם גֶעלָאזֶען רֶעדֶען אוּנ פְרֶעגֶען וִויפִיעל עֶר הָאט אַלֵיין גֶעוָואלְט, עֶרְסְט וֶוען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ רֶעדֶען, הָאט זִיא אַרוֹיסְגֶענוּמֶען דֶעם בְּרִיעף, וֶועלְכֶען ר' שמואל אָרענשטיין הָאט אִיהר מִיטְגֶע-גֶעבֶּען אוּנ הָאט אִיהם דֶערְלַאנְגְט יוסעלען.

יוסעלע אִיז גֶעוָוארֶען עֶרְנְסְט, עֶר הָאט גֶעשֶׁעצְט זַיין פָאטֶער זֶעהר הוֹיךְ אוּנ הָאט שְׁטָאלְצִירְט מִיט אִיהם, עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעהַאט מִיט וָואס צוּ שְׁטָאלְצִירֶען, פִיעלֶע אָנְגֶעזֶעהֶענֶע אִידֶען פוּן גרייץ הָאבֶּען גֶעקֶענְט ר' שמואל אָרענשטיין, אָדֶער זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט פוּן אִיהם.

יוסעלע הָאט אַלְזָא צוּגֶענוּמֶען זַיין פָאטֶערְס בְּרִיעף אַזוֹי פָארְזִיכְטִיג אוּנ מִיט אַזַא רֶעסְפֶּעקְט, גְלַייךְ וִויא עֶס וָואלְט גֶעוֶוען אַ הֵיילִיגְקַייט.

עֶר הָאט אִיהם לַאנְגְזַאם אוּנ פָארְזִיכְטִיג גֶעעֶפֶענְט אוּנ הָאט אִיהם דוּרְכְגֶעלֶעזֶען דְרַיי מָאל, אֵיידֶער עֶר הָאט אִיהם אִין גַאנְצֶען פֶערְשְׁטַאנֶען,

דאַן האָט ער איהם דער לאַנגט גיטלען, זיין ליעבע פרוי, וועלבער ער האט געמוזט ווייזען אַלעס וואָס עס איז אָנגעקומען אויף זיין נאָמען.

אין דער צייט וועך גיטעל האט געלעזען דעם בריעף האט יוסעלע געגעבען זיין האנד דעם יונגען מאַן, דעם לעהרער מארקוס לעווי.

דיא קלוגע גיטעל האט בעסער פערשטאַנען ר' שמואל ארענשטיין'ס בריעף, וויא איהר מאַן.

— פריהער פון אַלעמען דאַרף מען עסען, האט זיא געזאָגט, איהר זייט געפאהרען אַ גאַנצען טאָג אונ זייט געווים הונגעריג.

זיא איז אַליין אַוועק געלאָפען אין קיך אונ האט באַלד אָנגעבראַכט אַזוי פיעל עסען, אַז צעהן מענשען וואָלטען געקענט זיך אָן עסען.

— עסט, קינדער! האט זיא אויסגערופען פריינדליך, — עסט אונ זאָל אייך וואויל בעקומען!

שרה'לע אונ מארקוס לעווי זיינען ווירקליך געווען הונגעריג אונ האָבען גענומען מיט איין אַפּעטיט פון אַ פּאָאר יונגע קראָקאָדילען.

ערשט יעטצט האט יוסעלע בעטראַכט זיין ניכטע, ער האט צו געזעהען מיט וואהרער פרייד וויא זיא האט געגעסען.

— דוא ביסט אויסגעוואַקסען שרה'לע! האט ער אויסגערופען, דוא ביסט געוואָרען שעהן וויא דיין מוטער! דוא ביסט שוין אַ פריילין.

— הער אויף איהר צו מאַכען קאָמפּלימענטען! האט זיך גיטעל אַריינגעמישט, דוא ווייסט זיא נאָך פערציעהען, אַ יונגעס מעדכען דאַרף קענען קאָכען, באַקען, פיהרען אַ ווירטשאַפט אונ זיין פעהיג צו אַ געשעפט.

— דערפאַר בין איך דאָך געקומען צו אייך, מומע גיטעל, האט שרה'לע געענטפערט, ביי אייך וועל איך מיך לערנען, אַלע ווייסען אַז איהר זייט אַ גרויסע בריה.

— נור מיין שטיעף שוועגער מלכה איז דאָך אויך אַ גרויסע בריה, האט גיטעל געוואָלט ווייזען אַז זיא וויל קיין קאָמפּלימענט.

— מיין גראָס-מוטער זאָגט, אַז זיא מעג זיך נאָך ביי אייך לערנען, מומע גיטעל, איך ווייס, אַז ביי אייך קען איך אין פיער וואָכען מעהר אויס לערנען, וויא אין מיסלאָוויץ, אַ גאַנץ יאָהר.

— וואָס רעדסטו עפּעס פון פיער וואָכען האט יוסעלע אויסגערופען, אונ האט זיך געמאַכט אַז ער איז בייז.

ער האט זיך געווענדעט צו גיטלען אונ האט געזאָגט.

— שרה'לע וועט בלייבען ביי אונז, מיר וועלען זיא ניט לאָזען פאָהרען צוריק קיין מיסלאָוויץ, וואָס זאָגסטו גיטעל?

— יא, מאמא, דיא מומע שרה'לע וועט בלייבען ביי אונז! האבען דיא עלטערע קינדער געשריען מיט איין קול.

— יא, קינדערלעך, דיא מומע שרה'לע וועט בלייבען ביי אונז, האט ענדליך ניטעל אליין געזאגט.

דיא קינדער זיינען באלד צוגעקלעפט געווארען צו שרה'לען וויא שטיקלעך פעך צו א זיידענעם קלייד, זייא האבען גאר ניט געוואלט אפטרעטען פון איהר.

— איך וועל שלאפען מיט דער מומע שרה'לע! האט געשריען א מיידעלע פון א יאהר פיער.

— איך אויך! האט געוויינט א קלענערעס קינד.

יוסעלע האט בעטראכט זיין הויז, זיין פאמיליע, זיין פרוי אונ קינדער מיט שטאלץ אונ מיט פרייד, אין זיין גאנצעס לעבען האט ער צום ערסטען מאל געפיהלט אז ער איז א מענש, אז ער איז א בעל הבית, אז ער האט א היים.

ער האט זאגאר גערעדט גאנץ קלוג מיט מארקוס לעווי אונ האט איהם אויסגעפרעגט וואס עס הערט זיך עפעס אין מיסלאוויץ.

דער אבענד איז פערגאנגען אין פרייד אונ גליק, מען וואלט געזעסען ביז שפעט אין דער נאכט, אבער ניטעל האט ניט פערגעסען אז זיא מוז אויפשטעהען גאנץ פריה צו גיין אין קראם, וועלכע איז געוועזען צוזאמען מיט איהר וואוינונג.

זיא האט אלזא באלד קאמאנדירט איהר אייגענער קליינע ארמעע.

— שלאפען! עס איז צייט צו געהען שלאפען!

אונ דיא ארמעע האט איהר געפאלגט, א בעווייז, אז זיא איז געוואוינט געוועזען צו ארדנונג אונ דיסציפלין.

דיא קינדער האבען זיך באלד צולעגט אין זייערע בעטלעך, פאר שרה'לען האט מען אויך געפונען א געלעגער אונ מארקוס לעווי איז געשלאפען אין דאך שטיעבעל, וועלכע איז געשטאנען לעדיג.

— געגען צעהן אוהר זיינען שוין אלע געשלאפען אין דער שטיעלער רוהיגער וואוינונג פון ר' יוסף ארענשטיין.

דיא גוטע ענגעל גליק אונ צופריעדענהייט האבען בעוואכט דיעזעס גוטע שטילעס אונ עהרליכעס הויז אונ דיא איינוואהנער זיינען געשלאפע זיס אונ געשמאק.

---

## 5.

# אין פירסטליכען שלאם.

ווען שרה'לע אונ מארקוס לעווי זיינען אויפגעשטאנען אין דער פריה, האבען זייא געפונען א פערטיגען גוטען פריהשטיק שטעהן אויפ'ן טיש.

ניטעל איז אויף געשטאנען גאנץ פריה, דאס הייסט פאר טאג, אונ האט בעוואָרנט אלעס אין קיך אונ אין איהר הויז, דאן האט זיא געעפענט איהר קראם, צוואר האט זיא געהאלטען איין אלטע פרוי אלס קעכין, אבער וואס זיא אליין האט אפגעטאהן, דאס וואלטען געדארפט טאהן פינף דיענסט מעדכען.

ניטעל איז געוועזען איינע פון דיא ניט גאנץ זעלטענע אידישע פרויען, פון וועלכע שלמה המלך האט געזונגען, „אשת חיל מי ימצא ורחוק מפנינים מכרה". וואו קריענט מען דיא טיכטיגע פרוי? מיט פערל אונ דימאנטען קען מען זיא ניט קויפען, עס איז זעהר מעגליך, אז שלמה המלך האט זיא געזוכט אין קעניגליכען פאלאץ אדער אין א פירסטליכען שלאס, דארט האט ער זיא ניט געקענט געפינען, ווען ער זאל זיא געוועזען זוכען אין דיא ארימע שטיבעלעך אדער זאגאר ביי דיא מיטעלע קלאסען, וואלט ער געפינען גענוג אונ פיעלייכט מעהר אלס גענוג.

דיא געוועהנליכע אידישע פרוי איז מייסטענטהיילס איין אשת חיל, וויא שלמה המלך האט זיא געזוכט אונ מיר מעגען שטאלץ זיין מיט דיא אידישע פרויען אין אלגעמיינען, פון אויסנאהמען פון שלעכטע, פערדארבענע אידישע פרויען, ווילען מיר ניט רעדען, אויסנאהמען געפינען זיך ביי יעדען פאלק, עס איז נור טרויעריג ווען א פאלק האט צו פיעל אויסנאהמען, וויא דיא פראנצויזען, וואו דיא פרוי איז זעלטען א ווירטהין.

ניטעל איז געוועזען א געוועהנליכע אידישע פרוי, א ווירטהין, א סוחרטע, א פרוי וועלכע האט זיך בעשאפען א גן עדן פאר זיך אונ דיעזער גן עדן האט געהייסען איהר פאמיליע.

קוים איז זיא געוואהר געווארען אז איהרע געסט זיינען אויפגעשטאנען, איז זיא געקומען צו לויפען וויא א שטורמווינד אונ האט קאמאנדירט אז מען זאל עסען פריהשטיק.

אונ אין איהר קעניגרייך האבען אלע געמוזט אויספאלגען איהרע שטרענגע בעפעהלע, וויא אונטער נאפאלעאן! האבען אלע, פונ'ם קאלדאט ביז צום פעלדמארשאל, געמוזט פינקטליך אונ גענוי אויספאלגען דיא בעפעהלע פונ'ם קייזער.

ניטעל איז געווען א שטרענגע, דעספאטישע אונ טיראנישע הערשערין, ווען זיא האט קאמאנדירט: „געהען עסען"! האט מען גענוזט געהען עסען, — האט זיא קאמאנדירט: „שלאפען געהען"! איז מען געגאנגען שלאפ׳ן.

יעטצט האט זיא קאמאנדירט.

— צום טיש! פריהשטיק עסען!

אונ איהר מאן, איהרע זעקס קינדער אונ דיא געסט האבען זיך געזעטצט עסען.

נאך׳ן עסען האט יוסף ארענשטיין געוואלט אראפפיהרען זיינע געסט אין קראם אונ זיי ווייזען זיין געשעפט, ניטעל אבער האט קאמאנדירט.

— היינט מוז מען זיך אויסרוהען אונ זיך בעקענען מיט דער שטאדט, דוא, יוסעלע, וועסט פיהרען אונזערע ליעבע געסט אין שטאדט וועסט זיי אלעס ווייזען, וועסט זיי אריינפיהרען אין שלאס — אין פאלאץ פונ׳ם פירסט — אונ ווען דוא וועסט טרעפען דעם האף-מארשאל, הערךן פאן בורג, זאלסטו איהם בעטען, ער זאל זיי אריינפיהרען אין דיא צימער פונ׳ם פירסט.

יוסעלע האט זעהר גוט געוואוסט, אז יעדער בעפעהל פון „זיין" ניטעל מוז פינקטליך אויסגעפיהרט ווערען, אונ ער האט גענומען שרה׳לען אונ מארקוס לעווי אונ איז מיט זיי געגאנגען אין שטאדט.

דיא שטאדט גרייץ איז ניט גרוים. זיא צעהלט קוים זיעבען טויזענד איינוואוינער, זיא איז אלזא א קליין שטעדטעל, אונ ווען מען געהט ארום דעם רינג, וואו עס געפינען זיך אלע גרויסע אונ קליינע געשעפטען, האט מען מעהר ניט וואס צו זעהען, דערפאר אבער מעג מען זעהען דאס שעהנע, גרויסארטיגע אונ רייכע שלאס פון פירסט היינריך דער פינף אונ דרייסיגסטער.

איין אללעע פון הויכע, שעהנע, גוט בעארבייטעטע אונ אפגעהיטע בוימער פיהרט פון שטעדטעל צום שלאס, וועלכער געפינט זיך אויף א בערגעל, פון וועלכען מען קען איבערזעהען דיא גאנצע שטאדט אונ נאך עטליכע דערפער ארום.

עס ווייזט אויס, אז דיא פירסטען פון גרייץ האבען אבזיכטליך געבויט זייער שלאס אויף בערג, אום זיי זאלען קענען זעהען אלעס, וואס זייערע אונטערטהאנען טוהען אונ שאפפען.

יוסעלע האט צוערסט געפיהרט זיינע געסט אין רינג אונ האט זיי געוויעזען אלע גרויסע געשעפטען פון גרייץ, וועלכע האבען זעהר וועניג

אינטערעסירט, שרה'לען און מארקום לעווי ביידע זיינען געווען צו יונג און צו פערשטעהען עפעס פון געשעפט און מסחר.

דאן האט ער זיי אריינגעפיהרט אין דער שטעהער אללעע, וועלכע האט געפיהרט אין שלאס.

אין דער מינוט ווען יוסעלע מיט זיינע געסט זיינען אריינגעגאנגען אין דער אללעע, זיינען פון שלאס ארויסגעפאהרען עטליכע רייטער, אויך א טהייערע קארעטע מיט פיער פערד, אין דער קארעטע איז געזעסען איין אלטער מאן און א יונגע פרוי, דאס איז געווען פירסט היינריך דער פינף און דרייסיגסטער מיט זיין יונגער פרוי, וועלכע ער האט ערסט ניט לאנג געהייראטעט, ארום דער קארעטע זיינען געריטען דיא האף קאוואלירען און מיניסטארען פון'ם פירסט.

יוסעלע האט זיך דערשראקען פאר דער קארעטע פון'ם פירסט און האט זיך פערנייגט פאר איהר זעהר טיעף.

שרה'לע אבער האט ניט געוואוסט ווער דאס איז און האט געקוקט גאנץ רוהיג אויף דער קארעטע און אויף דאס פירסטליכע פאאר, דער אלטער פירסט האט א שמייכעל געטאהן, ווען ער האט דערזעהען וויא יוסעלע האט זיך איינגעבויגען ביז צו דער ערד, ער האט פערשטאנען, אז דאס איז א בירגער פון שטעדטעל.

דיא האף קאוואלירען אבער האבען געקוקט מיט פערגניגען אויף דיא שעהנע שרה'לע. דיא יונגע פירסטין האט זאגאר געגריסט מיט דער האנד יוסעלען מיט זיינע געסט.

יוסעלע איז געווען אויף'ן זיעבעטען הימעל, דער פירסט האט א שמייכעל געטאהן צו איהם און דיא פירסטין האט דאך איהם געגריסט.

— דאס איז א גוטער סימן! האט ער אויסגערופען, דוא ביסט דעם ערשטען טאג אין גרייץ און דיא פירסטען האט דיך שוין געגריסט, סימן טוב ומזל טוב יהי' לנו ולכל ישראל!

אזוי פיעל האט ער נאך געקענט אויסווענדיג פון קידוש לבנה.

יעטצט האט ער שוין מיט שטאלץ און מיט פרייד געפיהרט זיינע געסט אין פירסטליכען שלאס, וואו ער האט געהאט פיעלע בעקאנטע.

אין איניגע מינוטען זיינען זיי אריינגעקומען אין דעם גרויסען, שעהנעם און רייכען שלאס, דער לייב-דיענער פון'ם פירסט, וועלכער איז געשטאנען גאנץ גראב אין בוך פון העדר יאזעף ארענשטיין, איז געראדע געווען אין הויף, ווען יוסעלע מיט זיינע געסט זיינען אריינגעקומען.

ער איז זיי ענטגעגען געגאנגען און האט אויסגערופען:

— גוטען מארגען, העדר יאזעף ארענשטיין!

— גוטען מארגען! גנעדיגער הערר פאן קליין שאץ! האט יוסעלע געענטפערט און האט זיך פערנייגט ביז צו דער ערד.

מיר מוזען דערביי בעמערקען, אז דיעזע אלע קונסשטיקע האט איהם גיטעל אויסגעלערנט, זיא האט איהם געוויעזען וויא מען דארף זיך פערנייגען אונד, אזא מענשען פון פירסטליכען האף דארף מען זאגען: גנעדיגער הערר פאן...

און יוסעלע איז געוועזען א גוטער שילער און האט אויסגעפאלגט אלעס וואס זיינע טיראנישע הערשערען האט איהם געהייסען.

— ווער איז דיעזעס שעהנע מעדכען, וועלכעס איהר האט אונז געבראכט? האט דער לייב-דיענער געפרעגט.

— דאס איז מיין שוועסטער קינד, האט יוסעלע געענטפערט, זיא איז געקומען אויף א בעזוך צו מיר, אבער איך וועל זיא שוין ניט לאזען צוריק פאהרען און זיא וועט בלייבען ביי מיר.

— א שעהנעס קינד· האט דער לייב-דיענער פון פירסט היינריך XXXV געריהמט.

— שרה'לע איז שעהן, האט יוסעלע בעשטעטיגט.

— איהר ווילט איהר געווים ציינען דאס שלאס?

— יא, גנעדיגער הערר פאן קליין שאץ.

— דאן קומט מיט מיר! איך וויל אייך אלעס צייגען.

דער לייב-דיענער פון פירסט היינריך דער XXXV האט גענומען יוסעלען אונטערן ארים און האט איהם ארויסגעפיהרט אויף דיא ברייטע טרעפ פון ווייסען מארמאר, וועלכע האבען געפיהרט אין קארידאר פון שלאס,

שרה'לע און מארקוס לעווי זיינען געווען ערשטוינט, דערשראקען דען אזא רייכטהום האבען זיי נאך אין זייער לעבען ניט געזעהען, מארקוס לעווי האט אין דער ישיבה פון לעכעוויץ געווים ניט געטרוימט, אז מענשען קענען לעבען אין אזא שעהנער און רייכער וואוינונג, שרה'לע האט אויך קיין מאל ניט געזעהען אזא שלאס און אזא רייכטהום.

דער לייב-דיענער האט געעפענט א גרויסע הויכע טהיר פון רויטען מאהאגאני האלץ און האט זיי אריינגעפיהרט אין זאל, וואו דער פירסט פלעגט אויפנעהמען געסט.

דא זיינען שרה'לע און מארקוס לעווי געבליעבען שטעהען וויא פערשטיינערט, אזא שענהייט און אזא רייכטהום האבען זיי זאגאר אין טרוים ניט געזעהען.

— אך, וויא שעהן! האט מארקוס לעווי אויסגערופען, — אך, וויא גראסארטיג.

מארקוס לעווי איז געוועזן א געבארענער טאלאנט, ער האט קיין זאך ניט געזעהען אונ זעהר וועניג געלערנט אין דער ישיבה פון לעבעוויץ, ער האט אבער געפיה,ט אונ פערשטאנען דיא שענהייט פון דיעזען זאל.

אויף דער וואנד געגען דיעזע דריי בעזוכער פונ'ם פירסטליכען שלאס איז געהאנגען א גרויסעס שעהנעס בילד פון א פרוי אין א טהייערן גאלדענעם ראהמען.

— דאס איז געווים דער פארטרעט פון דער פירסטין, האט שרה'לע געזאגט, — עס איז א שעהנע פרוי.

דער לייב-דיענער האט זיך צו לאכט.

— דאס איז א בילד פון גאטס מוטער, האט ער געזאגט, עס איז א ריכטיגע קאפיע פון ראפאעלס מאדאנא אונ עס קאסט פונפציג טויזענד דאללאר.

מארקוס לעווי אונ שרה'לע האבען ניט געוואוסט ווען ראפאעל איז געוועזן אונ וואס עס הייסט א ריכטיגע קאפיע פון ראפאעלס מאדאנא, זיי האבען דאהער געשוויעגען אונ האבען בעוואונדערט דאס שעהנע בילד.

יוסעלע אבער איז געוועזן פראקטישער פון זיי אונ ער האט אויסגערופען:

— פופציג טויזענד דאללאר קאסט דיעזעס בילד! דאס איז צו פיעל! וויא קען מען עס אוועק געבען אזוי פיעל געלד פאר א בילד? — ווער איז דען דיעזע מאדאנא, פאר וועמעס בילד מען גיט אוועק אזוי פיעל געלד?

— דאס פערשטעהט איהר ניט, הערר יאזעף ארענשטיין, האט דער קלוגער לייב-דיענער געענטפערט מיט א געלעכטער, אונזער גנעדיגער פירסט איז געווארען א קאטוילויק אונ ער בויט א קאטוילישע קירכע, ווען דיא קירכע, וועט פערטיג ווערען, וועט מען דארט אריינשטעלען דיעזעס בילד, וועלכעס איז א וואהרער פארטרעט פון דער היילינגער מוטער פון יעזוס קריסטוס.

עס איז זעהר מעגליך, אז ווען דער גוטער קליין שאץ, וואלט געוואוסט, וויא מיט יעדעןווארט וועלכעס ער האט געזאגט, האט ער געשניטען שרה'לעס הערץ וויא מיט א מעסער, וואלט ער עס געווים ניט געזאגט, ער האט עס אבער ניט געקענט וויסען אונ האט ווייטער געזאגט.

— ראפאעל איז געוועזן א גרויסער קינסטלער, אמאלער, וועלכער האט אויסגעמאלט ענגעל אונ גאטס מוטער, גליך וויא זיא לעבט, אויף זיין שפראכע הייסט גאטס מוטער דיא מאדאנא.

— האט דער גרויסער קינסטלער ראפאעל אליין געמאלט דיעזעס בילד? האט יוסעלע ווייטער געפרעגט.

— ניין, ראפאעל איז שוין לאנג געשטארבען, דאס איז נור א קאפיע פון זיין מאדאנא.

— אבער וואס איז א קאפיע? האט יוסעלע געפרעגט.

— א קאפיע איז א... — —

הערר קליין שאין האט ניט געענדיגט וואס ער האט געוואלט זאגען, ווייל אין דיעזע מינוט האט זיך פלוצלונג געעפענט א טהיר אין דער וואנט אונ א הויכער מאן אין שווארצע קליידער איז אריינגעקוממען אין זאל.

שטיל וויא א שלאנג איז ער פארביי געגאנגען פאר יאזעף ארענשטיין מיט זיינע געסט אונ זיינע שארפע, פייערדיגע אויגען האבען בעטראכט יעדען פון קאפ ביז אין דיא פיס, ווען ער האט דערזעהען שרה'לען, האט ער זיא דורכגעשטאכען מיט זיינע שרעקליכע אויגען.

דאן איז ער פערשוואונדען געווארען.

— ווער איז דער? האט יוסעלע געפרעגט שטילערהייט.

— דאס איז פאטער אורבאן, דער האף-גייסטליכער, האט דער לייב-דיענער געענטפערט.

שרה'לע האט אנגעהויבען צו ציטערן אונ עס האט זיך איהר אויסגעוויעזען, אז זיא ווערט דערשטיקט אין דיעזער לופט פון א מאדאנא אונ א האף-גייסטליכען, זיא האט זיך ניט געקענט ערקלערען, פאר וואס זיא האט אזוי מורא בעקוממען, פאר דיעזען מענשען, האט איהר הערץ איהר געזאגט, אז דיעזער מענש וועט נאך אמאל שפיעלען א טרויעריגע ראלע אין איהר לעבען.

אבער ניט נור שרה'לע, אויך יוסעלע האט זיך געפיהלט אונרוהיג ביים אנבליק פון דעם קאטוילישען גייסטליכען אונ אויך דער לאבענדיגער לייב-דיענער פון'ם פירסט איז יעטצט געווארען שטיל וויא א קעצעלע.

לאמיר געהען אהיים, אנקעל, האט שרה'לע געבעטען.

זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון שלאס אונ דער לייב-דיענער האט געזאגט צו שרה'לען:

— יעטצט איז ווינטער, איז ניטא פיעל וואס צו זעהען אין שלאס, קוממט אמאל אום זוממער, וועל איך אייך ווייזען דעם שעהנעם פארק אונ דיא זעלטענע פריכטע, וועלכע וואקסען אין איהם.

ווען זיי זיינען וויעדער ארויסגעקוממען אין דער אללעע, האט שרה'לע אויפגעאטעמט פרייער, וויא א מענש וועלכער קוממט ארויס פון א פינסטערען געפענקעניס.

ווען זיי זיינען וויעדער אריינגעקומען אין שטאדט, האבען פיעלע בעקאנטע בעגריסט הערן יאזעף ארענשטיין אונ ער האט זיי פארגעשטעלט זיין שוועסטער קינד.

מען איז באלד געקומען אהיים אונ יוסעלע האט אריינגעפיהרט זיינע געסט אין זיין קראם, דא האט שרה'לע געקענט זעהען וויא גיטעל ארבייטעט אונ שאפט, אונ ווירקט, אונ האנדעלט, אונ קויפט, אונ פערקויפט, אונ פיהרט א בוך.

זעלבסטפערשטענדליך אז גיטעל האט ניט געלערנט דיא איטאליענישע בוכהאלטונג אונ א בוכהאלטער וואלט געפונען, אז איהרע ביכער ווערען געפיהרט ניט גאנץ ריכטיג, גיטעל האט זיך אבער זעהר ווענינ געקימערט דארום, זיא האט געפיהרט איהרע ביכער ביי זיך אין קאפ אונ האט געוואוסט יעדען גראשען וואס עס קומט איהר ביי יעדען.

---

# 6.

## מיטטאגס-שטונדע.

אזוי וויא אין דייטשלאנד איז איינגעפיהרט, אז אין דער מיטאגס-שטונדע ווערען אלע געשעפטען געשלאסען אונ אום זעקס אוהר ווערען זיי וויעדער געשלאסען ביז מארגען, האט נאך גיטעל געהאט גענוג צייט זיך אפצוגעבען מיט איהר ווירטשאפט אונ צו בעזארגען איהרע קינדער.

ביים מיטאג-עסען האט מען זיך אביסעל געאיילט, ווייל גיטעל אונ יוסעלע האבען געמוזט צוריק געהען אין קראם, ביים אבענד-עסען אבער האט מען זיך שוין צורעדט.

— נון, וויא געפעלט איך דאס שלאס? האט גיטעל געפרעגט מארקוס לעווי.

— וואס זאל איך איך ענטפערן, מאדאם ארענשטיין? — איך האב נאך אזא שענהייט ניט געזעהען אין מיין לעבען, איך בעדויער נאר, וואס איך קען אידם ניט זעהען נאך אמאל אונ אלעס בעטראכטען.

יעטצט קאנט איהר אידם ניט זעהען.

איך וויל אבער אוועק פאהרען.

אויב איהר ווילט קאנט איהר קומען נאך אמאל האט זיא געזאגט אונ האט אויף אידם א קוק געטאהן.

איך ווייס ניט אויב מיר וועט זיך מאכען נאך אמאל א געלעגענהייט

צו זיין ביי איך האט געזאגט מארקום לעווי, אונ האט א זיפץ געטאהן.

— פיעלייכט וואלט איהר נאר געבליעבען ביי אונז, האט ניטעל געזאגט ערנסט.

— וואס רעדט מאדאם ארענשטיין? וויא קען איך בלייבען ביי איך? וואס וועל איך דא טאהן?

— דאסזעלבע, וואס איהר טהוט אין מיסלאוויץ, האט ניטעל געענטפערט פעסט, — גרייץ איז א גרעסערע שטאדט וויא מיסלאוויץ, איהר קענט דא אויך געבען שטונדען, מיין מאן וועט איך רעקאמאנדירען צו עטליכע בעלי בתים וועלכע דארפען האבען א לעהרער, אויך מיינע עלטערע קינדער דארפען שוין האבען א לעהרער אונ מיר וועלען זיך שוין אויסגלייכען איבערן פרייז.

מארקום לעווי איז געוועזען אויפ'ן זיעבעטען היםעל, ערסטענס וועט ער בלייבען לעבען שרה'לען, וועלכע ער האט ווירקליך געליעבט, אבער זיין ליעבע איז געוועזען א געהיימניס פאר איהם אליין, ער האט זאגאר מורא געהאט צו טרוימען פאר שרה'לע ר' שמואל ארענשטיין'ס, ער האט געוואוסט אז זיא איז צו הויך פאר איהם אונ פון דעסטוועגען האט ער זיא געליעבט, קען מען דען בעפעהלען דער ליעבע? קען מען דען פאר־שרייבען דער ליעבע, זיא זאל ניט ליעבען?

ער איז אלזא געוועזען גליקליך וואס ער וועט וויעדער וואוינען מיט שרה'לען אין איין שטאדט אונ וועט זיא קענען אפט זעהען אונ אפט רעדען מיט איהר.

צווייטענס אבער איז איהם געפעלען דיא שטאדט גרייץ, ווייל דא האט געוואוינט א פירסט אונ מען האט דא געקענט קריעגען מעהר ביכער וויא אין מיסלאוויץ.

מיר דארפען ניט פערגעסען, אז מארקום לעווי איז געוועזען פון דער קלאסע מענשען, וועלכע וועלען אוועק געבען זייער לעצטעם העמד פאר א גוטעס בוך אונ ביי וועמען א בוך איז טהייערער פון א בריליאנט.

דיא קלוגע ניטעל האט אבער אויך ניט איינגעלאדען, מארקום לעווי פאר מצוה, דערצו איז זיא ניט געוועזען אזוי פרום, זיא האט איהם געדארפט האבען אין געשעפט, זיא האט געדארפט זיין שעהנע האנד־שריפט זיא האט געוואוסט, אז ווען זיא וועט פארשטעלען פאר א קאמער־מעדכען פון שלאס א רעכנונג מיט שעהנע בוכשטאבען אונ שעהנע ציפערן, וויא מארקום לעווי קען, וועט דאס קאמער־מעדכען זיך ניט צו קוקען פאר וואס עס קומט פון איהר אזוי פיעל אונ פאר ווען.

עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס מארקום לעווי האט אנגענומען

(גט״י ח״ג) ניטעלס

גיטעלס איינלאדונג אונ דיעזען אבענד איז אין גאנץ גרייץ ניט געווען קיין גליקליכערער מענש וויא מארקוס לעווי.

---

# 7.

# דער יעזואיט.

ר' שמואל ארענשטיין האט גאנץ גלייך געטאהן וואס ער האט אוועק געשיקט שרה'לען, פון מיסלאוויץ, נאטשאלק האט ניט גערוהט, ער פלעגט יעדען טאג פארבייגעהען ר' שמואל ארענשטיין'ס הויז אונ פלעגט זוכען א געלעגענהייט צו זעהען שרה'לען, ערסט ווען ער איז געוואהר געווארען, אז זיא איז ניטא אין מיסלאוויץ, האט ער אויפגעהערט זיא צו זוכען.

אזוי וויא ער האט אפגערעדט מיט גבריאל'ן, אזוי האט ער געטאהן, ער האט איהם געשריעבען אלעס וואס ער האט געוואוסט פון שרה'לען, ער האט זיא אויסגעלויבט, אז זיא איז זעהר שעהן אונ זעהר קלוג, ער האט אבער דערביי אויך געשריעבען, אז זיא איז אזוי פאנאטיש פרום, וויא איהר גראס-פאטער, שמואל ארענשטיין.

ווען זיא איז ענדליך פערשוואונדען געווארען פון מיסלאוויץ, האט דער נוטער נאטשאלק עס באלד געמעלדעט גבריאל'ן.

גבריאל האט זעהר געוואלט האבען זיין קינד ביי זיך, בעזאנדערס יעטצט, ווען עס איז איהם געגאנגען אזוי גוט, יעדעס מאל ווען ער פלעגט זיך דערמאנען אן איהר, פלעגט עס איהם פערקלעמען ביים הערצען, ענדליך האט ער געמוזט פערגראבען זיינע שמערצען טיעף אין הערצען אונ מעהר ניט דענקען פון שרה'לען, בעזאנדערס ווען ער איז געוואהר געווארען, אז ר' שמואל ארענשטיין האט זיא ערגעץ אוועק געשיקט אונ קיינער וויים ניט וואו זיא געפינט זיך.

אלס געהיימראטה האט גבריאל געהאט מעהר צו טאהן וויא פריהער, ער האט זיך אלזא אין גאנצען אפגעגעבען צו זיין בעשעפטיגונג אונ האט מעהר געטראכט פון דיא פינאנצען פון לאנד אלס פון זיין פאמיליע.

אין זיין פאמיליע איז קיינע ענדערונג ניט פארגעקומען, זייט נאטשאלק איז געווען אין בערלין, אולדיקא האט איהם געליעבט וויא פריהער, אונ זיין שוויגער-מוטער, דיא באראנין פאן האהענשטיין, איז געבליעבען געגען איהם פריינדליך אונ גוט וויא ביז אהער.

דיא באראנין האט זיך אבער נור פערשטעלט, זייט זיא איז געוואהר

 געווארען

געוואָרען אַז איהר שוויעגער-זאָהן איז אַ געטויפטער איד, האָט זיך אין איהר הערצען אָנגעצונדען אַ פייער, וועלכעס האָט זיא ניט געלאָזען רוהען און לעבען.

זיא, דיא גרעפין יאַצימירסקאַ און דיא באַראָנין פאָן האָהענשטיין, זיא זאָל האָבען איין איידים אַ געטויפטען אידען! דאָס האָט זיא ניט געקענט פערטראָגען.

וואָס טהוט מען אָבער? אולריקאַ איז זיין פרוי פאַר גאָט און מענשען, זיא קען זיך מיט איהם ניט שיידען, ווען זיא זאָל עס שוין וועלען, אויסער דעם ליעבט זיא איהם גאַר, וויא קען זיא, דיא מוטער, קומען און דערצעהלען איהר טאָכטער, אַז איהר מאַן איז אַ געטויפטער איד? — אולריקאַ וועט עס ניט אויסהאַלטען, זיא וועט שטאַרבען דערפון.

— אַלזאָ וואָס טהוט מען? האָט דיא באַראָנין געפרעגט זיך אַליין.

זיא פלעגט אַרומגעהען טעג און נעכט און קלערען וואָס מען טהוט, ענדליך האָט זיא געפונען, אַז זיא אַליין קען גאָר ניט אויסטראַכטען, זיא מוז זיך ווענדען צו אַ גייסטליכען, איהם אַלעס דערצעהלען און זיך מיט איהם בעראַטהען.

אין בערלין האָט דאַמאָלס געלעבט אַ קאַטוילישער גייסטליכער מיט'ן נאָמען קלעמענס לאָידאָכאָווסקי, וויא זיין נאָמען צייגט, איז ער אויך געוועזען אַ פּאָלע, ער איז אָבער אויך אָפּגעשטאַמט פון אַ פירסטליכע פאַמיליע אין פּאָלען און ווען מען האָט עס געדאַרפט, פלעגט ער זיך אונטערשרייבען פירסט לאָידאָכאָווסקי.

אַמאָל שוין גאַנץ לאַנג, ווען נאַפּאָלעאָנס ברודער זשעראָם איז געוועזען קעניג פון וועסט-פאַלען און זיין רעזידענץ-שטאָדט אָדער הויפּט-שטאָדט איז געוועזען דיא שטאָדט קאַססעל, איז קלעמענס לאָידאָכאָווסקי געוועזען אַ יונגער און פרעהליכער אָפיציער, וועלכער איז געוועזען פערליעבט אין אַלע האָפדאַמען פון קעניג זשעראָם באָנאַפּאַרטע.

דאַמאָלס האָט נאָך געלעבט גראַף יאַצימירסקי און האָט געוואוינט מיט זיין טאָכטער אין קאַססעל, דיא שעהנע פאַנני יאַצימירסקי האָט זיך פערליעבט אין יונגען אָפיציער לאָידאָכאָווסקי און מען האָט זאָגאַר גערעדט, אַז זיי זאָלען ווערען אַ פּאָר פּאָלק, מען האָט ווייטער גערעדט, אַז ווען נאַפּאָלעאָן וועט אָפּגעבען פּאָלען זייער לאַנד און פּאָלען זאָל ווידער ווערען אַ קעניגרייך, וועט די קרוין פון פּאָלען צירען פירסט לאָידאָכאָווסקיס קאָפּ.

פלוצלונג אָבער האָט זיך פירסט לאָידאָכאָווסקי אָפּגעזאָגט פון דער וועלט און איז געוואָרען אַ גייסטליכער.

דיא גרעפין יאַצימירסקאַ האָט באַלד געהייראַטהעט דעם באַראָן פאָן האָהענשטיין.

האָהענשטיין, דיא רוסען האָבען צושלאָגען נאפאָלעאָן'ס אַרמעען און דיא האָפנונג אויף אַ קעניגרייך, פאַלען איז ווידער פערשוואונדען געוואָרען וויא דער מהוי פון אין דער פריה.

דיא בּאַראָנין פאָן האָהענשטיין האָט זיך בּעזעטצט מיט איהר מאַן אויף זייער גוט ניט ווייט פון פאָזען, וואו אולריקא איז געבּאָרען געוואָרען.

דער גייסטליכער לאַידאָכאָווסקי איז געקומען קיין בערלין און איז אַריינגעטרעטען אין'ם יעזואיטען קאָללעגיום אָדער סעמינאַריום, וואו ער האָט שטודירט טהעאָלאָגיע.

מיט דער צייט איז ער געוואָרען אַ בּעריהמטער רעדנער און אַפּייערדיגער קעמפּפער פאַר'ן קאַטוליציזמוס, ער איז געשטיגען פון שטופּע צו שטופּע און מיט דריי יאָהר צוריק איז ער געוואָרען גענעראַל וויקאַר, דאָס איז אַ זעהר הויכע שטעלע אין דער קאַטוילישער גייסטליכער וועלט, אַ גענעראַל זיקאַר ווערט געוועהנליך אַ בישאָף, דאַן אַ קאַרדינאַל, דאַן קען ער ווערען פּאַפּסט.

דער גענעראַל וויקאַר לאַידאָכאָווסקי איז אָבער געווען צו פרום פאַר'ן אַלטען אָבער-פּרעזידענט גראַף וורעאַנגעל, דער גענעראַל וויקאַר האָט פערלאַנגט אַז דיא קאַטוילישע סאָלדאַטען און אָפיצירען זאָלען פריי זיין פון דיענסט אין קאַטוילישע פּייער טעג און אַזוי וויא דיא קאַטוליקען האָבען זעהר פיעל פּייער-טעג, פלעגען דיא קאַטוילישע סאָלדאַטען האָבען מעהר פרייע טעג וויא דיא פּראָטעסטאַנטישע סאָלדאַטען.

דאָס האָט פערדראָסען דיא פּראָטעסטאַנטישע סאָלדאַטען און אָפיצירען און זיי האָבען זיך בּעקלאָגט בּיין גראַף וורעאַנגעל וועלכער איז געווען בּעקאַנט אַלס פּריידענקער און שטרענגער גענעראַל.

דער גענעראַל וויקאַר לאַידאָכאָווסקי האָט ניט געוואָלט וויסען, אַז פּרייסען איז אַ פּראָטעסטאַנטישעס לאַנד, דער קעניג איז אַ פּראָטעסטאַנט און דיא הערשענדע רעליגיאָן איז דיא פּראָטעסטאַנטישע, דער גענעראַל וויקאַר האָט עס אָבער אַזוי ווייט פערגעסען, איז אין דעם טאָג ווען פּאָלען איז צוטהיילט געוואָרען צווישען רוסלאַנד, עסטרייך און פּרייסען האָט ער פעראַנשטאַלטעט אַ גרויסאַרטיגען טרויערצוג מיט היילינע בּילדער און מיט שוואַרצע פאַהנען.

דאָס האָט אַזוי שטאַרק פערדראָסען גראַף וורעאַנגעל, אַז ער האָט צוטריבּען דעם טרויערצוג מיט סאָלדאַטען און האָט געהייסען דעם גענעראַל וויקאַר לאַידאָכאָווסקי ער זאָל זיך אָפּזאָגען פון זיין שטעלע.

געלבּסטפערשטענדליך, אַז לאַידאָכאָווסקי האָט עס ניט געוואָלט טאָהן מיט גוטען, גראַף וורעאַנגעל האָט געבּראַכט אַ דעקרעט פון קעניג,

אז דער גענעראל וויקאר לאידאכאווסקי איז אפגעזאגט פון זיין אמט אונ ער טאהר ניט האבען קיין גרעסערעס אמט אלס א גייסטליכער אין א קירכע.

לאידאכאווסקי איז אוועק געפאהרען קיין ראם אונ פאפסט פיאוס דער זיעבעטער האט שטארק פראטעסטירט געגען דיזע אונגערעכטיגקייט פון פרייסישען קעניג.

עס איז אבער געבליעבען ביים פראטעסט, גענעראל וראנגעל האט פיינט געהאט אז מען זאל שפאסען מיט איהם אונ פריעדריך ווילהעלם דער II האט געהאט דאס פאלע צוטרויען צום אלטען, ערהרליכען אונ געטרייען גענעראל וראנגעל.

זייט דאמאלס האט לאידאכאווסקי געלעבט גאנץ אבגעזונדערט פון דער וועלט ער האט זיך בעשעפטיגט נור מיט פרומע זאכען אונ פלעגט זיך ניט מישען אין עפענטליכע אנגעלעגענהייטען.

פון צייט צו צייט אבער פלעגט ער האלטען א פייערדיגע רעדע אין דער קאטהעדראלע (דיא הויפט קירכע פאר קאטוליקען) אין בערלין, אין זיין רעדע פלעגט ער אנפאלען ניט אויף דער רעגיערונג, זאנדערן אויף אלע ניט פרומע, אויף אלע אפיקורסים, וועלכע גלויבען ניט אין היילינגען פאטער, דעם פאפסט.

דיא הויפט פארדערונג פון דיא קאטוליקען אין פרייסען אין יענער צייט איז געוועזן, אז דיא רעגיערונג זאל ערלויבען דיא יעזואיטען עפענען שולען אין אלע שטעדט, ביז דאמאלס האבען דיא יעזואיטען געהאט נור העכערע שולען, אוניווערזיטעטען, אדער וויא זיי פלעגען עס רופען קאללעגיען, יעטצט האבען דיא קאטוליקען געפאדערט אז מען זאל ער־לויבען דיא יעזואיטען עפענען געוועהנליכע שולען פאר קינדער.

דיא פרייסישע רעגיערונג האט עס ניט ערלויבט אונ דיא קאטוליען זיינען געוועזן אונצופריעדען אונ האבען אינטריגירט.

יעטצט האט זיך דיא באראנין פאן האהענשטיין דערמאנט אן פירסט לאידאכאווסקי, איהר אלטען בעקאנטען.

— צו איהם מוז איך געהען, האט זיא געזאגט צו זיך אליין, — איהם מוז איך אלעס דערצעהלען, ער וועט מיר שוין געבען א ראטה וואס איך זאל טאהן.

זיא איז אוועק געגאנגען צו איהם אונ האט זיך געהייסען מעלדען אלס גרעפין יאצימירסקא אונ באראנין פאן האהענשטיין.

דער נאמען גרעפין יאצימירסקא האט געווירקט וויא א צויבער.

לאידאכאווסקי האט זיא אויפגענומען זעהר פריינדליך אונ האט

אנגעהויבען זיא אויסצופרעגען וואס זיא מאכט אונ וויא זיא האט געלעבט זייט 1800, ווען זיי האבען זיך מעהר ניט געזעהען.

דיא באראנין האט איהם דערצעהלט אין קורצע ווערטער וואס עס האט פאסירט מיט איהר, זייט זיי האבען זיך ניט געזעהען.

אונ וואס פערשאפט מיר דאס פערגניגען פון אייער יעטצטיגען בעזוך? האט דער יעזואיט געפרעגט.

דיא באראנין האט איהם דערצעהלט אלעס, לאידאכאווסקי האט זיא אויסגעהערט אויפמערקזאם אונ ווען זיא האט געענדיגט איהר דערצעהלונג, האט ער געזאגט ערנסט אונ פינסטער.

— עס איז א טרויעריגע געשיכטע, א שרעקליכע ענטדעקונג, — וואס זאגט אבער אייער טאכטער דערצו?

— זיא ווייס נאך ניט, אז איהר מאן איז א געטויפטער איד.

# 8.

# גענארט זיך מיט'ן שידוך.

אולריקא פאן האהענשטיין, איין עניקעל פון גראף יאצימירסקי, זאל זיין דיא פרוי פון א פראטעסטאנט, וועלכער איז גאר א געטויפטער איד אונ האט נאך א טאכטער פון זיין אידישער פרוי, וועלכע איז נאך יעצט אויך א אידין, האט דער יעזואיט געזאגט לאנגזאם, — דאס איז דאך שרעקליך!

— אבער, הייליגער פאטער, האב איך איהר דען געקענט אלעס אויסזאגען? האט זיך דיא באראנין פערענטפערט, — צום אונגליק איז זיא יעטצט שוואנגער אונ אזא ענטדעקונג קען זיא טייטען, זאל איך טייטען מיין איינציגעס קינד, ווייל א פערדאמטער איד האט זיא בעטראגען אונ בעשווינדעלט?

— מיין טהייערע פריינדין! דאס האט אייך גאט געשטראפט פאר וואס איהר האט צו געלאזען אז אייער טאכטער זאל הייראטען א פראָ-טעסטאנט, — ווייסט איהר דען ניט, א פראטעסטאנט גלויבט ניט אין הייליגען פאטער אין ראם.

— וואס האב איך געקענט העלפען? — אולריקא האט איהם געוואלט, ווייל ער איז זעהר אנגעזעהען ביים אבער-פרעזידענט, און איך האב מיך געראנגעלט געגען דיעזע הייראטה, איך האב געשריען, געוויינט אונ

געבעטען זיא זאָל איהם ניט הייראַטהען, זיא איז אָבער געװעזען פאָל-יעהריג, װען זיא האט איהם געהייראַטהעט אונ דיא פריישישע געזעטץ האָבען איהר געגעבען דאס רעכט צו הייראַטהען געגען מיין װילען.

— װעניגסטענס האט איהר געדאַרפט אָפּמאַכען מיט איהם, אַז אַלע קינדער, װעלכע ער װעט האָבען, זאָלען זיין קאַטוילען, איך הער דאך אַז זיין זוהן איז געטױפט אַלס פּראָטעסטאַנט, װען אַזאַ טרױאונג זאָל געװען קומען צו מיר, װאָלט איך ניט געמאַכט דיא צערעמאָניע ביז ער װאָלט זיך אונטערשריבען, אַז אַלע זיינע קינדער זאָלען זיין קאַטוילען.

— איך װייס ניט, אויב אולריקאַ װאָלט אייך געפאָלגט.

— אַזוי? אַ קאַטוילין װאָלט מיך ניט געפאָלגט? נון, דאס װיל איך זעהען!

— אָבער דאס איז דאך שוין פערפאַלען, האט דיא באַראָנין געזאָגט טרויעריג, — װאס עס איז געװען, קען מען שוין ניט צוריק האָבען, װאס טהוט מען יעטצט? — איך ציטער, װען איך בעדענק, װאס פאַר אַ סקאַנדאַל עס װעט װערען, װען מען װעט געװאָהר װערען, אַז דער געהיימראַטה נייהאָף איז גאַר אַ געטױפטער איד, מען װעט דאך אויף אונז װייזען מיט דיא פינגער, מיר װעלען דאך ניט קענען זיך װייזען אויף דער גאַס, איך װעל עס ניט אויסהאַלטען אונ אולריקאַ װעט עס ניט אויסהאַלטען.

— עס איז װירקליך זעהר טרויעריג, האט דער יעזואיט געזאָגט, — איך זאָג אייך פריי אונ אָפען, אַז װען אולריקאַ זאָל האַלטען ביים שטאַרבען אונ איהר זאָלט שיקען מיך רופען, איך זאָל איהר מוחל זיין איהרע זינד פאַר'ן טויט װאָלט איך עס ניט געטהאן, נאך מעהר איך װאָלט ניט דערלאָזען, אַז מען זאָל זיא לעגען אויף אַ קאַטוילישען בעערדיגונגס-פּלאַטץ.

דיא באַראָנין איז געװאָרען בלייך װיא קאַלך אונ האט אויסגערופען.

— האט מיטלייד מיט מיר! האט מיטלייד מיט מיין אונגליקליכער טאָכטער! זיא האט דאך ניט געװאוסט אַז ער איז אַ געטױפטער איד.

— איך בין נור אַ ניעדעריגער דיענער פון דער הייליגער קירכע, האט דער יעזואיט געענטפערט קאַלטבליטיג, איך קען גאַר ניט טאהן פון איינערט-װעגען, דיא הייליגע קירכע אָבער קען אַלעס טאהן, דיא הייליגע קירכע איז אַ שטרענגע, אָבער אַ באַרמהערציגע מוטער, װעלכע נעהמט אויף דעם זינדער אין איהרע אָרימס, װען ער קומט צו איהר אונ האט חרטה אונ טהוט תשובה אויף זיינע זינד.

— אַלזאָ פערלאַנגט איהר, איך זאָל דערצעלען אולריקען אַלעס אונ

זָאל אִיהר הֵייסֶען קוּמֶען צוּ אַייך בֶּעטֶען אַ תְּשׁוּבָה אוֹיף אִיהרֶע זִינְד ? — אִיךְ הָאבּ מוֹרָא, אַז זִיא װעט עֶס נִיט אוֹיסְהַאלְטֶען.

דֶער יעזואיט הָאט גֶעטְרַאכְט אֵייניגֶע מִינוּט, דַאן הָאט עֶר גֶעזָאגְט:

— דִיא הֵיילִיגֶע קִירְכֶע װִיל נִיט, אַז דֶער זִינְדִיגֶער מֶענְשׁ זָאל שְׁטַארְבֶּען, זִיא פֶערְלַאנְגְט נוּר, עֶר זָאל בֶּערֵייעֶן זַיינֶע זִינְד אוּנ זָאל קוּמֶען צוּ אִיהר מִיט גֶעבֶּעט אוּנ גֶעװיין, װֶען אִיהר גֶעפִינְט, אַז אולריקא װֶעט עֶס נִיט אוֹיסְהַאלְטֶען, בֶּעזָאנְדֶערְס יֶעטְצְט, װֶען זִיא אִיז שְׁװַאנְגֶער, מוּזֶען מִיר זִיא שׁוֹינֶען, — אִיךְ דֶענְק, אַז דֶערְװַייל װֵייס נָאךְ קֵיינֶער נִיט פוּן דִיעזֶעס גֶעהֵיימְנִיס אוֹיסֶער אַייךְ אוּנ גאָטשאַלק דֶער צאַר-דירעקטאָר פוּן מיסלאָװויץ.

— אַה! אִיךְ דַאנְק אַייךְ! אִיהר גִיט מִיר מַיין לֶעבֶּען צוּרִיק! הָאט דִיא פְּרוּמֶע באַראָנין אוֹיסְגֶערוּפֶען, — װָאס זָאל אִיךְ אָבֶּער טְאהן? װִיא זָאל אִיךְ מִיךְ בֶּענֶעהמֶען גֶעגֶען אולריקאַ אוּנ גֶעגֶען דֶעם גֶעטוֹיפְטֶען אִידֶען?

אִין אֵיין װִינְקֶעל פוּנ׳ם צִימֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ גְרוֹיסֶער, שְׁװַארְצֶער קְרֵייץ פוּן עבען-האָלץ, דֶער יעזואיט אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיעזֶען קְרֵייץ, אִיז גֶעפַאלֶען פַאר אִיהם אוֹיף דִיא קְנִיע אוּנ הָאט גֶעזָאגְט מִיט אַ שְׁטִילֶער פֵייעֶרְלִיכֶער שְׁטִימֶע.

— לָאמִיר בֶּעטֶען גָאט, עֶר זָאל אוּנְז בֶּעלֵייכְטֶען מִיט זַיין װָארְהֵייט אוּנ זָאל אוּנְז װַייזֶען דֶעם װֶעג, אוֹיף װֶעלְכֶען מִיר זָאלֶען גֶעהֶען.

דִיא באַראָנין אִיז אוֹיךְ גֶעפַאלֶען אוֹיף דִיא קְנִיע אוּנ בֵּיידֶע הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען שְׁטִילֶערְהֵייט.

װֶען דָאס גֶעבֶּעט הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט, הָאט זִיךְ לאָידאָכאָװסקי צוּרִיק גֶעזֶעטְצְט אוֹיף זַיין שְׁטוּהל אוּנ הָאט גֶעזָאגְט עֶרְנְסְט אוּנ פִינְסְטֶער.

— דֶער הֵיילִיגֶער קִירְכֶע קֶען מֶען נִיט אָפְּנַארֶען מִיט װֶערְטֶער, מֶען מוּז אִיהר בֶּעװייזֶען, אַז מֶען אִיז אִיהר גֶעטְרֵייא, אִיהר הָאט בֶּעגַאנְגֶען אַ גְרוֹיסֶע זִינְד, װָאס אִיהר הָאט עֶרְלוֹיבְּט אַז אַייעֶר טָאכְטֶער זָאל הֵייראַטֶען אַ פּראָטעסטאַנט.

— אִיךְ הָאבּ דָאךְ אַייךְ שׁוֹין גֶעזָאגְט, אַז אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט גֶעקֶענְט הֶעלְפֶען.

— דַאמָאלְס הָאט אִיהר עֶס נִיט גֶעקֶענְט, יֶעטְצְט אָבֶּער קֶענְט אִיהר עֶס.

אִיךְ װֵייס נִיט װִיא אַזוֹי.

— װֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דִיעזֶער פֶערְבִּינְדוּנְג זָאלֶען װֶערֶען קאַטוילען, דַאן װֶעט דִיא הֵיילִיגֶע קִירְכֶע קֶענֶען זַיין מִילְדֶער גֶעגֶען אַייךְ אוּנ גֶעגֶען אַייעֶר טָאכְטֶער, װַייל דַאן װֶעלֶען װֶענִיגְסְטֶענְס דִיא זֶעעלֶען פוּן דִיא

אומשולדיגע קינדער ניט זיין פערדאמט אונ פערפלוכט.

— אבער דאס געזעטץ זאגט דאך, אז דיא זיהן געהערן צום פאטער אונ ער מעג זיך ערציעהען אין זיין גלויבען, האט דיא באראנין ערוויעדערט, דער געהיימראטה, מיין איידים, איז א בעאמטער אונ א זעהר אנגעזעהענער בעאמטער, ער מוז ערציעהען זיינע זיהן אין פראטעסטאנטישען גלויבען, ווייל דער קעניג, אלע מיניסטארען אונ אלע בעאמטע זיינען פראטעסטאנטען.

— דאס ווייס איך אונ דערפאר זאג איך אייך, איהר זאלט איהם צווינגען ער זאל מאכען זיינע קינדער פאר קאטוילען.

— צווינגען? וואס רעדט איהר, עהרווירדיגער פאטער? איהר קענט גאך גאר ניט דעם געהיימראטה נייהאף, ער וועט זיך ניט לאזען צווינגען ער איז שטאלץ אונ אונאבהענגיג.

— ווייל ער איז א געטויפטער איד? האט געפרעגט דער יעזואיט אונ א ביטערער שמייכעל פול שפאט אונ גיפט האט זיך געוויעזען אויף זיינע דינגע ליפען.

דיא באראנין האט אראפגעלאזען דעם קאפ.

— איהר ווייסט א געהיימניס, וועלכעס קען אימער פערניכטען דעם געטויפטען אידען, האט דער יעזואיט ווייטער געזאגט, בענוצט דיא מאכט פון דיעזעם געהיימניס אום איהם צו צווינגען, ער זאל טאהן, וואס איהר וועט איהם הייסען, ער ליעבט אולריקא'ן אונ וועט ניט וועלען פאר־קומען פאר איהר אלס שווינדלער אונ בעטריגער.

— ער איז דאך אבער מיין שוויעגערזאהן אונ איך וואהן ביי איהם אין הויז, עסס ביי זיין טיש אונ מוז טעגליך מיט איהם רעדען, האט דיא באראנין בעמערקט.

— מיין טהייערע פריינדין! ווען איהר האט אויך ליעב דעם געטויפטען אידען, דעם פאלשען קריסט, דעם דאפעלטען קעצער (אפיקורוס), — דאן קען איך אייך ניט ראטהען דער יעזואיט האט געזאגט שטרענג, — ווען איהר ווילט אנגעהמען מיין ראטה, ווען איהר ווילט, אז דיא הייליגע קירכע זאל זיך איבער־בעטען מיט אייך, מוזט איהר עפעס טאהן פון איהרעטוועגען.

— איך וויל געוויס עפעס טאהן, איך ווייס אבער ניט וואס.

— צוערסט מוזט איהר זעהען, אז אייער טאכטער זאל ווערען אביסעל פרימער, זיא איז יעטצט שוואנגער, זיא פיהלט זיך עפעס ניט גוט, רעדט מיט איהר פון רעליגיאן, פארדערט זיא אויף, זיא זאל געהען אפט אין דער קירכע, ווען עס איז מעגליך, שיקט זיא צו מיר, איך


בין

בִּין זִיבֶּער, אַז זִיא וֶועט פֶערְשְׁטֶעהֶען אִיהר לַאגֶע אוּנ וֶועט אָנְהוֹיבֶּען צוּ גֶעהֶען עֶפְטֶער אִין קִירְכֶע.

— דָאס קֶען אִיךְ טָאהן, הָאט דִיא בַּארָאנִין אוֹיסְגֶערוּפֶען.

— דָאס אִיז אָבֶּער נִיט גֶענוּג, הָאט דֶער יעזואיט בֶּעמֶערְקְט, אִיהר מוּזְט אוֹיךְ זֶעהֶען, אַז אולריקאַ׳ס זוהן זָאל וֶוערֶען אַ קַאטוילִיק.

— וִויא קֶען אִיךְ עֶס טָאהן, וֶוען עֶר אִיז שׁוֹין גֶעטוֹיפְט אַלְס פּראָטעסטאַנט? אִיהר פֶערְגֶעסְט, עֶהְרְווירְדִיגֶער פָּאטֶער, אַז מִיר לֶעבֶּען אִין אַ לַאנְד, וואוּ דִיא פּראָטעסטאַנטישע רעליגיאָן אִיז דִיא הֶערְשֶׁענְדֶע.

— דִיא הֵיילִיגֶע קִירְכֶע הָאט פִּיעלֶע מִיטֶעל צוּ בֶּעלַייכְטֶען אִיהרֶע קִינְדֶער, הָאט דֶער יעזואיט גֶעזָאגְט מִיט אַ פְרוּמֶער מִינֶע, דָאס קִינְד אִיז נָאךְ זֶעהר יוּנְג, אַ יוּנְגֶעם בֵּיימֶעלֶע קֶען מֶען בֵּייגֶען אִין אַלֶע זַייטֶען, פִּיהרְט אִיהם אִין קַאטוילִישֶע קִירְכֶען, גִיט אִיהם אִיבֶּער צוּ קַאטוילִישֶע לֶעהרֶער, שִׁיקְט אִיהם אִין אַ שׁוּלֶע פוּן דִיא הֵיילִיגֶע דִיענֶער פוּן דִיא יעזואיטען אוּנ עֶר וֶועט אַלֵיין וֶוערֶען אַ קַאטוילִיק.

דִיא בַּארָאנִין הָאט גֶעשָׁאקֶעלְט טְרוֹיעֶרִיג מִיטְ׳ן קָאפּ, זִיא הָאט גוּט גֶעוואוּסְט, אַז מִיט אִיהר שוויעגער-זאָהן קָאן מֶען נִיט אַזוֹי לַייכְט מַאכֶען וָואס מֶען וִויל.

דֶער יעזואיט הָאט עֶס פֶערְשְׁטַאנֶען אוּנ הָאט גֶעזָאגְט:

— אִיךְ וֵוייס, אַז דָאס אִיז נִיט לַייכְט, וֶוען אִיהר ווִילְט אָבֶּער זִיךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען מִיט דֶער הֵיילִיגֶער קִירְכֶע, מוּזְט אִיהר טָאהן זַאכֶען, וֶועלְכֶע זַיינֶען נִיט גַאנְץ לַייכְט, אִיהר זַייט אַ קְלוּגֶע פְרוֹי אוּנ וָואס אֵיין קְלוּגֶע פְרוֹי קֶען טָאהן, דָאס קֶענֶען נִיט טָאהן צֶעהן קְלוּגֶע מֶענֶער, — אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעווִיעזֶען דֶעם וֶועג, אוֹיף וֶועלְכֶען אִיהר מוּזְט גֶעהֶען, וַוייטֶער גֶעהט אַלֵיין, וֶוען אִיהר וֶועט טְרֶעפֶען שְׁוִויעֶרִיגְקֵייטֶען אוּנ הִינְדֶערְנִיסֶע אוֹיף אַייעֶר וֶועג, מוּזְט אִיהר זוּכֶען מִיטֶעל, וִויא צוּדֶערְוַוייטֶערְן דִיעזֶע הִינְדֶערְנִיסֶע אוּנ וִויא צוּ בֶּעזִיעגֶען דִיעזֶע שְׁוִויעֶרִיגְקֵייטֶען.

דֶער יעזואיט הָאט אִיהר דַאן עֶרְקְלֶערְט אוּנ פָארְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ גַאנְץ גֶענוֹיעֶן פְּלַאן וָואס זִיא זָאל טָאהן אוּנ וִויא זִיא זָאל עֶס מַאכֶען, אַז דֶער גֶעהֵיימְרַאטְה נייהאָף זָאל מוּזֶען נָאכְגֶעבֶּען אַלֶעס וָואס זִיא וֶועט פוּן אִיהם פֶערְלַאנְגֶען.

זֵיי הָאבֶּען נָאךְ אַוֶועק גֶערֶעדְט גֶעגֶען אַ שְׁטוּנְדֶע אוּנ דִיא בַּארָאנִין פאָן האָהענשטיין אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן לאָידאָכאָווסקִ׳ס וואוֹינוּנְג בֶּערוּהִיגְט אוּנ צוּפְרִיעדֶען.

---

(גט״י ח״ג) קוים

# 9.

## אינטריגען.

קוים איז דיא באראנין פאן האהענשטיין ארויסגעגאנגען פון דעם הויז, וואו פירסט לאידאכאווסקי האט געוואוינט אונ ער האט געזעהען וויא זיא איז אוועק געגאנגען, האט ער אנגעהויבען צו קלינגען.

א דיענער איז אריינגעקומען, האט זיך טיעף פערנייגט אונ איז געבליעבען שטעהען אויף דער טהיר.

— שיק מיר אריין פאטער אינאנאציוס! אבער שנעל! האט לאידאכאווסקי קאמאנדירט.

אין איניגע מינוט ארום איז אריינגעקומען אין צימער א יונגער גייסטליכער פון א יאהר עטליכע אונ צוואנציג, ער האט זיך העפליך פערנייגט פאר לאידאכאווסקי אונ איז געבליעבען שטעהען לעבען זיין שרייב טיש.

— האט איהר שוין אוועק געשיקט אונזער בעריכט קיין ראם? האט לאידאכאווסקי געפרעגט.

— נאך ניט, איך האב איהם אייך געוואלט ווייזען נאך אמאל איידער איך שיק איהם אוועק.

— איהר האט זעהר גלייך געטאהן! גאט אליין האט אייך איינגעגעבען אין הערצען, איהר זאלט אזוי טאהן, מיר קענען יעטצט מיטטהיילען א נייעם זיעג פון דער הייליגער קירכע, א גרויסען זיעג.

דער יונגער יעזואיט האט געקוקט מיט נייגיעריגען בליקען אויף זיין עלסטעסטען.

— קענט איהר דעם געהיימראטה נייהאף? האט פלוצלונג לאידאכאווסקי געפרעגט.

— איך קען איהם, ווייל ער איז דער בעסטער פריינד פון'ם אבער-פרעזידענטען, גראף ווראנגעל.

— זיין שוויגער-מוטער, דיא באראנין פאן האהענשטיין, איז נור וואס אוועק געגאנגען פון מיר, זיא האט מיר מיטגעטהיילט א געהיימניס, וועלכעס ניט אונז איבער דיעזען מאן געבונדען ביי דיא הענד אונ פיס, איהר ווייסט געוויס, אז ער מאכט זיינע זיהן פאר פראטעסטאנטען, אבוואהל זיין פרוי איז א גוטע קאטוילין.

— איך פערשטעה, האט דער יונגער יעזואיט בעמערקט, — דורך דיעזעס געהיימניס וועלען מיר איהם צווינגען ער זאל מאכען זיינע קינדער

פאר קאטוילען, עס וועט אנמאכען א רעש אין שטאדט, ווען מען וועט הערען אז אזא אנגעזעהענער מאן וויא נייהאף איז מאכט זיינע קינדער פאר קאטוילען.

— נאנץ ריכטיג! מען וועט וויסען אין ראם וויא צו שעטצען מענשען וועלכע ארבייטען פאר'ן הייליגען פאטער אונ האבען עס געבראכט אזוי ווייט, אז דער פירסט פון גרייץ איז געווארען א קאטוילִיק אונ יעצט וועט נייהאף, דער בעריהמטער נייהאף, לאזען דערציעהען זיינע קינדער אין קאטוילישען גלויבען.

— איך האב נור וואס ערהאלטען א בריעף פון גרייץ, אין וועלכען מען לאדעט איין אייער האכווירדען — דער טיטעל פון א הויכען גייסטליכען — איהר זאלט פאהרען קיין גרייץ איינווייהען דיא קאטוילישע קירכע, וועלכע דער פירסט האט אויסגעבויט.

— דיא הייליגע קירכע זיעגט, האט דער יעזואיט געזאגט מיט א פרומער מינע, אונזערע פיינד פאלען פאר אונז, דיא קעצער (אפיקורסים) וועלען פערניכטעט ווערען אונ דער הייליגער פאטער וועט הערשען איבער דער וועלט וויא אמאל.

— איך האף אז מען וועט ענדליך פיהלען אין ראם וואס איהר טהוט פאר דיא עהרע פון אונזער הייליגער קירכע, האט דער יונגער יעזואיט גע-זאגט ערנסט, — דער ערץ בישאף פון פרייסיש-פאלען איז אלט אונ קראנק, ער וועט שוין לאנג ניט לעבען, דאן מוזט איהר געוועהלט ווערען אלס ערץ בישאף אונ דאן וועט איהר ערסט קענען וויקען פאר דער הייליגער קירכע.

— דאס איז אבער א זעהר שווערע זאך, האט לאדאכאווסקי געענט-פערט, איהר ווייסט דאך, אז דער ערץ בישאף פון פאלען מוז בעשטעטיגט ווערען פון דער רעגיערונג אונ זא לאנג גראף ווראנגעל איז אבער פרעזידענט פון פאלען, וועט ער ניט דערלאזען אז מען זאל מיך בעשטעטיגען אלס ערץ בישאף, איהר ווייסט דאך אז דער אבער-פרעזידענט איז מיין גרעסטער פיינד.

— פאטער איגנאציוס האט אויפגעהויבען דיא אויגען צום הימעל אונ האט אויסגערופען.

— אך, גאט! וויא לאנג וועסט דוא עס דולדען, אז דיעזע קעצער זאלען זיך אריינמישען אין אונזערע אנגעלעגענהייטען? וויא לאנג וועט דיא הייליגע קירכע נאך ליידען פון אזעלכע מענשען וויא גראף ווראנגעל?

— עס איז געוויס זעהר טרויעריג, וואס מיר, דיא דיענער פון'ם וואהרען גלויבען, דיא קנעכט פון דער הייליגער קירכע זאל דארפען ליידען פון אזעלכע פערדארבענע מענשען וויא גראף ווראנגעל אונ דער-גלייכען, מיר קענען אונז אבער דערווייל ניט העלפען?

האכווירדיגער (גט"י ח"ג)

— האכווירדיגער פאטער! האט דער יונגער יעזואיט אויסגערופען, אונזער הייליגע קירכע לערנט אונז, אז ווען דער גלייכער וועג פיהרט ניט צום ציעל, מוז מען בענוטצען א קרומען וועג, — „דער צוועק היילינט די מיטעל”, האט אונז געלערנט דער הייליגער אינגנאציוס לאיאלא, דער גרינדער פון אונזער הייליגען ארדען, ווען דער צוועק איז גוט און הייליג, מעג מען געברויכען אלערליי מיטעל.

— איהר האט פאלקאמען רעכט, — וואס מהוט מען אבער מיט אזא פערדארבענעם מענשען וויא גראף ווראנגעל? ער איז רייך, מען קען איהם אלזא ניט אונטערקויפען מיט געלד ער איז אלט, מען קען איהם אלזא ניט פערפיהרען מיט שעהנע פרויען, ער איז זעהר בעליעבט ביי דער ארמעע, מען קען אלזא ניט אויפהעצען די אפיצירען געגען איהם, דער קעניג גלויבט אין איהם, וויא אין א גאט, עס וועט אלזא ניט העלפען, ווען מען זאל אפטראגען א רכילות אויף איהם, מען זאל איהם פערליימדען, ער איז איין אייזערנער כאראקטער און ווען מיר זאלען קענען איהם האבען אין אונזער מאכט, וואלטען מיר געווען די הערשער אין פרייסען.

— אלזא איז שוין גאר קיין מיטעל ניטא צו מאכען דעם אבער-פרעזידענט פאר אונזער פריינד?

— איך זעה דערווייל קיין מיטעל.

— און ווען איהר זאלט בענוצען דעם געהיימראטה נייהאף? האט דער יונגער יעזואיט געפרעגט.

לאידאכאווסקי האט בעטראכט זיין סעקרעטער מיט פערוואונדערונג ער האט איהם נאך ניט אין גאנצען פערשטאנען.

— האכווירדען! האט דער יונגער יעזואיט אויסגערופען, — האכווירדען! גענעראל ווראנגעל איז דאך אויך א מענש און יעדער מענש האט אויך א שוואכע זייטע, עס איז איין מאל דא א געזעטץ אין דער נאטור, אז א מענש איז קיין מלאך.

— אבער וואס קענען מיר הען טאהן מיט דיעזען ווילדען מענשען?

— האכווירדען האט א שרעקליכעס געהיימניס פון'ם געהיימראטה נייהאף, וועלכער איז גראף ווראנגעלס בעסטער פריינד, איך האב גענויע נאכריכטען, אז נייהאף זיטצט אוועק שטונדען לאנג אין קאבינעט פון'ם אבער-פרעזידענט און זיי רייდען פון געוויסע זאכען.

פירסט לאידאכאווסקי האט אנגעכאפט זיין סעקרעטער ביי דער האנד.

— איהר האט רעכט פאטער איגנאציוס! האט ער אויסגערופען —

איהר האט געעפענט פאר מיר א גאנץ נייעס וועג אבער איהר קענט פיעלייכט נאך ניט גוט דעם גראף ווראנגעל...

— האבווירדען! דיא פראגע איז יעטצט ניט אום צו פערניכטען דעם פערדאכטען אבער-פרעזידענט, דאס איז דערווייל זעהר שווער, אבער איהר קענט זיך דאך איבער-בעטען מיט איהם, איהר קענט מאכען דורך נייהאף, אז ער זאל בעקומען איין אנדער מיינונג פון אייך, ער זאל ווערען אייער פריינד, ער זאל געהען מיט אייך האנד אין האנד, איך וויים, אז דאס דארף אייך קאסטען זעהר פיעל, אבער וואס טהוט מען דען ניט פון גאט'ס וועגען?

— איהר קענט ניט גוט דעם אבער-פרעזידענט, האט לאידאכאווסקי געזאגט, דאס איז א דורכגעטריעבענער בעסטיע, וועלכע מען קען ניט אזוי לייכט אפנארען מיט א ביינטעל היי אדער מיט א שטיק פלייש, ווען איך זאל וועלען, אז ער זאל ארבייטען פאר מיר און זאל זעהען, אז איך זאל בעשטעטיגט ווערען אלס ערץ בישאף, וועל איך מוזען איהם געבען א גוטע גאראנטיע, אז דיא יעזואיטען וועלען ניט עפענען קיין שולען פאר קינדער אין פרייסען.

— פערצייהט מיר, האבווירדען, ווען איך וועל אייך בעמערקען, אז אזעלכע זאכען זיינען שוין פארגעקומען, מען גיט א גאראנטיע, מען גיט אלע מעגליכע דאקומענטען און דערנאך האלט מען זיי ניט, דער היילינגער עטקאבאר זאגט אויסדריקליך, אז יעדער קאנטראקט, וועלכער ווערט געשלאסען, מיט א ניט קאטוליק, האט קיין ווערטה, ווען ער קען נור עפעס שאדען דער היילינגער קירכע, דער היילינגער יאהאננעס פאלאא שרייבט גאנץ דייטליך, אז וואו עס האנדעלט זיך וועגען דער היילינגער קירכע, מעג מען שווערען און דערנאך ניט האלטען דיא שבועה.

לאידאכאווסקי האט זיך פערטראכט, ער האט אויך געוואוסט אלע ערטער פון דיא היילינגע ביכער פון דיא קאטוליקען, וואו עס שטעהט געשריעבען, אז געגען א ניט קאטוליק מעג מען שווערען, זיך אונטער-שרייבען און זיך פערבינדען מיט אלע מעגליכע בעוואהרענישען און דערנאך זיי ניט האלטען.

— איהר זייט א גוטער און געטרייער דיענער פון דער היילינגער קירכע, האט ער דאן געזאגט צום יונגען פאטער איגנאציוס, איהר וועט עס בריינגען זעהר ווייט, איך זאג אייך צו דיא ערסטע שטעלע, ווען איך וועל ווערען ערץ בישאף פון פרייסיש-פאלען.

— מען מוז ארבייטען פון גאטס וועגען, האט דער פרומער פאטער איגנאציוס געזאגט, — וואס איז דער מענש, היינט לעבט ער און

מארגען שטארבט ער, דיא היילינגע קירכע אבער איז אייביג, ווען אייער האכווירדען וועט נור איין מאל איינבייגען דעם קאפ פאר'ן אבער-פרעזידענט, וועט ער באלד ליעגען צו אייערע פיס, מיר האבען שוין געזעהען אזעלבע ביישפיעלען.

— געהט, מיין פריינד, אונ ענדיגט דעם בעריכט קיין ראם, האט לאידאכאווסקי געזאגט, מאכט זיי אביסעל הייסער דארט, לאזען זיי אונז העלפען, מיט וואס זייא קענען, מיר וועלען שוין דא ארבייטען פון גאטס וועגען.

פאטער איגנאציוס איז אוועקגעגאנגען פערטיג מאכען זיין בעריכט אין ראם.

ארימער גבריאל! ווייסטו וואס פאר א שרעקליכער שטורם עס פערזאמעלט זיך ארום דיין קאפ? ווייסטו וויא שרעקליך דוא ביזט אריינגעפאלען אין דיא הענד פון דיא יעזואיטען? דוא ווייסט עס נאך ניט, עס וועט אבער ברעכען דיין הערץ, ווען דוא וועסט עס געוואהר ווערען.

---

# 10.

## דאס גיפט ווירקט.

דיא בארא‍נין פאן האהענשטיין האט ניט געשוויעגען, זיא האט אנגעהויבען אפט צו ריידען מיט איהר טאכטער פון רעליגיאן, פון געהן אין קירכע, פון זיך מתודה זיין פאר א גייסטליכען אונ נאך אזעלבע פרומע זאכען.

קוים פלעגט זיך אולריקא עפעס פיהלען ניט גוט, פלעגט איהר מוטער שוין זיטצען לעבען איהר אונ ריידען מיט איהר פון פרומקייט אונ פון דיא גייסטליכע, וועלכע קענען בעסער אויסהיילען א קראנקהייט פון דיא גרעסטע דאקטוירים.

צום אונגליק האט אולריקא געהאט א זעהר שווערע שוואנגערשאפט, זיא האט זיך בעראטהען מיט איהר הויז-דאקטאר, וועלכער האט איהר ערקלערט אז זאלאנג זיא איז שוואנגער, קען ער גאר ניט טאהן פון איהרעטוועגען, ווען זיא וועט האבען דאס קינד, וועט ער זעהען, וואס ער קען איהר פערשרייבען אדער הייסען טאהן.

עס איז זעהר מעגליך, אז ווען דער דאקטאר זאל געווען וויסען וואס דא קאכט זיך, וואלט ער איהר געווען געזאגט פריי אונ אפענ-

הערציג , אז זיא איז פאלקאמען געזונד אונ דארף גאר קיין דאקטאר ניט , ער האט עס אבער ניט געוואוסט אונ האט בעשטעטיגט דיא מיינונג פון דער באראנין , אז אולריקא איז ווירקליך קראנק .

וואס געהנטער עס איז געקומען דער טאג , ווען אולריקא האט גע-דארפט ענטבונדען ווערען , אלץ מעהר האט איהר מוטער פערלאנגט , זיא זאל געהען צום פרומען גייסטליכען לאידאכאווסקי אונ זאל זיך פאר איהם מתודה זיין אויף איהרע זינד .

אולריקא האט ענדליך נאכגעגעבען , איין מאל ווען זיא האט זיך געפיהלט זעהר שלעכט האט זיא געזאגט ;

— איך וועל געהען צו א גייסטליכען , אבער ניט צו לאידאכאווסקי , האט זיא געזאגט צו איהר מוטער , לאידאכאווסקי געפעלט מיר ניט , ער איז איין אונרוהיגער מענש , ער איז א צו גרויסער פאנאטיקער .

— אך , גאט ! וואס רעדסטו , טאכטער ? האט דיא באראנין פאן האהענשטיין אויסגערופען , לאידאכאווסקי איז א הייליגער מאן , וועלכער קעמפפט אונ ראנגעלט זיך פאר אונזער קאטוילישען גלויבען .

צופעליגערווייזע איז אין דיעזע מינוט אנגעקומען גבריאל , אולריקא האט איהם דער צעהלט פון וואס זיא מיט איהר מוטער האבען נור וואס גערעדט .

— איך געפין אויך , אז אולריקא זאל ניט געהען צו לאידאכאווסקי , האט ער געזאגט , אלס קעניגליכער בעאמטער פאסט עס ניט פאר מיר , אז מיין פרוי זאל זיך בעראטהען מיט לאידאכאווסקי , וועלכער איז עפענטליך ארויסגעטרעטען געגען דיא רעגיערונג אונ וועלכער האט עפענטליך בעליידיגט מיין פריינד אונ בעשיטצער , דעם אבער-פרעזידענט .

— דוא האסט צוואר רעכט , מיין זוהן האט דיא באראנין געזאגט , ווען דוא זאלסט אבער וויסען , וויא דער עדעלער לאידאכאווסקי בערייעט עס , וויא ער בעדויערט , פאר וואס ער איז דאמאלס ארויסגעטרעטען געגען דעם אבער-פרעזידענט , וואלסט דו אנדערס געדענקט פון דיעזען פרומען מאן .

— פון וואנען ווייסט איהר עס , מוטער ?

— ער האט עס מיר אליין געזאגט , נאך מעהר , ער האט מיך געבעטען , איך זאל עס דיר איבערגעבען פון זיין נאמען אונ זאל דיך בעטען , דוא זאלסט עס זאגען דעם אבער-פרעזידענט .

— דאס פרעהט מיך זעהר , האט גבריאל געזאגט העכסט צופריעדען , גראף וורא נגעל איז א ליבעראלער מענש , ביי איהם איז קיין אונטערשיעד צווישען איין רעליגיאן אונ דיא אנדערע אונ ער וויל , אז אין פרייסיש

פאלען זאל הערשען א פאלשטענדיגער פריעדען צווישען אלע רעליגיאנען.

— אויסער דעם איז לאידאכאווסקי אונזער א פערוואנדטער אונ ער איז בעקאנט מיט אלע אונזערע פערהעלטניסע; האט דיא באראנין צוגעזעצט.

מען האט נאך גערעדט איינינע צייט אונד עס איז געבליעבען, אז ווען אולריקא וועט קענען, זאל זיא געהען צום גענעראל וויקאר, ווען זיא עס אבער ניט קענען, זאל מען איינלאדען דעם פרומען לאידאכאווסקי צו זיך אהיים.

שוין דעם אנדערן טאג האט דיא באראנין געפונען, אז אולריקא איז צו שוואך צו געהען צום גייסטליכען אונ זיא האט איינגעלאדען דעם גענעראל וויקאר לאידאכאווסקי צו זיך.

לאידאכאווסקי איז געקוממען אין אזא צייט, ווען גבריאל איז געווען אין דער היים, דער הויכער גייסטליכער האט געגעבען דעם געטויפטען אידען דיא האנד, האט איהם גערופען נור הערר געהיימראטה, אונ האט גערעדט מיט איהם אזוי פריינדליך אונ אזוי ברידערליך, אז דער קלוגער, אבער מיט יעזואיטען קונסט-שטיקע ווענינ בעקאנטער, גבריאל איז געווען בעצויבערט פון איהם.

אולריקא אליין איז אויך געווען זעהר צופריעדען וואס דער בעריהמטער מאן האט זיא בעזוכט, ער האט איהר בעוויעזען, אז ער פערשטעהט בעסער מעדיצין פון איהר הויז-דאקטאר, ער האט איהר ערקלערט, וואס עס פעהלט איהר אונ האט איהר געראטהען וואס צו טאהן, איידער זיא וועט ענטבונדען ווערען אונ ווען זיא וועט ליעגען אין קינד-בעט.

ער האט גערעדט מיט איהר פון רעליגיאן וויא א קלוגער, געבילדעטער מאן אונ ניט וויא א ווילדער פאנאטיקער.

אולריקא האט איינגעזעהען אז מען האט פערליימדעט (געזאגט א רכילות) דיעזען גרויסען מאן, ער איז גאר ניט אזוי שטרענג וויא מען האט גערעדט פון איהם, ער איז גאר ניט אזוי פאנאטיש וויא מען האלט איהם.

גבריאל איז אויך געווען בעצויבערט פון׳ם גענעראל וויקאר אונ האט איהם געבעטען, ער זאל אפטער קומען איהם בעזוכען.

— איך האב דאך דיא גרויסע עהרע צו זיין אייער פערוואנדטער, האט גבריאל געזאגט פריינדליך.

לאידאכאווסקי האט צו געזאגט צו קומען נאך אמאל אונ ער האט געהאלטען ווארט, ער איז געווארען איין אפטער גאסט אין הויז פון׳ם געהיימראטה נייהאף, אולריקא האט זיך צוגעקלעפט צו איהם וויא א שטיקעל וואקס צו א ווארעמען טאפ.

(גט״י ח״ג) גבריאל

גבריאל האט עס בעמערקט און איז געווען העכסט צופריעדען דערמיט, ער האט נעט בעמערקט, אז זייט לאידאכאווסקי קומט אריין צו איהם, איז אולריקא געווארען רוהיגער, געזונדער און פרישער, דער דורכגעמטריעבענער און געבילדעטער יעזואיט האט געוואוסט וויא אזוי צו צוציעהען צו זיך אלע הערצער.

ער פלעגט זעהר אפט ריידען מיט גבריאל'ן פון רעליגיאן און פלעגט זיך דערביי ארויסווייזען אלס העכסט ליבעראלער און פריינינער מענש, מען דארף ניט פערגעסען, אז לאידאכאווסקי איז אליין געוועזן א פירסט און האט פערבראכט זיינע יוגענד יאהרען אין הייפען פון קעניגע און קיסרים, וואו מען מוז וויסען וויא צו ריידען און וואס צו ריידען, דערצו נאך איז ער געוועזן פון דער נאטור א גוטער רעדנער און ווען ער האט געוואלט עפעס איבערצייגען, האבען איהם ניט אויסגעפעהלט ניט קיין ווערטער און ניט קיינע בעווייזע.

ער האט אזוי בעגייסטערט גבריאל'ן, אז גבריאל האט זיך ענטשלאסען צו ריידען וועגען איהם מיט גענעראל ווראנגעל.

דיא געלעגענהייט האט זיך באלד געפונען.

---

# II.

## פריינדשאפט פיר פיינדשאפט.

איין מאל איז גבריאל געזעסען אין קאבינעט פון אבער-פרעזידענט און האט גערעדט מיט איהם איבער פערשיעדענע אנגעלעגענהייטען פון פרייסיש-פאלען, גבריאל האט בענוצט דיעזע געלעגענהייט און האט אנגעהויבען אויסצולויבען דעם געוועזענעם גענעראל וויקאר לאידאכאווסקי.

— וויא קומט ער צו אייך? האט גראף ווראנגעל געפרעגט האסטיג.

גבריאל האט איהם דערצעהלט אפענהערציג אויף וועלכער ארט ער איז בעקאנט געווארען מיט לאידאכאווסקי און וויא ער האט זיך איבערצייגט, אז לאידאכאווסקי איז א פיינער, האכגעבילדעטער, קלוגער און ליבעראלער גייסטליכער.

גענעראל ווראנגעל האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם און האט אנגעהויבען צו שאקלען טרויעריג מיט'ן קאפ.

— איהר זייט אריינגעפאלען און זאגאר מיאוס אריינגעפאלען, מיין ליעבער געהיימראטה, האט ער געזאגט, — איך קען בעסער פון אייך

דעם אַלטען פוקס, ווען ער שמייכעלט זיך צו צו איך, ווען ער רעדט מיט איך פריינדליך און ברידערליך, האט ער אין זיינע געדאנקען עפּעס א ניעדערטרעכטיגקייט.

— דורכלויכט! איהר וועט אַנדערס אורטהיילען איבער איהם, ווען איהר זאלט אַמאָל מיט איהם אַליין רייִדען, האט גבריאל געענטפערט, — קען דען ניט זיין, אַז מען האט דיזען מענשען פערלייםדעט? קען דען ניט זיין, אַז מען האט אָנגעזאָגט ליגענס אויף איהם אום איהם צו פערניכטען? — וואס קען ער דען ערוואַרטען פון מיר? איך בין דאך נור א בעאַמטער פון פינאַנץ-מיניסטעריום, וואס קען איך דען טאהן פאר איהם?

— הערט מיך אויס, נייהאף! האט גראף וורא[א]נגעל געזאָגט ערנסט און האסטיג, וויא זיין נאַטור איז געוועזען, הערט מיך אויס, נייהאף! דער געוועזענער גענעראַל וויקאַר לאידאָבאָווסקי איז א טויגעניכטס! און פון דעסטוועגען, ווען ער וויל זיך איבערבעטען מיט מיר, בין איך צופריעדען, ווייל ער איז א פעהיגער מענש און ווען ער וועט וועניגסטענס עפענטליך ניט אויפרייצען די קאַטוילען געגען די אַנהענגער פון אַנדערע רעליגיאָנען, וועט דאס שוין אויך זיין גענוג פאר מיר, איך וויל, אַז אַלע רעליגיאָנען אין פרייסען זאָלען לעבען אין פריעדען און פריינדשאַפט.

— דורכלויכט! ער האט מיר אַליין געזאָגט, אַז ער האט געהאַנדעלט אונגערעכט געגען איך, האט גבריאל ערקלערט, — ער בעדויערט זעהר, וואס צווישען איך און איהם זיינען פאָרגעקומען אונאַנגענעהמליכקייטען.

— נון, גוט, גוט! איך האב איך שוין געזאָגט, אַז איך בין צופריעדען זיך איבערצובעטען מיט איהם, אָבער לאָז ער ניט מיינען, אַז מיך נאַרט מען אָפּ מיט שעהנע רייד און מיט גלאַטע קאָמפּלימענטען, מיט חלב האַפּט מען מייז. ווען ער וויל זיך איבער בעטען מיט מיר, מוז ער מיר געבען זיכערע בעווייזע, אַז ער מיינט עם עהרליך, דאס מעגט איהר איהם זאָגען פון מיין נאָמען.

זעלבסטפערשטענדליך, אַז גבריאל האט עם איבערגעגעבען דעם יעזואיט און האט געטאהן אַלעס, וואס ער האט נור געקענט, אַז דער אָבער-פּרעזידענט זאָל זיך איבערבעטען מיט'ן גענעראַל וויקאַר.

אונטערדעסען איז געקומען די צייט ווען אולריקא האט געדאַרפט ענטבונדען ווערען, די ענטבינדונג איז געגאַנגען זעהר שווער און די באַראָנין האט געשיקט רופען דעם גייסטליכען לאידאָבאָווסקי.

וואס דער פרומער גייסטליכער האט געשפּראָכען מיט איהר, האט קיינער ניט געוואוסט; קיינער איז דערביי ניט געוועזען און קיינער האט ניט געהערט וואס זיי האבען גערעדט.

אולריקא (גט"י ה"ג)

אולריקאַ האָט געהאט אַ אינגעל.

דעם אַנדערן טאָג איז לאידאָכאָוסקי ווידער געקומען צו איהר אונ איז ווידער געבליעבען מיט איהר אַליין אַ גאַנצע שטונדע.

ווען גבריאל איז אַהיים געקומען פון זיין בעשעפטיגונג, איז ער באַלד אַריינגעגאַנגען אין צימער פון זיין פרוי זעהען, וואס זיא מאַכט.

ער האָט זיא געפונען זיצען אויף'ן בעט.

— נון, וואס מאַכסטו, מיין טהייערע, ליעבע פרוי? האָט ער געפרעגט.

עס איז מיר בעסער, פיעל בעסער, האָט אולריקאַ געענטפערט, דער פרומער לאידאָכאָוסקי פערשטעהט מעהר מעדיצין פון אַלע בערלינער דאָקטורים, ער האָט מיך געשטאַרקט אונ געזונד געמאַכט מיט זיינע היילינע ווערטער.

דאס איז גבריאל'ן ניט געפעלען, ער האָט געוואוסט, אַז מיט היילינע ווערטער קען מען זעהר ווענינ העלפען אַ קראַנקען, ער האָט אָבער געמוזט שווייגען: אולריקאַ איז נאָך געווען אַזוי שוואַך אונ אַזוי אָפגע-מאַטערט פון'ם קינד האָבען, אַז מען האָט געמוזט זיא שוינען.

— ליינ זיך אַנידער, מיין טהייערע פרוי, האָט ער געבעטען, דו דאַרפסט יעטצט ניט פיעל ריידען, דו מוזט זיך אויסרוהען אונ אויספאָלגען וואס דער דאָקטאָר האָט דיר געהייסען.

— ניין, ניין, מיין ליעבער מאַן, עס איז גוט וואס דו ביסט געקומען, איך האָב עפעס צו ריידען מיט דיר.

— מיר וועלען ריידען אַנאַנדער מאָל, ווען דו וועסט זיך פיהלען קרעפטינער.

— ניין, מיין געליעבטער מאַן, מיר מוזען ריידען דאַריבער יעטצט, האָט אולריקאַ געזאָגט פעסט.

— דאַן זאָג, וואס פערלאַנגסט דו פון מיר?

— ליעבער ראָבערט, איך ווייס אַז דו ליעבסט מיך אונ דערפאַר ערלויב איך מיר דיך עפעס צו בעטען.

— מיין טהייערע אולריקאַ! האָב איך דיר דען אַמאָל עפעס אָפגע-זאָגט? יעדער וואונש פון דיר איז פאַר מיר אַ בעפעהל.

— איך ווייס עס ראָבערט, אונ פון דעסטוועגען בעט איך דיך, טהו מיר צוליעב דיעזע איינציגע ביטע.

— וואס איז דען דיין ביטע?

— אַז אונזער ערסט-געבאָרענער זוהן זאָל געטויפט ווערען אַלס קאַטוילּיק.

ווען אולריקא זאָל איהם געווען זאָגען דיא שטאַרקסטע בעליידיגונג,

וָואלְט זִיךְ גבריאל נִיט גֶעפִיהלְט אַזוֹי אוּנְגְלִיקְלִיךְ ווִיא יֶעטְצְט , וֶוען זִיא הָאט גֶעבֶּעטֶען בַּיי אִיהם אַזַא קְלֵיינִיגְקֵייט. עֶר הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט , וָואס נראף ווראנגעל הָאט אִיהם גֶעזָאגְט אִיבֶּער לאִידאָכאָווסקי , אִין זַיינֶע אוֹיעֶרְן הָאבֶּען גֶעקְלוּנְגֶען דִיא עֶרְנְסְטֶע וֶוערְטֶער פוּנ׳ם אַלְטֶען אוּנ קְלוּגֶען מַאן :

„דֶער גֶעוֶועזֶענֶער גענעראַל וויקאַר אִיז אַ טוֹיגֶעניכְטְס" !

יֶעטְצְט הָאט עֶר פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס גראף ווראנגעל הָאט גֶעמֵיינְט דֶערְמִיט , עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פִיהלֶען , צוּ וָואס דִיא פְרֵיינְדְשַׁאפְט פוּן אַ יעזואיט קֶען פִיהרֶען .

אולריקאַ הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס עֶס קוּמְט פָאר אִין גבריאל׳ס הֶערְצֶען אוּנ זִיא הָאט גֶעפְרֶעגְט :

— דוּא שְׁוַוייגְסְט ? — דוּא עֶנְטְפֶערְסְט מִיר נִיט ?

אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט נָאךְ אַלֶץ גֶעשְׁווִיעגֶען , הָאט זִיא אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ וֵויינֶען .

---

## 12.

# אִיךְ וִויל מְקַיֵים זַיין דַיין נֶדֶר .

וָואס הָאט דֶער אָרִימֶער גבריאל גֶעקֶענְט טָאהן אִין אַזַא פַאל ? זַיין פְרוֹי אִיז עֶרְסְט גֶעקְמֶערְן עֶנְטְבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען , זִיא אִיז נָאךְ אַזוֹי שְׁוַואךְ אוּנ אַזוֹי קְרַאנְק , אַז זִיא טָאר זִיךְ נִיט אוֹיפְרֶעגֶען , דֶער דָאקְטָאר הָאט זָאנַאר אָנְגֶעזָאגְט , אַז זִיא זָאל נִיט פִיעל רֵיידֶען אוּנ יֶעטְצְט מוּז זִיא וֵויינֶען דוּרְךְ אִיהם , ווייל עֶר וִויל אִיהר נִיט צוּ זָאגֶען אַזַא קְלֵיינֶע בִּיטֶע .

— מַיין טְהַייעֶרֶע אולריקאַ , דָאס קִינְד אִיז דָאךְ עֶרְסְט גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען , הָאט עֶר גֶעזָאגְט פְרֵיינְדְלִיךְ , מִיר הָאבֶּען נָאךְ צַייט צוּ רֵיידֶען דֶערְפוּן , אִיךְ מוּז מִיךְ אִיבֶּערְלֶעגֶען , אוֹיבּ אִיךְ קֶען עֶס טָאהן , פֶערְגֶעס נִיט , מַיין לִיעבֶּע פְרוֹי , אַז אִיךְ בִּין אַ פרייסישער בעאַמטער , מַיינֶע זִיהן מוּזֶען זַיין פּראָטעסטאַנטען , אִיךְ קֶען הָאבֶּען פִיעלֶע אוּנְאַנְגֶעהֶעמְלִיכְקֵייטֶען , וֶוען אִיךְ זָאל לָאזֶען מַיין זוּהן טוֹיפֶען אַלְס קאַטוֹילִיק .

— אוּנ וֶוען דָאס אִיז מַיין אֵיינְצִיגֶע טְרֵייסְט אִין מַיין יֶעטְצְטִיגֶער לַאגֶע ? הָאט אולריקאַ גֶעפְרֶעגְט , — אִיךְ ווֵייס גַאנְץ גוּט , אַז אִיךְ בִּין גֶעפֶעהְרְלִיךְ קְרַאנְק , עֶס קֶען זֶעהר גוּט זַיין , אַז אִיךְ וֶועל בַּאלְד שְׁטַארְבֶּען , ווִילְסְט דוּא אַז אִיךְ זָאל שְׁטַארְבֶּען אוּנ זָאל נִיט הַאלְטֶען מַיין וָוארְט ?

— וָואס פַאר אַ וָוארְט ?

— וֶוען אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען צוּ קִינְד אוּנ דֶער דאָקְטאָר אִיז גֶעוֶוען

פֶערְצְוַוייפֶעלְט, הָאבּ אִיךְ אַנְדֶר גֶעטָאהן, אַז דָאס קִינְד, וָואס אִיךְ וֶועל הָאבֶּען, זָאל וֶוערֶען אַ קַאטוֹילִיק אוּנ זָאל זַיין גֶעווייהֶעט צוּ דֶער הֵיילִיגֶער קִירכֶע, עֶר זָאל וֶוערֶען אַ גייסטליכער, אִיךְ הָאבּ גֶעטָאהן דֶעם נֶדֶר אִין דֶער גְרֶעסְטֶען נוֹיט אוּנ אִיךְ מוּז אִיהם הַאלְטֶען.

גבּריאל הָאט גֶעמוּזְט נָאכְגֶעבֶּען מִיט שְׁמֶערְץ אוּנ פֶערְצְוַוייפְלוּנְג, יֶעטְצְט עֶרְסְט הָאט עֶר פֶערְשְׁטַאנֶען, וָואס דֶער יעזואיט הָאט גֶעטָאהן בַּיי זַיין פְרוֹי אִין אַ צַייט וֶוען אַ פְרוֹי מוּז הָאבֶּען אַ גוּטֶען דאָקטאָר אוּנ נִיט קַיין גייסטליכען.

עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פִיהלֶען דֶעם גִיפְט פוּן דִיא יעזואיטען, דֶערְוַוייל הָאבֶּען זַייא אִיהם גֶעשְׁטָאכֶען נוּר מִיט נָאדְלֶען, עֶר וֶועט עֶרְסְט שְׁפֶּעטֶער פִיהלֶען, וִויא זֵיי רַייסֶען זַיין פְלֵייש מִיט צוּ גְלִיהֶטֶע צְוַואנְגֶען.

אולריקאַ אִיז צוּ בִּיסְלֶעכְוַויים גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען, דֶער גייסטליכער לאָידאָכאָווסקי הָאט גֶעטוֹיפְט דָאס גֶעבָּארֶענֶע קִינְד אַלְס קַאטוֹילִיק, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט אָבֶּער גֶעוואוּסְט, אַז דַאס פַּאסְט נִיט פַאר אַ בעאַמטען, הָאט לאָידאָכאָווסקי גֶעווייזֶען, אַז עֶר אִיז אַ וַואהרֶער פְרַיינְד פוּן דֶעם נעהיימראַטה נייהאָף, אוּנ הָאט גֶעטוֹיפְט דָאס קִינְד שְׁטִילֶערְהֵייט, אָהן צֶערֶעמָאנִיֶען אוּנ בַּיים נעהיימראַטה אִין הוֹיז.

אולריקאַ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ גֶעהֶען זֶעהר אָפְט צוּם פְרוּמֶען לאָידאָכאָווסקי, זֶעהר אָפְט פְלֶעגְט זִיא גֶעהֶען מִיט אִיהר מוּטֶער, אַמָאל פְלֶעגְט זִיא גֶעהֶען גַאנְץ אַלֵיין.

גבריאל'ן אִיז נִיט גֶעפֶעלֶען וָואס זַיין פְרוֹי אִיז פְלוּצְלוּנְג גֶעוָוארֶען אַזוֹי פְרוּם, עֶס אִיז אִיהם נִיט גֶעפֶעלֶען וָואס זִיא גֶעהט צוּ אָפְט צוּם גייסטליכען, אָבֶּער נָאךְ מֶעהר אִיז אִיהם נִיט גֶעפֶעלֶען, וָואס זַיין שוויגער הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פִיהרֶען זַיין עֶלְטֶערְן יוּנְגֶע, דֶעם קְלֵיינֶעם פריעדריך צוּם אָנקעל לאָידאָכאָווסקי.

דֶער קְלֵיינֶער פריעדריך אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גוּטֶער, פְרֶעהלִיכֶער אוּנ פֶעהִיגֶער יוּנְגֶע פוּן זֶעקְס יָאהר, אָנקעל לאָידאָכאָווסקי אִיז אִיהם אַזוֹי גֶעפֶעלֶען, אַז עֶר פְלֶעגְט טָאג אוּנ נַאכְט רֵיידֶען נוּר פוּן אִיהם אוּנ קוֹים הָאט מֶען אוֹיף אִיהם נִיט אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען, פְלֶעגְט עֶר אַוֶועק לוֹיפֶען צוּם אָנקעל.

גבריאל'ן פְלֶעגְט עֶס פֶערְקְלֶעמֶען בַּיים הֶערְצֶען, וֶוען עֶר פְלֶעגְט הֶערֶען פוּן זַיין גֶעלִיעבְּטֶען זוּהן, וִויא גוּט דֶער אָנקעל אִיז גֶעגֶען אִיהם, וִויא שֶׁעהן עֶס אִיז אִין דֶער קִירְכֶע אוּנ אַז עֶר, פריעדריך, וִויל אוֹיךְ וֶוערֶען אַ גייסטליכער, וִויא דֶער אָנקעל.

עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז דֶער גוּטֶער אָנקעל וִויל אִיהם צוּצִיעהֶען

צו זיך, וויא ער האט צוגעצויגען דיא מוטער אונ דיא גראס-מוטער.

— וואס מיינט ער דערמיט? וואס בעצוועקט ער דערמיט? פלעגט גבריאל זיך אפט פרעגען.

ער האט אבער ניט געקענט געפינען איין אנטווארט אויף דיעזע פראגע.

ער וועט עס אמאל געוואהר ווערען, ער וועט אבער שפרינגען פון דער הויט, ווען ער וועט עס געוואהר ווערען.

---

## 13.

# רבי שמואל ארענשטיין'ס לעטצטע שטונדע.

שרה'לע איז באלד בעקאנט געווארען אין איהר אנקעלס געשעפט אין גרייץ, מארקוס לעווי האט געפונען שטונדען ביי דיא אידען פון שטעדטעל, ר' יוסף ארענשטיין'ס רעקאמענדאציאן האט געווירקט, אונ אזוי וויא אין יענער צייט זיינען נאך ניט געווען קיינע פרייע עפענטליכע שולען פאר קינדער, האבען דיא אידען ווירקליך געדארפט האבען א מענשען, וועלכער זאל לערנען זייערע קינדער לעזען, שרייבען אונ רעכענען.

מארקוס לעווי איז געווען פאר זיי דער פאסענדער מענש, אלע זיינען מיט איהם צופריעדען געווען.

אזוי איז פערגאנגען א יאהר.

אין א שעהנעם פריהמארגען האט ר' יוסף ארענשטיין ערהאלטען א בריעף פון'ם מיסלאוויצער רב, אז ר' שמואל ארענשטיין איז זעהר קראנק אונ יוסעלע זאל באלד קומען צו פאהרען קיין מיסלאוויץ.

מען מעג זיך לייכט דענקען, וויא טרויעריג אונ וויא אונרוהיג יוסעלע אונ שרה'לע זיינען געווארען ווען זיי האבען איבערגעלעזען דעם שרעקליכען בריעף.

ר' שמואל ארענשטיין איז שוין געווען איין אלטער מאן, ער איז אלט געווען עטליכע אונ זיעבעציג יאהר. רחל'עס טויט, גבריאל'ס טויפען זיך אונ שלעכטע געשעפטען אין דער לעטצטער צייט האבען זעהר שלעכט געווירקט אויף איהם אונ האבען פערקירצט זיינע יאהרען.

יוסעלע האט באלד געדונגען א פוהר קיין מיסלאוויץ אונ גיטעל האט פארברייטעט אלעס אויף'ן וועג פאר איהר מאן אונ פאר שרה'לען.

שרה'לע האָט אָנגעהויבען צו פיהלען וואָס פאַר אַ ווערטה דיעזער אַלטער מאַן האָט פאַר איהר, ווען ער שטאַרבט, בלייבט זיא אַליין, עלענד וויא אַ שטיין, אין דיעזער גרויסער וועלט, יוסעלע און גיטעלע זיינען צוואַר גוטע מענשען, זיי האָבען אָבער אַליין קינדער, וועלכע וואַקסען אונטער און וועלכע מען מוז פערזאָרגען.

גיטעל איז אַ קלוגע, פראַקטישע פרוי, וועלכע זאָרגט זיך פאַר איהרע קינדער, זיא מוז אַלזאָ קוקען אויף שרה'לען וויא אויף אַ פרעמדע.

יוסעלע האָט ערהאַלטען דעם בריעף געגען נײַן אוהר אין דער פריה און געגען צוועלף אוהר איז ער מיט שרה'לען שוין געזעסען אויף דער פוהר, וועלכער איז אַרויסגעפאָהרען פון גרייץ.

שרה'לע האָט דעם גאַנצען וועג געוויינט, יוסעלע האָט זיך צוואַר בעמיהט זיא צו טרייסטען, — עס איז איהם אָבער ניט געלונגען.

— עס עפּעס, שרה'לע, האָט ער געבעטען, ווען דיא פוהר האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ דאָרף, אום דיא פערד זאָלען זיך אַ ביסעל אָפּרוהען, — עס עפּעס און שטאַרק זיך, אונזער אַלטער פאָטער איז אַ שטאַרקער מענש, ער וועט נאָך לעבען ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר.

נור מיט גרויסער מיה איז עס איהם געלונגען איהר איינצורעדען, זיא זאָל נעהמען אין מויל אַ שטיקעל ברויט.

— נעהם נאָך אַ ביסעל זיסען שנאַפּס, שרה'לע, האָט יוסעלע ווידער געבעטען, מיין גיטעל זאָגט, אַז ווען מען איז טרויעריג, מוז מען נעהמען אַביסעל שנאַפּס.

דאָס מאָל אָבער האָט שרה'לע ניט געוואָלט פאָלגען וואָס גיטעל זאָגט, זיא האָט קיין שנאַפּס ניט גענומען און האָט געבעטען אַז מען זאָל פאָהרען שנעלער.

זיא איז געווען אַזוי טרויעריג און האָט אַזוי פיעל געוויינט, אַז דער גוטער יוסעלע איז אויך טרויעריג געוואָרען און האָט אויך אָנגע-הויבען צו וויינען.

דיא רייזע איז אויך ניט געגאַנגען אַזוי שנעל, וויא זיי האָבען געוואָלט, דער וועג איז געווען זעהר שלעכט און דיא מידע פערד האָבען קוים געשלעפּט דעם לייכטען וואָגען.

ענדליך זיינען זיי אָנגעקומען קיין מיסלאָוויץ און זיינען צוגעפאָהרען צו ר' שמואל אַרענשטיינ'ס הויז.

עטליכע מענשען זיינען געשטאַנען פאַר'ן הויז און האָבען עפּעס גערעדט, זיי זיינען געווען זעהר ערנסט, זייערע געזיכטער זיינען געווען פינסטער און פערטראַכט.



אויף

אויף דער טהיר איז זייא ענטגעגען געקומען מלכה, ר' שמואל ארענשטיינס צווייטע פרוי.

— אום גאטעס ווילען! וואס מאכט דער פאטער? האט יוסעלע אויסגערופען.

— נאט זאל זיך אויף איהם דערבארעמען! האט מלכה געענטפערט אונ האט אנגעהויבען צו גיסען מיט טרעהרען.

מעהר האט מלכה ניט גערעדט, זיא האט זיך זאגאר ניט אומגעקוקט אויף שרה'לען, וועלכע האט געשלונגען איהרע טרעהרען.

יוסעלע האט זיא אנגענומען ביי דער האנד אונ איז מיט איהר אריינגעגאנגען אין שטוב, אין ערסטען צימער זיינען געזעסען עטליכע מענשען, יוסעלע איז שוין צוואר עלף יאהר ניט געווען אין מיסלאוויץ, ער האט אבער באלד דערקענט, אז דאס זיינען מיטגליעדער פון דער חברה קדישה.

אין הויז איז געווען א שרעקליכער אונארדנונג, אלעס איז געווען צו װארפען, צושלײדערט, קיין זאך איז ניט געשטאנען אויף'ן ארט.

יוסעלע אונ שרה'לע האבען אבער קיין צייט געהאט זיך צו צו קוקען צו אזעלכע זאכען, זיי זיינען גלייך געגאנגען אין צימער וואו דער קראנקער איז געלעגען.

ארום בעט פון'ם קראנקען זיינען געשטאנען דער רב, דער שמש פון דער שוהל אונ דריי עלטערע בעלי בתים פון מיסלאוויץ, דער רב האט נור וואס אפגעזאגט ווידוי מיט'ן קראנקען.

---

# 14.

## צופריעדען מיט'ן טויט.

ר' שמואל ארענשטיין איז נאך געווען ביים פולען פערשטאנד, ער האט שוין אבער קוים גערעדט, ער האט גערעדט אזוי שטיל, אז מען האט איהם קוים פערשטאנען.

יוסעלע איז א ניעדערגעפאלען אויף דיא קניע פאר'ן בעט אונ האט אנגעהאפט זיין פאטערס קאלטע האנד, שרה'לע האט זיך א ווארף געטאהן אויף'ן בעט אונ האט אנגעהויבען צו וויינען.

דער קראנקער האט זיי דערקענט אונ זיינע בלייכע, בלויע ליפען האבען עפעס געמורמעלט, עס איז אבער אונמעגליך געווען צו פערשטעהען וואס ער זאגט.

— פּאָטער! ליעבּער פּאָטער! זאָג מיר, וואָס דוא פערלאַנגסט! האָט יוסעלע געבּעטען.

מיט שווערע מיה, מיט זיינע לעטצטע קרעפטען האָט דער שטערבּענדער ארויסגעזאָגט גאַנץ שטיל, אָבּער גענוג דייטליך:

— פערלאָז ניט שרה'לען!

— פּאָטער! איך שווער בּייא גאָט, וועלכער זעהט אַלעס, אַז איך וועל האַלטען שרה'לען, וויא מיין אייגענעם קינד! האָט יוסעלע אויסגערופען.

אויף דעם געל-בּלייבּען, האַלבּ טויטען געזיכט פון ר' שמואל אָרענשטיין, האָט זיך געוויעזען אַ שמייכעל פון צופרידענהייט, עס איז געווען דייטליך פאַר יעדען, אַז ער זאָגט:

— יעטצט קען איך רוהיג שטאַרבּען.

אין צימער איז געוואָרען שטיל, אַז מען האָט געקענט הערן, וויא עס קלאַפּט בּיי איטעם דאָס הערץ, יעדער האָט געפיהלט, אַז ער געפינט זיך אין שאָטען פון'ם טויט, יעדער האָט געזעהן וויא דער טויט האָט שוין בּעדעקט מיט זיינע שוואַרצע פליעגעל דיעזען אַלטען אָבּער נאָך קרעפטיגען מאַן.

פּלוצלונג האָט ר' שמואל אָרענשטיין אויפגעהויבּען דעם קאָפּ אונ האָט אויסגערופען מיט אַ הויכער, שטאַרקער שטימע:

— שמע ישראל ד' אלקינו ד' אחד!

גיט ווילענדיג האָט דער רב אונ אַלע אַנוועזענדע אין צימער איהם נאָכגעזאָגט:

—שמע ישראל, ד' אלקינו ד' אחד!

דאַן איז ר' שמואל אָרענשטיינס קאָפּ צוריק געפאַלען אויפ'ן קישען, ער האָט נאָך אַ זיפץ געטאָהן, האָט זיך אויסגעשטרעקט אונ איז געבּליעבּען ליגען רוהיג, — ער איז געווען טויט.

דער שמש איז צוגעקומען צום בּעט אונ האָט צו געלעגט אַ פעדער צום טויטענס נאָז דיא פעדער האָט זיך ניט גערירט.

— ער איז טויט, האָט דער שמש געזאָגט שטילערהייט.

— ברוך דיין האמת! האָט דער רב אויסגערופען ערנסט אונ טרויעריג.

— ברוך דיין האמת! האָבּען איהם אַלע נאָכגעזאָגט.

דיא מיטגליעדער פון דער חברה קדישה זיינען בּאַלד אַריינגעקומען, אונ האָבּען אָפּגעהויבּען דעם טויטען.

שרה'לע איז געבּליעבּען וויא אַ דערהרג'עטע, אונ מען האָט געמוזט זיא אַרויספיהרען מיט געוואַלד פון טויטענס צימער.

(גט"י ח"ג) אויך

אויך יוסעל'ען האט מען ניט געלאזען זיך אויסווייגען לעבען זיין טויטען פאטער, איהם האט מען יעצט געדארפט, דיא חברה קדישה האט געוואלט געלד פאר דיא בעערדיגונג, דער ארימער יוסעלע איז גאר ניט געוואהנט געווען צו דינגען זיך אונ ער וואלט נאכגעגעבען אלעס, וואס מען האט פון איהם פערלאנגט, צום גליק אבער האט זיך מלכה אריינגעמישט אונ זיא האט שוין אפּ געמאכט אלעס מיט דיא חברה קדישה.

וויא עס איז דער מנהג ביי אידען, האט מען זיך געאיילט צו בעערדיגען דעם טויטען, עס איז אבער שוין געווען צו שפּעט צו בעערדיגען איהם היינט אונ מען האט אפּ געלעגט, דיא בעערדיגונג אויף מארגען אין דער פריה.

אזוי וויא ר' שמואל ארענשטיין איז געווען איין אנגעזעהענער מענש אין דער גאנצער געגענד, זיינען דעם אנדערן טאג אין דער פריה געקומען צו זיין לויה ניט נור אידען פון מיסלאוויץ, זאנדערן אויך פיעלע קריסטען, צווישען זיי איז געווען דער קאמענדאנט פון דער בריגאדע דער בירגער-מייסטער, דער שטאדט דאקטאר, — קרייז פיזיקוס — וויא ער הייסט אין פרייסען, דער צאלל-דירעקטאר גאטשאלק אונ פיעלע אנדערע.

דיא לויה איז געווען א גראססארטיגע פיר מיסלאוויץ, זעלטען האבען אידען אונ קריסטען אפּ געגעבען אזוי פיעל עהרע א טויטען, וויא זייא האבען אפּ געגעבען דעם טויטען ר' שמואל ארענשטיין.

דער קאמענדאנט, גענעראל פאן ביעבערשטיין, דער בירגערמייסטער, דער צאלל-דירעקטאר אונ פיעלע אנדערע אנגעזעהענע קריסטען האבען בעגלייטעט דעם טויטען אויף'ן היילינגען ארט אונ האבען אויס געווארט, ביז מען האט איהם בעערדיגט.

דער רב האט געמאכט א הספּד אונ האט זעהר אויסגעלויבט דעם טויטען, דאן האט יוסעלע געזאגט קדיש יתום אונ אלע אנוועזענדע אידען וויא קריסטען, האבען נאכגעזאגט: אמן!

פון'ם היילינגען ארט איז מען געקומען א היים אונ מען האט זיך געזעצט שבעה, נור דיא מענשען וואס זיינען געזעסען נאך ר' שמואל ארענשטיין: יוסעלע, שרה'לע אונ מלכה.

דיא שבעה טעג זיינען פערגאנגען זעהר טרויעריג פאר יוסעלען, נאך טרויעריגער אבער זיינען זייא פערגאנגען פאר שרה'לען, זיא האט יעצט געוואוסט, אז זיא איז אליין אויף דער גרויסער, ווייטער וועלט אונ זיא האט אנגעהויבען צו טראכטען, וואס פון איהר וועט ווערען.

זיצען ביים אנקעל יוסעלע אונ עסען זיין ברויט אומזיסט האט זיא ניט געוואלט, וואס דען זאל זיא אבער טאהן? וואו זאל זיא זיך אהינטאהן?

זָעהר אָפְט איז אִיהר גֶעקוּמֶען אִין קָאפּ דֶער גֶעדַאנְק, אַז זִיא הָאט דָאךְ עֶרְגֶעץ אַ פָאטֶער אוּנ אַז דִיעזֶער פָאטֶער קָען זִיא פֶערזָארְגֶען, אָבֶער יֶעדֶעס מָאל וָוען זִיא פְלֶעגְט זִיךְ דֶערְמָאנֶען אַז אִיהר פָאטֶער... פְלֶעגְט זִיא אַ צִיטֶער טָאהן אוּנ פְלֶעגְט מוּרְמְלֶען:

— עֶר איז דָאךְ אָבֶער גֶעטוֹיפְט....

זִיא פְלֶעגְט זִיךְ דֶערְמָאנֶען אָן דֶער סְצֶענֶע, ווִיא אִיהר גראָס-פאטער איז גֶעשְׁטָארְבֶּען, ווִיא עֶר הָאט פַארְ'ן טוֹיט אוֹיסְגֶערוּפֶען:

— שמע ישראל ד׳ אלהינו, ד׳ אחד!

אוּנ דֶער גֶעדַאנְק פוּן אִיהר פָאטֶער פְלֶעגְט מוּזֶען פֶערְשְׁווִינְדֶען

נָאךְ דֶער שִׁבְעָה זַיינֶען גֶעקוּמֶען דֶער רָב אוּנ דֶער בִּירְגֶער מַייסְטֶער מִיט עֵדוּת אוּנ זַייא הָאבֶּען מִיט גֶעבְּרַאכְט דִיא צַוָּאָה פוּן'ם פֶערְשְׁטָארְבֶּענֶעם, ר׳ שמואל אָרענשטיין הָאט זִיא גֶעהַייסֶען אָנְשְׁרַייבֶּען, וָוען עֶר איז גֶעוֶוען בַּיים פוּלֶען פֶערְשְׁטַאנְד, דֶער רָב אוּנ צְווייא אַנְגֶעזֶעהֶענֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים זַיינֶען גֶעוֶוען עֵדוּת.

אַלֶע הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט, אַז ר׳ שמואל אָרענשטיין איז אַ גַאנְץ רַייכֶער מַאן, עֶס הָאט זִיךְ אָבֶער אוֹיס גֶעווִיזֶען, אַז עֶר איז גָאר נִיט רַייךְ גֶעוֶוען, עֶר הָאט אִיבֶּער גֶעלָאזֶען זַיין פְרוֹי מלכה זֶעקְס הוּנְדֶערְט טָאהלער בַּארֶעס גֶעלְד אוּנ דִיא צִירוּנְג, וֶועלְכֶע עֶר הָאט אִיהר גֶעשֶׁענְקְט. שרה׳לען הָאט עֶר אוֹיךְ אִיבֶּער גֶעלָאזֶען, נוּר זֶעקְס הוּנְדֶערְט טָאהלֶער.

דָאס הויז, דִיא גֶעשֶׁעפְטֶען אוּנ דִיא חוֹבוֹת וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶעהַאט צְווִישֶׁען קְרִיסְטֶען אוּנ אִידֶען, הָאט עֶר אִיבֶּער גֶעלָאזֶען יוסעלען זַיין אֵיינְצִיגֶען זָאהן.

מלכה הָאט דֶערְבַּייא זֶעהר גֶעווַיינְט, זָעהר גֶעשְׁרִיעֶן אוּנ זָעהר גֶעיָאמֶערְט, אַז זִיא איז אוּנְגְלִיקְלִיךְ, אַז זִיא וֶועט שְׁטַארְבֶּען פוּן הוּנְגֶער.

דִיא צַוָּאָה איז בֶּעשְׁטֶעטִיגְט גֶעוָוארֶען פוּן בירגער מייסטער אוּנ מֶען הָאט אוֹיךְ בַּאלְד זִיךְ צוּטְהֵיילְט מִיט דֶער יְרוּשָׁה.

מלכה הָאט זִיךְ פַארְבְּרַייטֶעט אַוֶועק צוּ פָאהרֶען צוּ אִיהרֶע פֶערְוַואנְדֶעטֶע, וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶעהַאנְדֶעלְט עֶרְגֶעץ אִין אַ שְׁטֶעדְטֶעל ווייט פוּן מיכלאָוויץ. זִיא הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אֵיינְצוּפַּאקֶען אִיהרֶע זַאכֶען אוּנ הָאט דֶערְבַּייא גֶעשְׁלֶעפְט אַלֶעס, וָואס זִיא הָאט נוּר גֶעקֶענְט.

יוסעלע הָאט זִיא גֶעזֶעהן, ווִיא זִיא הָאט אֵיינְגֶעפַּאקְט זַיין פָאטֶערְס אַ פֶעלְץ, אַ מַאנְטֶעל דָאס הָאט אִיהם שׁוֹין פֶערְדְרָאסֶען, דָאס הָאט שׁוֹין דֶער גוּטְמוּטְהִיגֶער יוסעלע אוֹיךְ נִיט גֶעקֶענְט אִיבֶּער טְרָאגֶען, עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ קְרִיעג, אַ גֶעשְׁרַייא אַ לֶיאַרְם.

שרה׳לע איז אוּנְטֶערְדֶעבֶּען גֶעזֶעסֶען אִין אַ ווִינְקֶעלֶע אוּנ הָאט גֶעווַיינְט.

זיא

זיא איז געווען דיא אונגליקליכסטע פון אלע, זיא איז יעצט אליין עלענד אונ פערלאזען, אנוואהרע יתומה.

ענדליך האט מלכה איינגעפאקט אללע איהרע זאכען אונ איז אויך אוועק געפאהרען, יוסעלע האט אויך געוואלט פאהרען אהיים צו זיין ניטעל, דאס איז אבער אונמעגליך געווען ער האט געמוזט ענדיגען פיעלע פון זיין פאטערס געשעפטען, איינינע געשעפטען האט ער געמוזט אפ-שליעסען אין גאנצען, אנדערע האט ער איבערגעגעבען צו בעקאנטע אונ גוטע פריינד.

ער האט צוואר געשריעבען ניטלען, אז זיא זאל קומען קיין מיסלאוויץ אונ זאל איהם העלפען אפ שליעסען זיין פאטערס געשעפטען, זיא וואלט עס געוויס געמאכט בעסער אונ שנעלער פון איהם, זיא האט אבער ניט געקענט איבער לאזען, איהר געשעפט אין גרייץ.

— איך וועל מעהר פערליערען אין דער היים, וויא פערדיענען דארט, האט זיא איהם געענטפערט, ענדיג אפ שנעל דיינע געשעפטען אונ קום אהיים, דיא קינדער בענקען נאך דיר.

יוסעלע האט אלזא געמוזט בלייבען איינינע וואכען אין מיסלאוויץ, מיט איהם איז שרה'לע אויך פערבליעבען.

איין מאל איז ער געקומען אהיים אונ האט געפונען שרה'לען וויינען.

— וואס וויינסט דוא שרה'לע? האט ער געפרעגט, — דער פאטער איז דאך שוין טויט, ער וועט שוין ניט לעבעדיג ווערען, מיר אבער לעבען אונ דארפען זיך זארגען.

— דאס וויין איך טאקע, האט שרה'לע געענטפערט, איך בין יעצט גאנץ אליין, עלענד וויא א שטיין.

— שרה'לע! איך האב געשווארען צו מיין פאטער פאר זיין טויט, אז איך וועל דיך ניט פערלאזען.

— איך וויים עס, אנקעל, אבער דוא האסט דאך קינדער, וועלכע דוא מוזט פערזארגען.

— נון, לאז זיך מיך דאכטען, אז איך האב נאך א קינד, ווען מען מוז זיך זארגען פאר זעקס קינדער, קען מען זיך שוין זארגען פאר א זיעבעטעס.

זאנדערבאר! אין דיא פאאר וואכען, זייט ר' שמואל ארענשטיין איז געשטארבען, איז יוסעלע געווארען א גאנץ אנדערער מענש, ער איז געווארען קליגער, געשיקטער, פעהיגער אונ מעהר קויפמאן, וויא ער איז געווען, ער איז געווארען א פאלקאמענער מענש, ניט קיין געבילדעטער

מענש, אבער א גאנץ קלוגער קויפמאן, מען האט שוין גערעכנט מיט איהם האנדלען און ער האט שוין אפגעמאכט זיינע געשעפטען גאר ניט ערגער פון גיטלען.

ווייסט דו וואס, שרה׳לע? דו וועסט אריינטרעטען צו מיר אין געשעפט און וועסט ווערען א פערקויפערין גלייך מיט גיטלען, דו קענסט שוין אלע אונזערע קונדען און ווייסט שוין, וויא זייא צו בעהאנדלען, איך האב שוין לאנג גערעדט מיט גיטלען, אז מיר מוזען האבען א מענשען, דארפען מיר צונעהמען א פרעמדען מענשען, ווען מיר האבען אין אייגענעם? ווער קען אונז דען זיין אזוי געטריי, וויא דו? — איך וועל פערקויפען דעם פאטערס הויז און וועל דאס געלד אריינלעגען אין געשעפט, איך וועל פערגרעסערן מיין געשעפט אין גרייץ און מיר וועלען לעבען גליקליך.

שרה׳לע האט זיך בערוהיגט, אלענפאלס האט זיא דאך קיין אנדער מיטעל ניט געהאט, זיא האט דאך געמוזט פאהרען צו איהר אנקעל און בלייבען ביי איהם.

ווען יוסעלע האט געזעהן, אז שרה׳לע האט זיך שוין אין גאנצען בערוהיגט, איז ער אוועק געגאנגען, עס איז נאך געוועזען גאנץ פריה און ער האט נאך געהאט א זעהר וויכטיגעס געשעפט צו ענדיגען.

שרה׳לע איז געבליעבען אליין, דאס איז שוין קיין נייעס געוועזען, זייט מלכה איז אוועק געפאהרען, פלעגט זיא אפט בלייבען אליין אין גרויסען הויז, זיא האט זיך אויס געלערנט פון גיטלען, קאכען און באקען און זיא פלעגט פערזארגען דיא קליינע ווירטשאפט פאר זיך און איהר אנקעל.

יוסעלע האט ניט געוואלט צו נעהמען א דינסט מעדכען אדער א קעכין ווייל ער איז יעדען טאג געזעסען אויף דער פוהר, ער האט געבענקט אהיים צו גיטלען.

עס איז געווארען שפעט, דיא זון האט געהאלטען ביים אונטער געהן שרה׳לע איז געזעסען אין א ווינקעלע און האט זיך בעשעפטיגט מיט א פרויען ארבייט, ווען דיא טהיר האט זיך געעפענט און צוויא מענער זיינען אריינגעקומען.

מען קען זיך דענקען, וויא זיא האט זיך דערשראקען, ווען זיא האט דערקענט איינעם פון דיעזע צוויא מענער, דאס איז געוועזען דער צאלל דירעקטאר גאטשאלק.

— אט איז דיין טאכטער, האט גאטשאלק געזאגט צום פרעמדען.

שרה׳לע, קום צו מיר! האט דער פרעמדער אויסגערופען און האט אויסגעשטרעקט ביידע הענד צו איהר.

— שרה׳לע איז גֶעוֶוען אַזוֹי דֶערְשְׁרָאקֶען, אַז זיא הָאט ניט גֶעקֶענְט אַרוֹיס רֶעדֶען אַ וָוארְט.

— שרה׳לע קוּם צוּ דַיין פָּאטֶער! — שרה׳לע! איך בִּין דַיין פָּאטֶער; הָאט דֶער פְרֶעמְדֶער אוֹיסְגֶערוּפֶען מִיט אַ פַייֶערְלִיכֶע שְׁטִימֶע.

עֶר איז גֶעוֶוען גֶערִיהְרְט, צְוֵוייא גְרוֹיסֶע טְרָאפֶען טְרֶעהְרֶען, הָאבֶען זיך גֶעקַייקֶעלְט פוּן זַיינֶע בְּלֵייכֶע בַּאקֶען.

— שרה׳לע איך בִּין דַיין פָּאטֶער! הָאט דֶער פְרֶעמְדֶער ווִיעדֶערְהָאלְט.

דָאס איז ווירְקְלִיך גֶעוֶוען דֶער געהיימראַטה ראָבערט נייהאָף, אָדֶער אוּנְזֶער בֶּעקַאנְטֶער גבריאל.

— מַיין פָּאטֶער! הָאט שרה׳לע אַגֶעשְׁרֵיי גֶעטָאהן אוּנ איז גֶעפַאלֶען אין אָהנְמַאכְט.



# ענדע דריטער טהייל.

# דער
# געטויפטער איד

א ראמאן פון ווירקליכען יודישען לעבען אין דייטשלאנד
אין 4 טהייל.



פערפאסט פון

## א. טאנענבוים.

**פיערטער טהייל**

פערלאג פון מרדכי קאצענעלענבאגען בוכהענדלער ווילנא



ווילנא, תרס"ב.
בדפוס י. פיראזשניקאוו.

ДЕРЪ ГЕТОЙФТЕРЪ ИДЪ
т. е.
**Крещенный Еврей**
Романъ въ 4 томахъ. *А. ТАНЕНБАУМА.*

Изданіе виленскаго книгопродавца М. Каценеленбогена.

**Томъ IV.**

ВИЛЬНА.
Типографія И. І. Пирожникова. Завальная ул. д. № 1147.
1902

# אינהאלטס־פערצייכניס:

---





# געטויפטער איד.

## פיערטער טהייל.



## I.

## יאזעף ארענשטיין אונד ראבערט נייהאף.

דער לעזער האט געוויס דערראטהען, וויא גבריאל אדער דער געהיימראטה ראבערט נייהאף, איז יעצט געקומען קיין מיסלאוויץ. גאטשאלק האט איהם געשריעבען אז רבי שמואל ארענשטיין איז געשטארבען אונד אז שרה'לע געפינט זיך יעצט אין מיסלאוויץ מיט איהר אנקעל.

גבריאל האט זעהר גוט געוואוסט, אז יוסעלע איז א שלומיאל. איין אידיאט, א שטיק פערד, וועלבער ווייס ניט, וואו איין וואו אוים. אונד שרה'לע וועט געוויס ביי איהם ניט קענען זיין, אלזא איז יעצט דיא בעסטע געלעגענהייט זיא ארויס צו חאפען פון דיא אידישע הענד אונד זיא צו פערזארגען.

צוואר האט ער נאך ניט אויסגעזאגט אולריקאן, אז ער האט א טאכטער, ער האט אבער גערעכענט, אז ער וועט זיא דער וייל אפ געבען אין א קריסטליכען פענסיאן, וואו זיא וועט לערנען אונד וועט זיך טויפען. דאן ווען זיא וועט שוין זיין א קריסטען, וועט ער זיא געהמען צו זיך אונד וועט זיא פארשטעלען זיין פרוי אונד שוויעגער-מוטער.

ער האט אלזא גענומען פאסט פערד אונד איז געקומען צו לייפען פון בערלין קיין מיסלאוויץ.

נאך דיזער ערקלערונג קענען מיר פארט זעטצען אונזער ערצעהלונג.

שרה'לע איז געפאלען אין אהנמאכט, זיא איז אבער באלד געקומען צו זיך האט געעפענט דיא אויגען אונד האט בעטראכט דעם טאייהנעם, עלעגאנט

עלעגאנט געקליידעטען מאן, וועלכער איז געשטאנען פאר איהר, האט געהאלטען איהרע הענט, האט זיא געגלעט אונד האט זיא גערופען.
— מיין טאכטער! מיין ליעבע טאכטער.
— איהר זייט ניט מיין פאטער, האט שרה'לע ענדליך געזאגט, — מיין פאטער איז שוין לאנג געשטארבען.
— איך וויים, ווער עס האט דיר איינגערעדט, אז איך בין טויט, האט גבריאל געזאגט, — הער מיך אוים פריהער אונד דער נאך וועסט דוא מיך פערדאמען.

גבריאל האט זיך געזעצט לעבען איהר אונד האט איהר דערצעהלט אלעס, וואס מיר האבען געשריעבען אין דיא פאריגע קאפיטעלעך.
ער האט גערעדט פון הערצען. ער האט גערעדט מיט פייער, מיט איבערצייגונג אונד האט געהאפט. אז זיין קינד וועט פיהלען מיטלייד מיט איהם. וועט ארוים ווייזען איהם קינדערליכע ליעבע. וועט איהם עפעס פרעגען. וועט רעדען צו איהם. וויא א קינד צו א פאטער.

ער האט אבער א טעות געהאט. שרה'לע האט איהם אוים געהערט אויפמערקזאם, האט אבער ניט גערעדט א ווארט, נור פון צייט צו צייט פלעגט זיא א ציטער טאהן אונד א טרעהר פלעגט זיך ווייזען אין איהרע שעהנע אויגען.
— יעצט ווייסט דוא אלעס, האט גבריאל געזאגט, — איך האף א דוא וועסט מיך יעצט ניט פערדאמען, אדער דוא וועסט ווענינסטענס געפיהלען, אז איך בין ניט אזוי פיעל שולדיג, וויא מען האט דיר געזאגט. דו זעסט יעטצט, אז איך בין געוועזען געצוואונגען זיך צו טויפען, איך האב אנדערש ניט געקענט. איך וויים, אז איך בין שולדיג, דיין מוטער איז געשטארבען פון שמערץ אונד פערצווייפלונג, ווייל איך האב געוואלט ווערען א קריסט, א מענש דארף אבער ניט זיין אזוי פאנאטיש. קריסטען זיינען אויך מענשען אונד איך זעה גאר קיין אונטערשיעד צווישען א אידען אונד א קריסט.

גבריאל האט געקענט רעדען אונד ער האט יעצט גערעדט, וויא א פאטער, וועלכער פיהלט אז ער איז געוועזען אונגערעכט געגען זיין קינד אונד וויל יעצט גוט מאכען זיין אונרעכט.
— איך דאנק דיר זעהר, וואס דוא האסט מיך ניט פערגעסען אונד ביסט געקומען צו מיר, האט ענדליך שרה'לע געזאגט.
— איך האב דיך קיין מאל ניט פערגעסען. איך האב שטענדיג געטראכט פון דיר אונד האב מיך געזארגט פון דיינעט וועגען. האט גבריאל געזאגט פריינדליך. — ליידער. האבען מיינע אומשטענדע מיר ניט

ערלויבט צו קומען צו דיר אהער. יעצט אבער, ווען, איך בין געוואהר געווארען, אז דיין גראספאטער איז געשטארבען אונד דו ביסט אליין אונד עלענד. בין איך געקומען צו לויפען צו דיר.

— איך בין גאר ניט אזוי אליין אונד אזוי עלענד. וויא דוא מיינסט האט שרה'לע געענטפערט שטאלץ. מיין אנקעל יוסף וועט מיך געהמען צו זיך אהיים אונד איך וועל בלייבען בייא איהם.

— אך גאט! וואס וועסטו טאהן בייא דיעזען שלומיאל. ביי דיעזען פערד אין מענשען געשטאלט? האט גבריאל אוים גערופען, — דוא ווייסט נאך פיעלייכט ניט. אז איך בין א געהיימראטה. איין אנגעזעהענער מענש אין בערלין. ווען דוא וועסט קומען צו מיר. וועל איך דיך לאזען לערנען און וועל דיך איינפיהרען אין דיא גרעסטע הייזער פון בערלין. דוא וועסט זיין א דאמע, וועלכער וועט זיך קענען, מיט באראנען אונד גראפען. דו מוזט גאר ניט זיין אזוי פאנאטיש וויא דיין מוטער איז געוועזען. —

— אום גאטעס ווילען! האט שרה'לע אויסגערופען. — וואס פערלאנגסט דוא דען פון מיר?

— איך ווינש דיר גוטעס אונד וויל דיך זעהן גליקליך, — אבער אזוי וויא איך בין א קריסט. מוז מיין טאכטער אויך זיין א קריסטין. איך וועל דיך לאזען לערנען אין א קריסטליכע שולע אונד ווען דוא וועסט ווערן א קריסטין. וועל איך דיך נעהמען צו מיר א אהיים. וואו דוא וועסט געפינען א גוטע, עדעלע פרוי אלס צווייטע מוטער. —

שרה'לע איז אויפגעשפרונגען. גלייך וויא מען וואלט זיא אפגעגאסען מיט הייסעם וואסער. יעצט האט זיא אלעס פערשטאנען. יעצט ערשט איז זיא געוואהר געווארען. אז איהר פאטער פאדערט פון איהר. זיא זאל זיך טויפען.

זיא איז אראפ געפאלען פון זיעבעטען הימעל. זיא האט גערעכענט. אז איהר פאטער איז נור געקומען אום זיא צו פערזארגען אונד פלוצלונג האט ער איהר ערקלערט. אז ער פערלאנגט. זיא זאל ווערען א קריסטין.

— ניין! האט זיא אוים גערופען מיט א פעסטער שטימע, — ניין! איך וויל מיך ניט טויפען! איך וועל ניט ווערען קיין קריסטין.

גבריאל האט דאס ערווארטעט. ער האט אבער ניט גערעכענט. אז זיין טאכטער וועט זיין אזוי פעסט אונד וועט איהם אזוי ענטשיעדען אפ זאגען.

ער האט אלזא פראבירט רעדען מיט איהר מיט אנאנדער טאן.

— מיין ליעבע טאכטער. איך פערלאנג גאר ניט. אז דוא זאלסט זיך שוין טויפען. איך וויל נור. דוא זאלסט דער וויל פאהרען מיט מיר אין בערלין אונ זאלסט אריינטרעטען אין א קריסטליכען

מעדכען פענסיאן. וואוּ דוּא וועסט האבען דיא געלעגענהייט זיך צוּ בעקעגען מיט'ן קריסטליכען גלויבען. ווען דוּא וועסט פערברייגגען איינינע צייט אין פענסיאן אוּנד דער קריסטליכער גלויבען וועט דיר ניט געפעלען. וועסט דוּא מעגען אַרוּיס טרעטען אוּנד טהאן. וואס דוּא וועסט פערשטייהען.

יעצט האט אויך גאטשאלק געפוּנען פאר געטהיג זיך אַרייצוּמישען אוּנד אוּים צוּ לויבען דיא קריסטליכע רעליגיאן. דערצוּ האט ער איהר בעוויזען. וויא דער איד איז פערפאלגט אוּנד פעראַכטעט אוּנד וואס פאר אַ גליק עס ערוואַרטעט זיא. ווען זיא וועט ווערען אַ קריסטין.

אַלס דיא טאכטער פוּנ'ם געהיימראַטה נייהאף וועסט דוּא הייראַטהען אַ באַראַן אָדער זאַגאר אַ גראַף. האט דער קלוּגער צאלל דירעקטאר איהר ערקלערט. — אַלס אַרימעס אידישעס מעדכען קענסט דוּא הייראַטהען אַ יוסעלע אָדער אַנאַנדער שמוּגלער.

דער צאלל דירעקטאר האט גערעדט ערנסט אוּן האט איר בעוויזען מיט פאַקטען, וויא גליקליך זיא וועט זיין, ווען זיא וועט ווערען אַ קריסטין.

— ניין! אוּנמעגליך! איך וועל ניט ווערען קיין קריסטען! האט שרה'לע געענטפערט פעסט ענטשלאָסען.

— אָבער דיין פאַטער בעט דיך צוּ קוּמען צוּ איהם, האט דער צאלל דירעקטאר אוּיס גערוּפען, אַ קינד דאַרף פאָלגען, וואס איהר פאַטער הייסט אים טאהן.

שרה'לע האט געטראַכט אייניגע מינוּט דאַן האט זי געזאגט ערנסט אוּן פינסטער.

— איך האב געשוואָרען בּיים גראַב פוּן מיין מוּטער, אַז איך וועל קיין מאל ניט פערלייקענען מיין גאט אוּן קיין מאל ניט פערלאָזען מיין פאָלק.

— אַזאַ שבועה האט קיין ווערטה, האט גבריאל זי בערוּהיגט, — דוּא בּיסט געוועזען אַ קינד, ווען דוּא האסט געשוואָרען, דוּא האסט ניט געוואוּסט, אַז דוּא האסט אַ פאַטער, וועלכער ליבט דיך אוּן וועלכער איז גאָר ניט אַזוי שלעכט, וויא מען האט איהם פאָרגעשטעלט.

— איך האב עס געשוואָרען מיין גראָספאַטער, וועלכער האט מיך בעסער געליעבט אַלס מיין פאַטער, האט שרה'לע געענטפערט שטאָלץ. — ער האט מיר ערצויגען, ער האט מיר געגעבען אַלעס, וואס איך האב געטהיג, ער האט זיך געזאָרגט פאַר מיר בּיז אין דיא לעצטע מינוּט פוּן זיין לעבען.

(גט"י ח"ד)

יעדעם

יעדעם וואָרט וואָס, זיא האָט געזאָגט, האָט געקלונגען ווי אַ ביטערער פּאַרוואורף, און האָט געשטאָכען גבריאל'ן ווי מיט אַ מעסער עס האָט איהם וועה געטהאָן עס האָט איהם געקרענקט, עס האָט איהם געשטאָכען און עס האָט איהם פערדראָסען.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך האָב ביז אַהער ניט געקענט טהאָן עפּעס פון דיינעט וועגען, מיינע אומשטענדע האָבען עס ניט ערלויבט.

— איך בין אויפגעוואַכסען געוואָרען אין אידישען גלויבען, ער איז מיר איינגעוואַכסען געוואָרען, אין מיין הערצען, האָט שרה'לע ווייטער געזאָגט, וויא צו זיך אַליין, — איך בין געוועזען פעסט איבערצייגט, אַז איך האָב קיין פאָטער אונד מיין גראָספאָטער, דער גוטער און עדעלער רבי שמואל אָרענשטיין איז דער איינציגער מענש, וועלכער ליעבט מיך אונד זאָרגט זיך פאַר מיר, יעצט ביסט דוא געקומען און זאָגסט צו מיר: איך בין דיין פאָטער, איך וועל דיך ליעבען, איך וועל מיך זאָרגען פאַר דיר, אָבער נור דאַן ווען דוא וועסט מיר אַרויסרייסען פון דיין הערצען אַלעס, וואָס איז דיר היילינ, אַלעס, וואָס איז דיר טייער, ניין, ניין, נאָך אַ מאָל ניין! לאָז מיך וואו איך בין, לאָז מיך בלייבען וואָס איך בין!

גבריאל האָט אויפגעקאָכט ווי אַ קעסעל.

— ווייס דוא, אַז איך קען דיך צווינגען, דוא זאָלסט קומען צו מיר? האָט ער אוים געריפען. — ווייסט דוא, אַז אַ פאָטער האָט דאָס רעכט צו געהמען זיין קינד מיט געוואַלד און צו ערציהען עס, וויא ער וויל?

שרה'לעס געזיכט איז רויט געוואָרען, וויא פייער, אויך זיא איז געוואָרען פול מיט צאָרן.

— דאַן טויטע מיך! האָט זיא אויסגעריפען, — איך וועל אויף קיין פאַל ניט ווערען קיין קריסטין!

— אָבער דוא מוזט עס ווערען!

— דענקסט דוא ווירקליך, אַז דוא וועסט מיך טויטען, וויא דוא האָסט געטויטעט מיין מוטער?

דיזע ווערטער האָבען געווירקט, וויא אַ דונער שלאַג, גבריאל איז געבליבען זיצען, וויא אַ צומישטער.

איינינע מינוט האָבען אַלע געשוויגען אין צימער, גבריאל האָט געפיהלט, אַז ער איז פרעמד צו זיין קינד און זיין קינד איז פרעמד צו איהם, דיא רעליגיאָן האָט זיי דער ווייטערט און עס איז שוין אונמעגליך זיי ווידער צו פעראייניגען, דאָס דינע, פיינע, צאַרטע היילינע באַנד, וועלכעס הייסט קינדער ליעבע, איז צוריסען געוואָרען און

אונ ווען עס ווערט איין מאל צוריסען, ווען צווישען פאטער אונ קינדער קומען איינמאל פאר פיינדשאפטען, קען מען זיי שוין ווידער ניט פערייניגען.

עס בילדעט זיך א געוויסער גיפט, וועלכער הייסט פיינדשאפט, אונ האס, אונ דיעזער גיפט פערביטערט אונ פערניכטעט אונ צו נעהמט אלעם צווישען זיי.

— דוא האסט רעכט, שרה'לע, האט גבריאל ענדליך געזאגט, איך בין געקומען צו שפעט. עס איז זעהר מעגליך, אז איך וואלט גלייכער געטאהן, איך זאל גאר ניט געווען קומען אונ זאל דיך געווען לאזען בלייבען, וואו דו ביסט אונ וואס דו ביסט. — עס איז וואהר אז איך האב די מאכט אונ דאס רעכט דיך צו צווינגען צו געהן מיט מיר, איך וויל אבער ניט געברויכען דיזע מאכט — געה מיט דעם אידיאט יוסעלע אונ בלייב א שמוציגעם אידישעם מיידעלע, וויא דוא ביסט געווען, איך קען דיך ניט אונ וויל מעהר פון דיר ניט וויסען.

מיט דיעזע ווארטער האט ער זיך אויפגעהויבען אונ האט געוואלט אוועק געהן, ער איז אבער ניט אוועק געגאנגען. ער האט געוואלט זעהן, וויא דיזע הארטע ווערטער, וועלען ווירקען אויף איהר. ער איז דאך געווען פאטער אונ יעדער פאטער, וויא שלעכט ער איז, ליעבט דאך זיינע קינדער, גבריאל אבער איז ניט געווען קיין שלעכטער מענש.

גבריאל איז געווען א גוטער, עדעלער מענש, וועלכער האט זיך געטויפט, ווייל ער איז געווען צו שטאלץ, צו עמפפינדליך אונ מען האט אים אויך צו פיעל געקראנקט.

אזוי וויא אלע דרייא זיינען יעצט געשטאנען און האבען אן געקוקט איינער דעם אנדערן, האט זיך דיא טהיר געעפענט אונ יוסעלע איז אריין אין צימער. ער האט ניט אנגעקלאפט אין דער טהיר, ווייל ער איז געווען זיכער, אז שרה'לע איז גאנץ אליין.

וויא איבעראשט איז ער אלזא געווען ווען ער האט דער זעהן צוויי פרעמדע מענשען שטעהן לעבען שרה'לען.

וואס איז דאס? ווער זיינען דיזע הערען? האט יוסעלע געפרעגט.

— דאס איז מיין פאטער האט שרה'לע געענטפערט.

יוסעלע האט זיך צו געקוקט צו גבריאל'ן אונ האט איהם ענדליך דערקאנט.

— אזוי? האט ער געפרעגט, — אזוי? דאס איז גבריאל? וואס האט

ער דא צו טאהן? וואס זוכט דער קריסט ביי א שמוציגען אידען?
ארויס פון מיין שטוב! איך בין דא דער הער!
יוסעלע, דער שלומיאיל. דער אדיאט, דאס פערד אין מענשען
געשטאלט, האט צונויפגעלעגט זיינע הענד אין צוויא שטארקע פויסטען
און האט זיך געשטעלט געגען גבריאל'ן וויא איין עכטער ענגלישער
באקסער, אדער וויא איין אמעריקאנער פרייז פייטער.
שרה'לע האט מורא געהאט, עס זאל ניט ארויס קומען א געשלעג
צווישען זיי און זיא האט געזאגט פריינדליך:
— בערוהיגט אייך, אנקעל יאזעף, מיין פאטער וויל מיר ניט
שלעכטעס טאהן, ער איז געקומען מיך בעטען, איך זאל קומען צו אים
ער האט אונז נאך ליעב וויא א מאל.

שרה'לעס ווארטער האבען בערוהיגט דעם ניט גאנץ קלוגען יוסעלע.
ער האט אויסגעשטרעקט צו גבריאל'ן זיין גראבע האנד און האט
געזאגט:
— פערצייהע מיר, גבריאל, וואס איך האב דיך בעליידיגט, איך האב
געהערט, אז דוא ביסט געווארען א גרויסער מאן און איך האף, אז אין
דיין טיפען הערצען ביסט דוא נאך געבליבען א איד, אבער מיר געהן
זיך מעהר ניט אן דו ביסט א גרויסער הערר און מיר זיינען איינפאכע
אידען, געה דיר דיין וועג אונז לאז גאט זיין מיט דיר!
וויא גבריאל איז גיוועזען האכגעבילדעט און וויא ער איז יעצט געוואהנט
געווען צו אנדערע מענשען וויא יוסעלע ארענשטיין. האט דאך געווירקט
אויף איהם דיעזע איינפאכע, ניט גאנץ קלוגע, אבער עהרליכע רעדע
פון דעם שלומיאל יוסעלע.
ער האט גענומען זיין האנד און האט זי הערצליך געדריקט.
— נון, וואס זאגסט דוא צו שרה'לען? האט דער איינפאכער יוסעלע
געפראגט. איז זיא ניט שעהן? זעהט זיא ניט אויס וויא איהר מוטער
דוא ווייסט דאך שוין, אז איך נעהם זיא צו מיר און זיא וועט בלייבען
ביי א מיר?.
— איך וויים עס, האט גבריאל געענטפערט טרויעריג.
— זיי רוהיג, גבריאל! עס וועט איהר גוט זיין ביי א מיר, איך בין
קיין געהיימראטה, קיין גרויסער מאן, קיין אנגיזעהענער מאן, איך בין
איין איינפאכער קויפמאן, איך האף אבער צו גאט, אז ער וועט מיר
געבען דיא מעגליכקייט צו ערציהען שרה'לען און אויס צו זוכען פאר
איהר א גוטען און ערליכער מאן וועלבער וועט זיא, ליעבען, שעצען,
און אכטען, און ווען דוא וועסט איהר נאך געבען א טויזענט טאהלער
גבן, וועט זיא שוין זיין גאר גליקליך.

פון יוסעלען האט מען קיין בעסערע רעדע ניט געקענט ערוואַרטען, גבריאל'ן אָבער האט עס געשטאָכען, וויא מיט אַ מעסער, וואס יוסעלע האט באַלד אָנגעהויבען צו רעדען פון נדן, פון טויזענט טאַהלער און פון פערהייראַטען זיין טאָכטער.

— דער וואַהרער אידישער כאַראַקטער, האט ער געברומט, באַלד רעדט מען פון חתונה מאַכען. פון נדן. פון געלד. פון שאַכער מאַכער איז דער איד ווירקליך ניט פעהיג צו קיין עדעלערעס געפיהל? איז ער ווירקליך איינגעדאַרט געוואָרען. אוים געקאָכט געוואָרען אַז פון איהם איז געבליבען נור איין וואונש — געלד? — איז יוסעלע איין פאַרשטעהר. אַ מוסטער. אַ סאַמפעל פון דעם גאַנצען פאָלק. אָדער ער איז איין אויסנאַהמע? —

יוסעלע האט איהם ניט געלאָזען לאַנג טראַכטען און מורמלען.

— נון. וואס זאָגסט דוא. גבריאל? וואס דענקסט דוא עפעס צו טאָהן פאַר דיין טאָכטער? ביסט יעצט איין רייכער מאַן און דאַרפסט פערזאָרגען דיין טאָכטער.

— איך האָב קיין טאָכטער. האט גבריאל געענטפערט טרויעריג.

— וויא הייסט? וואס רעדסט דוא? איז דען שרה'לע ניט דיין טאָכטער?

— זיא האט זיך אָפ געזאָגט פון מיר זיא וויל בלייבען אַ אידין זיא וויל ניט וויסען פון איהר פאָטער.

— זיא האט רעכט! האט יוסעלע אוים גערופען. זיא דאַרף ניט ווערען קיין קריסטין! זיא איז געבאָרען געוואָרען אַ אידין און דאַרף בלייבען אַ אידין.

— דאַן האָב איך מער ניט. וואס צו רעדען מיט איהר. האט גבריאל געזאָגט ערנסט. — איך האָב געטאָהן אַלעס. וואס אַ פאָטער דאַרף טאָהן. איך האָב געוואָלט זיא אַרויסרייסען פון דעם ענגען קרייז, אין וועלכען זיא איז ערצויגען געוואָרען. זיא האט מיך צוריק געשטויסען. זיא וויל ניט וויסען פון מיר און איך מוז מיך אָפ זאָגען פון איהר. זייט געזונט און גליקליך!

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך געווענדעט צו דער טהיר.

— שטעה. גבריאל! וואס ענטלויפסט דוא האט יוסעלע אויסגערופען. — ווילסט דוא דען גאָר ניט פערזאָרגען דיין טאָכטער? ווילסט דוא איהר גאָר ניט איבערלאָזען? איך האָב גערעכענט. אַזאַ רייכער פאָטער וועט איבערלאָזען זיין טאָכטער ווענינסטענס טויזענט טאַהלער.

— געלד! געלד! אונ געלד! האט גבריאל געזאָגט טרויעריג, — דאס איז דער איד, דאס איז זיין איינציגעס לעבען, זיין גאַנצעס טראַכטען,

זיין גאנצעס דענקען אונד זיין גאנצעס האפען. געלד! געלד! אונד געלד.
קיין העכערעס געפיהל, קיין בעסערעס שטרעבען אונד קיין אנדערעס
פערלאנגען. — איך האב ליעבע פיר מיין קינד אונד זיא פערלאנגט פון מיר געלד.

ער האט א מאך געטאהן מיט דער האנד, האט אנגענומען דעם
צאלל דירעקטאר אונטער ארים אונד איז האסטיג ארויס געגאנגען
פון צימער.

— מיין פאטער! האט שרה'לע אויס געריפען אונד האט אויס
געשטרעקט דיא הענד צו איהם.

עס איז שוין אבער געוועזן שפעט. גבריאל איז ארויס געגאנגען אונד
האט זיך זאגאר ניט אומגעקוקט אויף זיין טאכטער.

שרה'לע איז אנידער געפאלען אויף א שטוהל אונד האט אנגעהויבען
צו וויינען.

— וואס וויינסט דוא? וואס שרייסט דוא? האט יוסעלע געזאגט
בייז, ער וויל פון דיר מעהר ניט וויסען, איך וועל זיין דיין פאטער! איך
וועל מיך זארגען פאר דיר, וויא פאר מיין אייגענעם קינד!

— מיין פאטער! האט שרה'לע געוויינט אונ האט געבראכען דיא
הענד. ער איז דאך מיין פאטער.

— לאז ער געהן האט יוסעלע געשריען, ער איז ניט ווערטה צו האבען
דיר פיר א קינד. לאז ער געהן, דער משומד-רעד ניט מעהר פון
איהם! פערגעסע איהם!

גבריאל איז ארויס געגאנגען פון זיין טאכטער, וויא א וואהנזיניגער.
ער איז אפט געבליעבען שטעהן אונד האט געטראכט צוריק צו קומען.
אנעמען זיין טאכטער אונד זיא בעטען נאך אמאל. זיא זאל קומען צו
איהם. ער וואלט עס פיליכט געטאהן ווען ער זאל זיך ניט געוועזן שעהמען
פארין צאלל דירעקטאר.

אזוי זייגען זייא זיך צו גאנגען. וועלען זיי זיך וויעדער זעהן? וועט
נאך אמאל פאטער אונד טאכטער זיך איבער בעטען. זיך פערזעגען?
דאס וועלען מיר זעהן אין דיא פאלגענדע קאפיטלאך.

---

## 2.

# דיא נייע קירכע.

אין דער שטאדט נרייץ איז עס גאנץ פרעהליך, פון דער גאנצער
געגענד ארום, פון גאנצען פרסטענטהום זייגען זיך צונויפגעקומען דיא

פרומע קאטוילען, מען איז געקומען אין קארעטעס, מען איז געקומען אין דראשקעס, מען איז געקומען אין איינפאכע וועגען מען איז אויך געקומען צו פוס.

יעדער האט געוואלט זעהן דיא פאראדע יעדער האט געוואלט געניסען דעם גרויסען פייערטאג, וועלכען דער פירסט פון גרייץ האט געגעבען פאר זיין גאנצעס פאלק, יעדער האט געוואלט ביווואהנען דיא איינווייהונג פון דער נייער קאטוילישער קירכע.

דער פירסט פון גרייץ איז געווען א פראטעסטאנט, וועלכער האט זיך פלוצלונג געטויפט אלס קאטוילק אונד צור עהרע פון זיין נייען גלויבען האט ער אויסגעבויט א גראסארטיגע קאטוילישע קירכע, וועלכען מען האט היינט איינגעווייהעט.

אין פירסטליכען שלאס זייגען זיך צונויפגעפארען אלע גרויסע מענער פון פירסטענטהום, אלע הויכע קאטוילישע גייסטליכע אונד זאנאר איינינע פראטעסטאנטען, פערוואנדטע פונ׳ם פירסט.

צווישען דיעזע פערוואנדטע האט זיך געפונען א בילד שעהנער, הויכער יונגער מאן, גראף גווידא פאן האהענשטויפען, ער איז געווען דער זאהן פונ׳ם פירסט לייבליכע שוועסטער, דער פירסט איז אלזא געווען זיין אנקעל.

יעדעס מאל ווען פאטער אורבאן, דער קאטוילישער גייסטליכער פונ׳ם פירסט, פלעגט דער זעהן דעם יונגען גראף גווידא, פלעגט ער אויף איהם ווארפען א פינסטערן, בייזען בליק גלייך וויא ער האט געוואלט איהם איינשלינגען. איז פאטער אורבאן בייז געווען, ווייל גראף גווידא איז געווען א פראטעסטאנט אונד דערצו נאך א פריי דענקער. אדער ווייל דער אלטער פירסט האט קיינע קינדער געהאט אונד מען האט גערעדט אז ער וויל מאכען גראף גווידא פאר זיין איינציגען ערבען (יורש) פוי זיין פערמעגען אונ פון זיין פירסטענטהום, — דאס איז שווער צו זאגען, זיכער איז אבער אז פאטער אורבאן האט בעסער געוואלט, זעהן דעם שיינעם, יונגען גראף פאר טויזענט מייל ווייט פון גרייץ אלס אין שלאס פונ׳ם פירסט.

אין פירסטליכען שלאס האט זיך געפונען נאך א פערזאן וועלכע מיר מוזען פארשטעללען אונזערע לעזער, דאס איז געווען א יונגעס מעדכען פון א יאהר צוואנציג, וועלכע אלע פלעגען רופען פרינצעסין סעסיליא, אונד זיא איז ווירקליך געווען א פרינצעסין, זיא איז געווען דיא טאכטער פונ׳ם פירסטס אינגערן ברודער.

סעסיליא איז געווען א יתומה, איהרע עלטערן זיינען געשטארבען



אונד

אונד זיא איז אויפגעצויגען געווארען אין א מאנאסטיר, זיא איז אבער ניט געוועזען קיין נאנע זי האט נור געלערנט אין א מאנאסטיר.

אין יענע צייטען אונד זאגאר נאך היינט זיינען דיא מאנאסטירען דיא בעסטע שולען פאר מעדכען זייא זיינען א נאהרע פענסיאן, וואו דיא קינדער עסען, טרינקען שלאפען לערנען אלעס וואס א מעדכען קען נור לערנען.

דיא פאראדע האט זיך אוים געשטעלט אין פירסטליכען שלאס. צוערסט האבען זיך אוים געשטעלט יונגע קינדער אין ווייסען אנגעטאהן מיט קורצע פאהנען אונד אנדערע היילינע זאכען, דאן זיינען געקומען אלע גייסטליכען מיט פאטער אורבאן צו פוס, דאן איז געקומען דער גענעראל וויקאר, פירסט לאידאכאווסקי, וועלכען דער פירסט האט איינגעלאדען איינצווייהען דיא נייע קירכע. נאך פירסט לאידאכאווסקי איז געקומען דיא גרויסע, פערגאלדעטע פירסטליכע קארעטע מיט זעקס פערד, אין וועלכע עס זיינען געזעסען דער פירסט אונד דיא פירסטין אין זייערע פירסטליכע קליידער, נאך זיי זיינען געפאהרען די פערוואנדטע פונ'ם פירסט אונד אלע האף דאמען אונ האף קאוואלירען.

פאר'ן שלאס האבען זיך פערזאמעלט אלע איינוואהנער פון דער שטאדט אונד פון דער גאנצער געגענד ארום.

„עס איז ווירקליך געוועזען א גראסארטיגע, זעלטענע פאראדע, מען מוז צוגעבען, אז קאטוילישע גייסטליכע קענען אויספיהרען א טהעאטער שטיק, ווען זיי ווילען נור.

דער גאנצער לאנגער צוג איז געפאהרען פון פירסטליכען שלאס צו דער נייער קירכע, גענעראל וויקאר פירסט לאידאכאווסקי האט געהאלטען א פייערדיגע רעדע, אין וועלכער ער האט אויסגעלויבט דעם אלטען פירסט פיר זיין העלדענמוטה אין דיא אלטע יאהרען זיך אפ צו זאגען פון זיין פאלשען גלויבען אונד זיך אומצוקעהרען צו דער היילינער קאטוילישער קירכע, דאן האט ער געבעטען גאט, ער זאל בעווייזען א וואונדער אונד דער אלטער פירסט זאל נאך אויף דער עלטער האבען א זוהן וועלכער, זאל זיצען אויף זיין טראהן.

זעלבסט פערשטענדליך אז ער האט ניט פערגעסען צו ברענגען א ביישפיעל פון אברהם אבינו, וועלכער האט געהאט א זוהן צו הונדערט יאהר, דער פרומער גענעראל וויקאר האט קיין זאך ניט פערגעסען.

דערביא האט ער ארוים גענומען פון בוזים א צאהן פון א מענשען און האט איהם דערלאנגט דער פירסטין מיט פאלגענדע ווארטער:

— דאס איז היילינע רעליקוויע עס איז דער צאהן פונ'ם היילינען יאהאננעס פאלאאם וועלכער האט זיך געלאזען טויטען פאר אונזער
היילינער (גמ"י ת"ד)

הייליגער רעליגיאן, דיזע הייליגע רעליגיע שיקט אייך דער פאפסט, דער הייליגער פאטער אין רוים מיט זיין ברכה, אז אין א יאהר ארום זאלט איר האבען א זוהן וועלכער וועט ווערען א גרויסער הערשער אונד זיין נאמען וועט קלינגען אין דער גאנצער וועלט.

ווען דער גענעראל וויקאר האט געוויזען דעם הייליגען צאהן וואס עס איז פונ'ם שרעקליך הייליגען פאלאאס זיינען אלע פערזאמעלטע געפאלען. אויף דיא קניא אונד האבען איינגעבויגען זייערע קעפ ביז דער ערד פאר אזא הייליגקייט.

נור איין מענש איז געבליבען שטעהן אין דער קירכע אונד האט געקוקט מיט פערוואונדערונג אונד פערטראכטונג אויפ'ן הייליגען צאהן דאס איז געווען דער יונגער גראף גווידא פאן האהענשטויפען, אויף זיינע פיינע ליפען האט זיך געגרייזעלט א זאנדערבארער שמייכעל וועלכער האט געזאגט גאנץ דייטליך.

— אום גאטעס ווילען! געפין איך מיך צווישען משוגעים? קענען מענשען פון ניינצעהנטען יאהר הונדערט נאך זיין אזוי נאריש אונד זיך בוקען צו איין אלטען צאהן פון איין אלטען הייליגען, וועלכער האט פיליייכט גאר קיין מאל ניט עקסיסטירט?

דער גענעראל וויקאר האט בעמערקט דיזען שמייכעל אויף גראף גווידאס ליפען אונד זיין געזיכט איז געווארען פינסטער, וויא א נאוועמבער נאכט, ער האט אבער ניט געזאגט קיין ווארט אונד האט גאנץ רוהיג געענדיגט זיין צערעמאניע.

נאך דעם גענעראל וויקאר לאידאכאווסקי האט פאטער אורבאן געהאלטען א רעדע, אין וועלכער האט גאנץ אפען ערקלערט אז מיט דערצייט וועלען אלע פאלקער דער קענען אז די הייליגע קאטוילישע קירכע איז די איינציגע ריכטיגע אונד דער הייליגער פאטער אין ראם דער, פאפסט, איז דער ווירקליכער פערטרעטער פון גאט אויף דיעזע וועלט.

מיר וועלען ניט בעשרייבען דיא ווייטערע צערעמאניען פון דיעזער וועלטענע פאראדע, מיר האבען נור בעשריעבען דעם טהייל פון די צערעמאניען וועלכע פאסט פאר אונזער ערצאהלונג.

דיא צערעמאניען האבען זיך ענדליך געענדיגט אונד מען האט אנגעהויבען ארויס צו געהן פון דער קירכע.

שפעטער פון אלעמען זיינען ארויס געגאנגען גראף גווידא אונד זיין שעהנע קוזינע דיא פרינצעסין סעסיליא.

א מאל ווען ביידע זיינען נאך געוועזן קינדער, פלעגען זיי זיך זעהן זעהר אפט, פלעגען זיך שפיעלען צוזאמען, אונד פלעגען פערבראנגען

גאנצע טעג צוזאמען, דאס איז אבער געוועזן א מאל שוין גאנץ לאנג פערשידענע אומשטענדע האבען זיי צושיידעט.

סעסיליא איז אוועק געשיקט געווארען אין א מאנאסטיר אונד גראף גווידא האט שטודירט אין בערלין האבען זיי זיך וויעדער געזעהען, גראף גווידא איז ערשט געשטערן ביי נאכט געקומען פון בערלין, סעסליא איז שוין צייט איינגע טעג געוועזן ביי איהר אנקעל.

גראף גווידא האט היינט קוים צייט געהאט צו בעגריסען זיין קוזינע אונד צו ריידען מיט איהר א פאר ווערטער, זיי האבען געמוזט זיך פארברייטען צו דער פאראדע, יעטצט ווען דיא פאראדע האט זיך געענדיגט, האט גראף גווידא בענוצט דיעזע געלעגענהייט זיך דורכצוריידען מיט זיין קוזינע.

ארם אין ארם געשלאסען זיינען זיי יעצט גיגאנגען אין שעהנעם פארק אונ האבען גערעדט פון זייער קינדהייט, פון דיא גליקליכע יאהרען וועלכע זיי האבען פערבראכט צוזאמען, ווען זייערע עלטערן האבען נאך געלעבט, פון זייערע האפנונגען אין דער צוקונפט אונד פון פיעלע אנדערע זאכען, וועלכע נאהענטע פערוואנדטע קענען ריידען צווישען זיך, ווען זיי זעהן זיך נאך א לאנגיעהריגע שיידונג.

— איך וועל צוריגעהן אין מאנאסטיר, האט סעסיליא געזאגט, איך האב מיך ענטשלאסען זיך אפ צו זאגען פון דער פערדארבענער וועלט אונד צו פערברענגען מיינע יאהרען אין מאנאסטיר.

— איך גלויב ניט, אז אונזער אנקעל, דער פירסט, זאל דיר ערלויבען צו בעגעהן אזא דומהייט, האט גראף גווידא געזאגט ערנסט.

פאר וואס האלטסטו מיין ענטשלוס פאר א דומהייט? האט סעסיליא געפרעגט מיט א פארוואורף אין איהר שטימע.

— ווייל איך געפין, אז דאס איז דיא גרעסטע דומהייט, וועלכע א מענש קען בעגעהן, האט גראף גווידא געענטפערט, — דוא ביסט יונג, דוא ביסט שעהן אונד ליעבענס ווירדיג אונד דוא ווילסט בעגראבען דיין יונגעס לעבען אין דיא פינסטערע מויערן פון א מאנאסטיר. — צו וואס? וואס פאר א נוטצען וועסטו דערמיט ברענגען דער וועלט?

— איך מוז עס אבער טאהן, האט סעסיליא געזאגט טרויעריג.

— פאר וואס מוזט דוא עס טאהן?

— דוא ווייסט דאך, גווידא, אז איך האב קיין פערמעגען, איך בין אן ארימע פרינצעסין, מיין גאנצעס רייכטהום איז מיין טיטול פרינצעסין, וואס טויג אזא טיטול, ווען מען איז ארים? איין ארימעס בויערן מעדכען איז אויך ניט גוט צו זיין, איין ארימע פרינצעסין איז איין אונגליק, דיא פירסטין האט מיט מיר שוין גערעדט דאריבער, זיא געפינט אויך אז דאס

בעסטע פאר מיר וועט זיין צוריק צו געהן אין מאנאסטיר אונ צו ווערען א נאנע.

— דאס איז ניט וואהר, סעסיליא! איך בין זיכער, אז דוא וועסט נאך געפינען גענוג פריינד, וועלכע וועלען וויסען צו שעטצען דיין פערזאן אונד ניט דיין פערמעגען, נאך ניט אלע מענשען האלטען דאס געלד פאר דאס העכסטע גליק אויף דער וועלט, אויך אונזער טאנטע איז געוועזען אן ארימע גרעפין אונד דאך טראגט זיא יעטצט א פירסטען קראנע אויף'ן קאפ, ווען זיא ניט דיר אזא גוטען ראטה פאר וואס האט זיא איהם אליין ניט געפאלגט? פאר וואס איז זיא ניט אריינגעטרעטען אין א מאנאסטיר אונד האט בעסער געהייראטעט אונזער אנקעל?

— וואס ווערט פון ריידען? האט סעסיליא געזיפצט, — דיא טאנטע וויל אזוי אונד איך מוז איהר פאלגען, אויסער דעם האב איך ליעב בעקומען דיא פרומע שוועסטער אין מאנאסטיר אונד איך געה צו זיי צוריק מיט פערגעניגען.

— דוא בעליידיגסט אונז, האט גראף גווידא געלאכט, — דוא געפינסט, אז דיא נאנען זייגען געוועזען פריינדליכער אונד, בעסער געגען דיר, וויא מיר.

— דוא דארפסט זיך דאך ניט בעליידיגען, ווייל איך האב דאך דיר אזוי לאנג ניט געזעהן, דער אנקעל איז געגען מיר זעהר פריינדליך אונד וויל זעהר, אז איך זאל בלייבען אין הויף אלס זיין קוזינע — דיא טאנטע, נון, דיא טאנטע איז דאך א פרעמדע, וואס געהער זיא זיך אן מיט מיר אונד וואס געהער איך מיך אן מיט איהר? פון דעסטוועגען איז זיא אויך זעהר פריינדליך געגען מיר אונד בעהאנדעלט מיך וויא איין אייגענעם קינד.

אויף גראף גווידא'ס געזיכט האט זיך וויעדער געוויזען יענער זאנדערבארער שמייכעל, וועלכע מיר האבען געזעהן אויף איהם אין דער קירכע ווען דער גענעראל וויקאר האט איבערגעגעבען דער פירסטין דאס געשענק פון'ם פאפסט, א פערפוילטען צאהן פון א היילינען.

ער האט גוט פערשטאנען וואס דא טהוט זיך, ער אונד סעסיליא זיינען דיא איינציגע געזעטצליכע ערבען (יורשים) פון פירסט היינריך, ווען דער פירסט זאל שטארבען אהן קינדער, דאס וויים זעהר גוט דיא פירסטין, זיא זוכט אלזא אוועק צו שיקען סעסיליען אין א מאנאסטיר אום דערווייל לויז צו ווערען פון יורש. איהם, גראף גווידא, וועט זיא געוויס אויך בעזארגען.

אלס געבילדעטער מאן, אלס אויסשטודירטער אינזשעניר, האט גראף גווידא גוט פערשטאנען וואס פאר א שרעקליכעם שפיעל דיא יעזואיטען שפיעלען

דא מיט זיין אלטען שוואכען אנקעל, דיא יעזואיטען אונד דיא פרויען געהען שטענדיג האנד אין האנד, וואו דיא יעזואיטען קענען ניט אויפקומען מיט מענער, דארט בענוטצען זיי שעהנע פרויען.

ער האט זיך געווענדעט צו זיין קוזינע אונד האט געזאגט צו איהר גאנץ ערענסט.

— סעסיליא! איך האף, אז דוא וועסט זיך גוט איבערלעגען, איידער דוא וועסט בעגעהן אזא וויכטיגען שריט, פערגעס ניט, ליעבע סעסיליא אז דוא שפיעלסט מיט דיין גאנצעס לעבען, פערגעס ניט, אז דוא קענסט שפעטער ביטער בערייען דיעזען שריט. דוא ביסט נאך יונג, דוא קענסט נאך ניט דיא וועלט, דוא ווייסט נאך ניט, אז עס זיינען דא מענשען, וועלכע ווילען דיך פערפיהרען אונד פערנארען, דוא זאלסט אריינטרעטען אין א מאנאסטיר, ווייל עס פאסט זיי, ווייל עס נוטצט זיי, ווייל זייערע אינטערעסען פארדערן עס.

— ליעבער גווידא! דוא זאגסט אז איך קען נאך ניט דיא וועלט, האט סעסיליא געענטפערט טרויעריג, איך קען שוין דיא וועלט גענוג אום צו אנטלויפען פון איהר. — דענקסט דוא אז איך האב פערגעסען, וויא מיין פאטער האט געענדיגט זיין לעבען מיט א זעלבסטמארד? דענקסט דוא אז איך האב פערגעסען, אז מיין מוטער איז וואהנזיניג געווארען אונד איז געשטארבען אין אן אנשטאלט פאר גייסטעס קראנקע? מיינסט דוא אז איך האב פערגעסען דיעזע טרויעריגע סצענען? — איך געדענק זיי, איך שטעל זיי מיר פאר יעדע מינוט אונד ציטער אונד שוידער פאר א וועלט, אין וועלכער עס קענען פארקומען אזעלכע סצענען, דארום האב איך מיך ענטשלאסען צוריק צו געהן אין מאנאסטיר, וואו אלעס איז שטיל אונד רוהיג.

— בערוהיגע דיך, סעסיליא! האט גראף גווידא געבעטען, ווען איך זאל געוועזען וויסען, אז מיר וועלען בעריהרען דיעזען טרויעריגען פונקט, וואלט איך גאר ניט גערעדט דערפון.

— דוא ביסט ניט שולדיג, גווידא, איך אליין האב אנגעהויבען צו ריידען פון דיעזע טרויעריגע עראינערונגען. — אבער גענוג! לאמיר בעסער ריידען פון עפעס אנדערס.

— נאך איין ווארט, סעסיליא! איך בעט דיך איידער דוא וועסט צוריק געהן אין מאנאכטיר, זאלסטו זיך נאך אמאל זעהען מיט מיר, דוא צווייפעלסט דאך ניט אז איך בין דיין בעסטער פריינד אונד איך וויל נור דיין בעסטעס.

— דאס זאג איך דיר צו, גווידא אבוואהל איך ווייס ניט, אויב איך וועל שוין ענדערן מיין בעשלוס.

— יעטצט לאמיר ריידען פון דיר, וואס דענקסטו צו טאהן?

— דוא ווייסט אז איך האב געענדיגט דיא אוניווערזיטעט, האט גראף גווידא געענטפערט, איך האב אויך קיין פערמעגען, פאר מיר זיינען אלזא אפען צוויי וועגען: ערסטענס, איך זאל אריינטרעטען אין דער פרייסישער ארמעע אלס אפיציער איך וויים, אז מען וועט מיר אויף געמען מיט פערגעניגען און מען וועט מיר געבען אשטעלע אין גענעראל שטאב, וואו איך וועל קענען פערוועגדען מיינע קענטניסע אלס אינזשעניר.

— איך האב פיינט א סאלדאט, האט סעסיליא בעמערקט. .

— איך האב אויך פיינט דעם מיליטערדיענסט, וואו איך מוז זיין געבונדען אונד געצוואונגען, האט גראף גווידא געזאגט, איך האב פיינט צו קאמאנדירען מיט יענעם אונד וויל ניט ערלויבען, אז מען זאל קאמאנדירען מיט מיר דארום וויל איך ניט אריינטרעטען אין מיליטער, עס בלייבט מיר אלזא דער צווייטען וועג: איך זאל ווערען א דיפלאמאט, ווען דער אנקעל זאל מיך רעקאמענדירען צום קעניג פון פרייסען, וועט מען מיך מאכען פאר סעקרעטער פון א געזאנדטשאפט אונד שפעטער קען איך ווערן א געזאנדעטער אין פאריז, סאנקט פעטערבורג. לאנדאן אדער אנאנדער רעזידענץ.

— דאס איז שוין א בעסערע קאריערע, האט סעסיליא בעמערקט.

— גאנץ ריכטיג, איך טויג אבער ניט צו זיין א דיפלאמאט, איך בין צו אפענהערציג, צו עהרליך פאר א דיפלאמאט, איך קען ניט זאגען קיין ליגען, איך קען ניט בעטריעגען, איך קען ניט אפנארען, אונד אלע דיעזע זאכען זיינען נויטווענדיג פאר א דיפלאמאט.

אין דיעזען מינוט האט מען געהערט קלינגען דיא גרויסע גלאק פון שלאס, א צייכען, אז מען געהט צו טיש.

גראף גווידא אונד פרינצעסין סעסיליא האבען געמוזט אריינגעהן אין שלאס, אין דער טהיר פון גרויסען זאל, וואו אלע הויכע געסט זיינען געווען פערזאמעלט, האט זיי בעגעגנט פאטער אורבאן אונד האט געווארפען אויף זיי א בליק פון א הונגעריגער שלאנג, דערפאר אבער האט זיי דערזעהן פירסט הייגריך אונד א שטראהל פון פרייד אונד צופריעדענהייט האט זיך געוויעזען אויף זיין בלייכעם געזיכט.

ער האט א וויגק געטאהן צו זיי, — זיי זאלען צו קומען צו איהם אונד ווען זיי זיינען צוגעקומען, האט ער זיי פארגעשטעלט פאר'ן גענעראל וויקאר, פירסט לאידאבאווסקי.

דער גענעראל וויקאר האט זיי געגריסט זעהר פריינדליך אונד האט זיך צורעדט מיט גראף גווידא איבער בערלין, איבער דיא פראפעסארען

פון דער אוניוועריזיטעט אונד איבער דיא וויסענשאַפּטען, וועלבע דער יונגער מאן האט געלערנט.

לאידאכאווסקי האט בעוויזען אז ער איז גוט בעוואַנדערט אין אלע וויסענשאַפּטען אונד ער האט גערעדט אַזוי פריינדליך מיט'ן יונגען מאן, אז דער קלוגער גראף גווידא איז געוואָרען בעצויבערט פון איהם. ער האט זיך אונטערהאַלטען ניט מיט אַ גייסטליכען, זאָנדערן מיט אַ וועלט מאן, מיט אַ געלערנטען, מיט אַ קלוגען מענשען.

מען האט זיך באַלד געזעטצט צום טיש, גראף גווידא האט זיך געזעטצט לעבען זיין קוזינע אונד האט זיך מיט איהר אונטערהאַלטען, ער האט איהר דערצעהלט פון זיין סטודענטען לעבען, וויא פרעהליך ער האט פערבראַכט דיא עטליכע יאָהרען, וואס ער האט שטודירט, ווען ער האט געאַרבייטעט זעהר שווער, ער איז אָבער געוועזען גליקליך, פרעהליך אונד צופריעדען.

זיא האט איהם דערצעהלט, וויא זיא האט געלעבט אין מאנאסטיר, וואס זיא האט געלערנט אונד מיט וואס זיא פלעגט פערברייגגען איהר צייט.

אַזוי האבען זיי ביידע גערעדט אונד האבען גיט געפיהלט, אז אַ געהיימער עלעקטרישער שטראָם געהט איבער פון איינעם צום אַנדערן אונד פעראייניגט זיי פעסטער אונד ענגער.

---

# 3.

# גראף גווידא בלייבט אין שלאָס.

דיא געסט האבען זיך ענדליך אָנגעהויבען צו צו פאָרען, איינינע זיינען נאָך געבליעבען אַ טאג אָדער צוויי.

דער גענעראל וויקאר לאידאכאווסקי איז אויך נאָך געבליעבען. גראף גווידא האט פּראָבירט עטליכע מאָל אַריינגעהן אין שרייבצימער פון זיין אָנקעל אונד איבערריידען מיט איהם, וואס ער זאָל אָנהויבען צו טאָהן, יעדעס מאָל אָבער ווען גראף גווידא פלעגט צו קומען צו דער טהיר פון זיין אָנקעלס שרייבצימער, פלעגט דער קאמער-העֶרר, וועלכער דאַרף מעלדען דעם פירסט ווער עס קומט, איהם זאָגען: „דער פירסט איז יעטצט בעשעפטיגט" — „דער פירסט קען אייך ניט אויפנעהמען" אונד דערגלייבען.

אלס יונגער מאן האט גראף גווידא אויפגעקאכט אונד האט אויסגערופען :

— וואס איז דאס ? וויל מען מיך שוין ניט אריינלאזען צו מיין אנקעל ?

דער קאמער הערר האט זיך גאנץ העפליך פערנייגט אונד האט געענטפערט :

— איך האב א שטרענגען בעפעהל צו צו לאזען צום פירסט נור דיא מענשען , וועלכע דער פירסט אליין הייסט מיר .

גווידא האט פערשטאנען , אז דיעזען בעפעהל האט געוויס ארויסגעגעבען דיא פירסטין .

— אזוי ? האט ער געמורמעלט , — זיא וויל מיך זאגאר ניט צו לאזען צו מיין אנקעל . — נון , גוט ! מיר וועלען שוין זעהן !

ער האט געוואוסט , אז דיא יונגע פירסטין האט אריינגענומען דעם אלטען פירסט אין דיא הענד אונד מאכט מיט איהם וואס זיא וויל . זיא האט עס איהם אנגערעדט , ער זאל ווערען א קאטוילי́ק ; זיא האט עס גערופען דיא יעזואיטען אין פירסטענטהום גרייץ , וואו אלע זיינען פראטעסטאנטען אונד זיא פיהרט עס יעטצט דאס גאנצע רעדעל אין פירסטענטהום , זיא הערשט אונד זיא רעגיערט .

ער האט אלזא געזוכט א געלעגענהייט צו זעהן דעם פירסט , ווען ער איז געגאנגען שפאציערן אונד האט איהם געבעטען אום ערלויבניס איהם היינט צוא בעזוכען אונד צוא ריידען מיט איהם אליין .

ביי פירסט היינריך , וויא אלע גרויסע קעניגליכע הויפען , איז געוועזען איינגעפיהרט א ליסטע , א בויגען פאפיער , אויף וועלכען עס ווערען פערשריעבען דיא נעמען פון דיא מענשען , וועלכע ווילען ריידען מיט'ן פירסט .

דיעזע ליסטע פלעגט יעדען טאג אויפגעשריעבען ווערען פון האף מארשאל אונד פארגעשטעלט ווערן דער פירסטין , ווען זיא האט ניט געוואלט , אז א מענש זאל אריינגעהן צום פירסט , פלעגט זיא גאנץ איינפאך אויסמעקען זיין נאמען פון דער ליסטע .

גראף גווידא האט שוין עטליכע מאל געשטעלט זיין נאמען אויף דער ליסטע , אבער מען האט איהם אויסגעמעקט , אויסגעשטריעבען , ענדליך האט ער עס לענגער ניט געקענט אויסהאלטען אונד האט געפאדערט אין דער הויף , אז מען זאל איהם אריינלאזען צו זיין אנקעל .

גליקליכערווייזע איז דער פירסט גראדע געשטאנען ניט ווייט פון דער טהיר אונד ער האט דערקענט גראף גווידא'ס שטימע , ער האט אליין געעפענט דיא טהיר אונד האט איהם אריינגערופען .

גראף גווידא האט בעטראכט זיין אנקעל, ביז אהער האט ער איהם געזעהן נור אויסגעפוצט, אנגעטאהן, פערקעמט, פערגלעט אונד צו געפארבט, גראף גווידא האט ניט געוואוסט, אז מענער פארבען זיך אויך דיא געזיכטער, ער פלעגט שטענדיג מיינען, אז דאס טוהען נור פרויען, וועלכע ווילען קאקעטירען אונד ווייזען אז זיי זיינען נאך יונג.

דער פירסט האט זיך נאך ניט אנגעטאהן, ער האט זיך עפעס געפיהלט ניט גוט אונד האט היינט קיינעם ניט געוואלט עמפפאנגען. דערפאר האט ער זיך ניט אויסגעפוצט.

— דוא קוקסט אויף מיר, גווידא, דוא געפינסט מיך פיעל עלטער היינט, האט דער פירסט געזאגט טרויעריג.

— ניין, אנקעל, איך געפין נור, אז איהר זייט עפעס ניט געזונד.

— יעטצט פיהל איך מיך עטוואס בעסער אונד עס פרעהט מיך זעהר, וואס דוא ביסט גראדע יעטצט געקומען, איך האב שוין לאנג געוואלט דיך זעהען אונד ריידען מיט דיר פון דיין צוקונפט, וואס דענקסט דוא צו טאהן?

— איך ווייס נאך אליין ניט, וואס איך זאל טאהן, ליעבער אנקעל, איך וויל ניט זיין קיין אפיציר אונד בעשעפטיגען זיך מיט איינלערנען רעקרוטען דעם מיליטער־דיענסט, איך וויל אויך ניט זיין דער דריטער סעקרעטער פון א געזאנדטשאפט אונד שטעלען נומערן אויף אלטע פאפיערען, (דאס איז געוועהנליך דיא בעשעפטיגונג פון א דריטען סעקרעטער).

— אלזא וואס דען ווילסטו טאהן?

— איך האב געלערנט פערשיעדענע וויסענשאפטען, איך האב אבער בעזאנדערס ליעב דיא טעכניק, האט גראף גווידא געזאגט ערנסט. — איך ווייס זעהר גוט, אז פאר א גרעפע פון פירסט היינריך פאסט ניט צוא זיין א טעכניקער, וואס זאל איך אבער טאהן? דיעזע וויסענשאפט געפעלט מיר, איך בין א גוטער אינזשעניר, ווען איך זאל נור האבען א געלעגענהייט צו פערוועגדען מיינע קענטניסע.

דער פירסט האב זיך פערטראכט, דאס איז ביי איהם געוועזן גאנץ ניי, זייגער א שוועסטערס א קינד, א גראף פאן האהענשטויפען, איינע פון דיא עלטסטע פאמיליען אין דייטשלאנד, זאל ווערן אן אינזשעניר, א טעכניקער! דאס איז נאך ניט געהערט געווארען.

גראף גווידא האט עס פערשטאנען אונד ער האט ווייטער געזאגט:

— איך ווייס וויא אונאנגענעהם דאס וואלט געוועזן פאר אייך

ליעבּער אָנְקעל, אוּנְד דֶערְפַאר עֶרְלויבּ אִיךְ עֶס מִיר אַרוֹיס צוּ זָאגֶען נוּר יֶעטְצְט, וֶוען אִיהְר אַלֵיין זַייט אַזוֹי פְרַיינְדְלִיךְ אוּנְד פָארְדֶערְט מִיךְ אוֹיף, אִיךְ זָאל אַייךְ אַרוֹיס זָאגֶען פְרַיי אוּנְד אָפֶענְהֶערְצִיג, וָואס פַאר אַ בֶּעשֶׁעפְטִיגוּנְג עֶס וָואלְט מִיר גֶעפַּאסְט, זָאג אִיךְ עֶס אַייךְ אַרוֹיס פְרַיי.

— גֵיין, גווידא, דַיין וואוּנְשׁ אִיז מִיר גָאר נִיט אוּנְאַנְגֶענֶעהְם, הָאט דֶער פִירְסְט גֶעזָאגְט פְרַיינְדְלִיךְ, דִיא נַייֶע צַייט הָאט צוּבְּרָאכֶען אוּנְד פֶערְנִיכְטֶעט נִיט נוּר דִיא אַלְטֶע פֶעלְקֶער, זָאנְדֶערְן אוֹיךְ דִיא אַלְטֶע אִידֶעעֶן, הַיינְט דַארְף אַ פִירְסְט מֶעהְר קֶענֶען אוּנְד מֶעהְר ווִיסֶען, ווִיא דֶער אֵיינְפַאכֶער בִּירְגֶער. דִיא ווִיסֶענְשַׁאפְט בֶּעהֶערְשְׁט יֶעטְצְט דִיא וֶועלְט, דֶער אִינְזְשֶׁענִיר אִיז פִירְסְט אוּנְד דֶער כֶעמִיקֶער אִיז קֶענִיג, עֶס פְרֶעהְט מִיךְ צוּ הֶערֶען, אַז דוּא בִּיסְט גֶעוָוארֶען אַ פִירְסְט פוּן דֶער ווִיסֶענְשַׁאפְט, —

— קֵיין פִירְסְט, דֶערְוַוייל נוּר אַ גוּטֶער סאלדאט, הָאט אִיהְם נראף גווידא אוּנְטֶערְבְּרָאכֶען.

— פוּן אַ גוּטֶען סאלדאט וֶוערְט אַ גוּטֶער גענעראל אוּנְד פוּן אַ גוּטֶען גענעראל וֶוערְט אַ גוּטֶער פִירְסְט, הָאט דֶער אַלְטֶער בֶּעמֶערְקְט, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין זֶעהְר פִיעל גֶעטְרַאכְט אוּנְד גֶעקְלֶערְט דַארִיבֶּער אוּנְד אִיךְ דֶענְק, אַז דוּא וֶועסְט מִיט פֶערְגְנִיגֶען אָנְנֶעהְמֶען מַיין פָארְשְׁלַאג אוּנְד וֶועסְט אִיבֶּערְנֶעהְמֶען דִיא פֶערְוַואלְטוּנְג פוּן דִיא קוֹילֶען מִינֶען אוּנְד אַלֶע טֶעכְנִישֶׁע אַרְבֵּייטֶען אִין מַיין פִירְסְטֶענְטְהוּם.

נראף גווידא אִיז שְׁיער נִיט אוּנְטֶערְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוֹיף זַיין שְׁטוּהְל, וֶוען עֶר וָואלט זִיךְ נִיט גֶעשֶׁעמְט, רִיכְטִיגֶער גָאךְ, וֶוען עֶס וָואלְט נִיט גֶעוֶועזֶען גֶעגֶען דִיא הָאף עֶטִיקֶעטֶע, וָואלְט עֶר אַרוֹיפְגֶעפַאלֶען זַיין אָנְקעל אוֹיפְ'ן הַאלְז אוּנְד וָואלְט אִיהְם גֶעקוּשְׁט.

דֶער אַלְטֶער פירסט הָאט עֶס זֶעהְר גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט עֶרְנְסְט:

— אִיךְ בִּין שׁוֹין אַלְט, גָאט הָאט מִיר נִיט גֶעוָואלְט גֶעבֶּען קֵיין יוֹרֵשׁ פַאר מַיין טְרָאהְן, דוּא בִּיסְט מַיין גֶעבֶּעסְטֶער פֶערְוַואנְדְטֶער אוּנְד וֶוען עֶס זָאל מִיט מִיר פַּאסִירֶען, וָואס עֶס קֶען פַּאסִירֶען מִיט יֶעדֶען מֶענְשֶׁען, בִּיסְט דוּא מַיין אֵיינְצִיגֶער רֶעכְטְמֶעסִיגֶער עֶרְבֶּע (יוֹרֵשׁ). —

— לִיעבֶּער אָנְקעל, רֶעדְט נִיט פוּן אַייֶער עֶרְבֶּע (יוֹרֵשׁ)! הָאט נראף גווידא אוֹיסְגֶערוּפֶען, — אִיהְר וֶועט נָאךְ הֶערְשֶׁען אוּנְד הֶערְשֶׁען אִין פִירְסְטֶענְטְהוּם גְרֵייז.

— דוּא בִּיסְט נָאךְ יוּנְג, גווידא, אוּנְד דוּא קֶענְסְט נָאךְ נִיט הָאבֶּען דִיא גֶעדַאנְקֶען וֶועלְכֶע עֶס מוּז הָאבֶּען אַ מַאן אִין מַיינֶע יָאהְרֶען. אִיךְ

(גט"י ח"ד)

האף אַלזאַ, אַז דוא וועסט מיר ניט אָפּזאָגען אונד וועסט ווערן מיין מיניסטער דער עפענטליכען אַרבייטען אונד צוגלייך מיין פינאַנץ־מיניסטער.

— אַנקעל! איך ווייס ניט, אויב איך וועל זיין אימשטאַנד...

— גווידא! איך דאַרף נור האָבען אַן ערהליכען מענשען אונד אַ פעהיגען מענשען, האָט דער אַלטער פירסט געענטפערט ערנסט.

— איך ווייס אָבער ניט, אויב מיינע ערלויכטע טאַנטע, די גנעדיגע פירסטין וועט איינשטימען, אַז איך....

— די פירסטין מישט זיך ניט אין דער פערוואַלטונג פון מיין פירסטענטהום, האָט דער פירסט געענטפערט, — איך בין זיכער, אַז זיא וועט העכסט צופריעדען זיין צו האָבען אַ מענשען, אַ געטריַיען מענשען, וועלכער וועט זיך בעמיהען צו פערמעהרען די איינקינפטע פון מיין לאַנד; אויסער דעם וועט די פרינצעסין סעסיליא זיך זעהר פרעהען, ווען זיא וועט געוואָהר ווערען. אַז דוא בלייבסט ביי מיר אין האָף.

— דאָס גלויב איך ניט, האָט גראַף גווידא בעמערקט, וויא איך האָב געהערט, וויל סעסיליא צוריק געהען אין מאַנאַסטיר אונד ווערן אַ נאָנע.

— איך האָב אויך געהערט דערפון, אָבער איך גלויב עס ניט, סעסיליא איז נאָך זעהר יונג, זיא קען נאָך ענדערן איהר ענטשלוס, נאָך אונזערע געזעטצע מוז זיא נאָך וואַרטען אַ יאָהר, ביז זיא וועט האָבען דאָס רעכט צו ווערן אַ נאָנע אָהן מיין איינווילינג, אין אַ יאָהר קען זיך פיעלעס ענדערן.

— איך האָב גערעדט מיט איהר דאַריבער אונד האָב איהר ערקלערט, אַז עס איז אַ גרויסעס אונרעכט זיך אָפּ צו זאָגען פון דער וועלט אין די יונגע יאָהרען, ווען אַ מענש קען נאָך עפּעס אויפטאָהן אויף דער וועלט.

— דוא האָסט זעהר גלייך געטאָהן, וואָס דוא האָסט זיא אָפּגערעדט פון אַריינטרעטען אין מאַנאַסטיר, איך וועל נאָך אויך איבעררייַדען מיט איהר דאַריבער אונד איך האָף, אַז ווען זיא וועט געוואָהר ווערן, אַז דוא בלייבסט ביי אונז, וועט זיא אויך בלייבען ביי אונז.

אַנקעל אונד נעפע האָבען נאָך אַוועק גערעדט איינינע צייט אונד גראַף גווידא איז אַוועק געגאַנגען פון זיין אַנקעל אַלס הויפּט פערוואַלטער פון פירסטענטהום גרייץ.

---

# 4.

# די פירסטין אונד דער יעזואיט.

דיא פירסטין איז באלד געוואהר געווארען, אז גראף גווידא בלייבט אין גרייץ אונד ווערט הויפט־פערוואלטער פונ'ם פירסטענטהום, פאר וואס זיא האט מורא געהאט, דאס איז געשעהן; פאר וואס זיא האט זיך געשראקען, דאס האט געטראפען, גראף גווידא ווערט הייראטהען די פרינצעסין סעסיליא אונד דער פירסט ווערט זיי איבערלאזען דאס פירסטענטהום.

עס איז עלף אוהר אין דער פריה דיא פירסטין זיטצט אליין אין איהר קעניגליך פערציערטען טואלעט צימער.

זיא האט אנגעשפארט איהר שעהנעם קאפ אויף איהר מארמאר ווייסע האנד אונד האט זיך פערטראכט, שווארצע, טרויעריגע געדאנקען באונרוהיגען דיא שעהנע פרוי. זיא קען עס ענדליך ניט אויסהאלטען אונד הייבט אן צו ריידען צו זיך אליין:

— אומזיסט! אלעס אומזיסט! האט זי געזאגט אונד א שווערער זיפץ האט זיך ארויס געריסען פון איהר ברוסט. — אומזיסט האב איך געאפפערט מיינע יונגע יאהרען, מיין שעהנהייט אונד מיין לעבען! — אומזיסט האב איך מיך געאפפערט צו דיעזען אלטען, שוואכען מאן איך האב געהאפט אז איך וועל הערשען, איך וועל ווערען פרייע פירסטין אונד וועל קענען לעבען, וויא איך פערשטעה.... איך האב אבער קיין קינד אונד דער אלטער זוכט זיך שוין א יורש. — נאך זיין טויט וועל איך בלייבען נור מיט'ן טיטול פירסטין אונד מיט איינינע הונדערט טויזענט טאהלער אלס וויטווען געלד גראף גווידא ווערט ווערען פירסט.

זי האט א ציטער געטאהן ביי דיעזע געדאנק אונד האט וויטער געזאגט:

עס איז וואהר, אז איך בין קיין געזעצליכעס, קינד, אבער איך בין דאך דיא טאכטער פון א קיניג מיין ברודער איז קעניג, אלע מיינע שוועסטער טראגען קראנען אויף זייערע קעפ, נור איך... — פאר וואס ווייל מיין מוטער איז ניט געוועזען די געזעצליכע פרוי פון מיין פאטער אונד דערפאר מוז איך ליידען, דערפאר האב איך געמוזט מיך פערקויפען צו אזא אלטען מאן —

פלוצלונג איז איהר אריינגעקומען אין קאפ א נייער געדאנק.

— איך מוז געהן צו איהם האט זיא אויסגערופען, — איך מוז איהם

ערקלארען , אז גוודא איז א פאלשער מענש אז ער גלויבט , ניט אין גאט , אז ער גלויבט ניט אין די היילינע . אז ער איז . . . אונד סעסיליא , וואס איז זיא דען ? א פופע (קוקלא) , א פיגור וועלכע מען זעהט אין דיא פענסטער פון דיא מאדע מאגאזינען זיא וויים דאך זאגאר ניט וויא אויפצוטרעטען אין א הויף , זיא איז געבארען געוואָרען צו זיין א גאנגע אונ זיא דארף בלייבען א גאנגע אונד דיזע דומע סעסיליא זאל ווערען פירסטין אויף מיין ארט .

— ניין ! דאס קען ניט זיין ! דאס וועט ניט זיין !

מיט דיעזע ווארטער איז זיא צוגעלאָפען צו דעם טהיר אונד האט געוואלט לויפען צום פירסט אונד איהם ווארענען ער זאל ניט האלטען ביי זיך ניט גראף גוודא אונד ניט דיא פרינצעסין סעסיליא , פלוצלונג האט זיא זיך איבערלייגט .

— וואס וועל איך ריידען מיט דיעזען אלטען דומקאפף ? האט זיא געמורמעלט , — ער וויים דאך גאר ניט וואס עס טוהט זיך מיט איהם אבער פאר וואס קומט ניט דער גענעראל וויקאר ? איך האב דאך געשיקט איהם רופען אונד ער האט געזאגט , אז ער וועט באלד קומען פאר וואס קומט ער ניט ? —

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען מאדאם סימאני , די לייב דינערין פון דער פירסטין אונד האט געמעלדעט :

— זיינע עמינענץ , גענעראל וויקאר לאידאכאווסקי !

אונד איידער דיא פירסטין האט נאך צייט געהאט עפעס צו ענטפערן , האט זיך געוויעזען אין דער טהיר דיא הויכע שעהנע געשטאלט פון דעם יעזואיט .

ער האט זיך פערנייגט פאר דער פירסטין אונד האט געזאגט מיט דעם פערגליבערטען שמייכעל . וועלכע מען קען זעהן אויף דיא ליפען פון יעדען יעזואיט , ווען ער רעדט מיט איינעם :

— ענטשולדיגט מיר הויכע פירסטין , וואס איך בין ניט געקומען אזוי שנעל צו אייך איך האב ערהאלטען א בריף פונ'ם היילינען פאטער אונד איך האב געמוזט איהם באלד בעאנטווארטען .

דיא פירסטין האט א ווינק געטאן צו מאדאם סימאני , זיא זאל זיך ארויסגעהן אונד זאל פערמאכען דיא טהיר .

ווען דער יעזואיט איז געבליבען מיט איהר אליין , האט ער געפרעגט גאנץ העפליך :

— וואס איז שוין דען נייעס ? וואס פעלט אייך דען טהייערע

פריינדין ? — האט איהר וויעדער געהאט עפעס פערדרוס ? דערצעהלט אלעס איהר ווייסט דאך, אז איך בין אייער טרייעסטער פריינד.

דיא פירסטין האט איהם איינגעלאדען ער זאל זיך זעצען לעבען איהר אונד האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס זיא איז געוואהר געווארען איבער דיא נייע פלאנען פון איהר מאן.

דער יעזואיט האט זי אויסגעהערט אויפמערקזאם, ער האט זיך צוגעהערט צו יעדעם ווארט, צו יעדע מינע פון דער פירסטין.

ווען זיא האט געענדיגט, האט ער געזאגט גאנץ רוהיג:

— צוערסט מוזט איהר זיך בערוהיגען טהייערע פריינדין, גראדע דאמאלסט, ווען דער שטורם איז שרעקליך אונד דאס מעער קאכט אונד זידעט וויא קעסעל, גראדע דאמאלסט דארף דער שיפס־קאפיטאן בלייבען רוהיג אונד קאלטבלוטיג, וואס גרעסער דיא געפאהר איז, אלץ רוהיגער מוזען מיר זיין.

— וויא קען איך רוהיג בלייבען, ווען דער פירסט האט מיך אזוי בעליידיגט? האט דיא פירסטין אויסגערופען, — ער געהמט שוין צו זיין ערבע (יורש) צו זיך, ער דענקט שוין איהם צו פערהייראטהען מיט דער דומער סעסיליא. ער וועט איהם באלד איבערגעבען דאס פירסטענטהום, — אונד איך? — וואס וועט פון מיר ווערן — איך מוז זעהן עס זאל ניט האלטען ביי זיך ניט דעם פערפלוכטען גווידא ניט דיא קינדיש דומע סעסיליא.

— מיין טייערע פריינדין, פערגעסט ניט אז א שווערע קוגעל וועלבע צוברעכט א שטיינערנע וואהנד, שפרינגט אפ פון א שטרוי זאק, האט דער פרומער יעזואיט געזאגט דער שטרוי זאק איז אלזא פעסטער פון א שטיינערנע מויער, ווען מען ווייסט ניט וויא אזוי ארום צו געהן מיט איהם.

א זאנדערבארער שמייכעל האט זיך געוויזען אויף דיא דינגע ליפען פון דער פירסטין, עס איז איהר געפעלען, וואס דער יעזואיט האט פערגלייכט דעם פירסט מיט א שטרוי זאק.

פערגעסט אבער ניט, טהייערער פריינד אז קיים וועט גראף גווידא דיזער פראטעסטאנט דיזער פערליקענער דיזער אויסוואורף, געהמען אין דיא הענד דיא פערוואלטונג פון מיין פירסטענטהום, וועט ער אנהויבען צו רעגירען וויא ער וועט וועלען, דער שטרוי זאק וועט אונטערשרייבען אלעס וואס מען וועט איהם דערלאנגען אונד איך וועל הייסען פירסטין נור אין מיינע פיר ווענט מיינע איינענע דינער וועלען לאכען פון מיר אונד וועלען אנטלויפען צום וואהרען פירסט צום רעגירער פון לאנד.

— איהר גֶעהט אַ בּיסֶעל צוּ ווייט טְהֵייעֶרֶע פירסטין איהר פֶערְגֶעסְט אַז איהר זַייט נָאךְ יוּנְג אוּנְד שֶׁעהְן — דיא שֶׁענְהַייט איז אויךְ אַ מַאכְט וֶועלְכֶע אִיז אויךְ שְׁטַארְקֶער פוּן דִי מַאכְט פוּן הֶערְרְשֶׁער אוּנְד רֶעגִירֶער, פֶערְגֶעסְט נִיט אַז אִיהְר הָאט נָאךְ אַ הָאפְנוּנְג....

— אָה, נֵיין! אִיךְ הָאבּ שׁוֹין קֵיין הָאפְנוּנְג מֶעהְר! הָאט דִיא פירסטין אוֹיסְגֶערוּפֶען מִיט פֶערְצְווייפְלוּנְג אִין אִיהר שְׁטִימֶע, — אִיךְ הָאבּ שׁוֹין קֵיין הָאפְנוּנְג מֶעהְר צוּ הָאבֶּען אַ קִינְד וֶועלְכֶע זָאל זַיין מִיט דֶער צֵייט.

— וָואס רֶעדְט אִיהְר, לִיעבֶּע טָאכְטֶער? הָאט דֶער פְּרוֹמֶער יעזוּאִיט אוֹיסְגֶערוּפֶען מִיט אַ פָארְוואוּרְף, וֶועלְכֶער מֶענְשׁ קֶען עֶס פֶערְצְווייפְלֶען אִין גָאט? קֶען דֶען נִיט גֶעשֶׁעהְן אַ וואוּנְדֶער, וְויא בַּיי אברהם'ען.

— אַךְ הַיינְטִיגֶע צֵייטֶען גֶעשֶׁעהְן מֶער נִיט אַזֶעלְכֶע וואוּנְדֶער! הָאט דִיא פירסטין גֶעזִיפְצְט.

— אִיהְר רֶעדְט נִיט וְויא אַ פְּרוֹמֶע קְרִיסְטִין דאַרְף רֶעדֶען הָאט דֶער יעזוּאִיט גֶעזָאגְט עֶרְנְסְט אוּנְד פִינְסְטֶער, — דִיא הֵיילִיגֶע קִירְכֶע בֶּעווייזְט נָאךְ יֶעדֶען טָאג וְואוּנְדֶער אוּנְד גְרוֹיסֶע וואוּנְדֶער, עֶרְהַאבֶּענֶע וואוּנְדֶער וֶוען דִיא הֵיילִיגֶע קִירְכֶע דַארְף נוּר גֶעבְּרוֹיכֶען אִיהר מַאכְט. גֶעשֶׁעהְן יֶעדֶען טָאג אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע וואוּנְדֶער. דָאס וואוּנְדֶער פוּן דֶעם אַלְטֶען אברהם וֶועלְכֶער הָאט גֶעהַאט אַ זוּהְן צוּ הוּנְדֶערְט יָאהְר אִיז נָאךְ אַ קְלֵיינִיגְקֵייט גֶעגֶען דִיא וְואוּנְדֶער וֶועלְכֶע דִיא הֵיילִיגֶע קִירְכֶע בֶּעווייזְט פַאר אִיהר גֶעטְרַייֶע דִינֶער.

דִיא פירסטין הָאט אִיהם גֶעקוּקְט גְלַייךְ אִין מוֹיל אוּנְד הָאט פֶערְשְׁלוּנְגֶען יֶעדֶעס וָוארְט וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט.

דַאן אִיז זִיא אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, הָאט אָנְגֶעהַאפְּט דֶעם יעזוּאִיט בַּיי בֵּיידֶע הֶענְט אוּנְד הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען ווִילְד הַאסְטִיג, אוּנְגֶעדוּלְדִיג אוּנְד פֶערְצְווייפֶעלְט.

— אַלְזָא רֶעטֶעט מִיךְ! הֶעלְפְט מִיר!

אַזוֹי וויא דֶער יעזוּאִיט הָאט אִיהר נִיט אַזוֹי שְׁנֶעל גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיז זִיא גֶעפַאלֶען פַאר אִיהם אוֹיף דִיא קְנִיא אוּנְד הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען מִיט טְרֶעהְרֶען אִין דִיא אוֹיגֶען:

— וֶוען אִיהר זַייט אַזוֹי שְׁטַארְק, דַאן הֶעלְפְט מִיר! — רֶעטֶעט מִיךְ!

אַ זָאנְדֶערְבַּארֶער שְׁמֵייכֶעל פוּן זִיג אוּנְד צוּפְרִידֶענְהַייט הָאט זִיךְ גֶעקְרֵייזֶעלְט אוֹיף דֶעם יעזוּאִיטס בְּלֵייכֶע לִיפֶּען, דִיא הֵיילִיגֶע קִירְכֶע הָאט גֶעזִיגְט אַ רֶעגִירֶענְדֶע פירסטין לִיעגְט אוֹיף דִיא קְנִיא פַאר אַ קַאטוֹילִישֶׁען גֵייסְטְלִיכֶען.

— שְׁטֶעהְט אוֹיף טַייעֶרֶע פְּרַיינְדִין! הָאט עֶר גֶעזָאגְט נָאט וֶועט



אייך

אײך העלפען אונד דיא הײליגע קירכע װעט אײך ניט פערלאזען װען איהר װעט געהן אין איהרע װעגען אונ איהר װעט פאלגען אלעס, װאס זיא װעט אײך הײסען.

טוה הײסט! בעפעלט! איך װעל טאהן אלעס נור העלפט מיר! האט דיא פירסטין אױס גערופען.

בערוהיגט אײך אונד הערט מיך אױס האט דער יעזואיט געזאגט ערנסט.

דיא פירסטין האט זיך געזעצט לעבען איהם אונד האט איהם געקוקט גלײך אין דיא אױגען.

— ערסטענס מוזט איהר זיך היטען אױפצורעגען דעם אלטען מאן, האט דער יעזואיט געלערנט, איהר מוזט נאכגעבען, אלעס װאס ער פערלאנגט איהר מוזט זײן צופריעדען מיט אלע זײנע בעפעהלע אונד פעראָרדנונגען, איהר דארפט אים שמײכלען אונד לויבען אלעס װאס ער זאגט אונד טהוט, אין דיא עלטערע יאהרען װערט א מענש האלז שטעריג (אן עקשן), מיט בײזען קען מען מיט איהם גאר ניט מאכען איהר מוזט דאהער װײזען א פרעהליכעס געזיכט אונד זיך מאכען אז איהר זײט גאנץ צופריעדען מיט גראף גװידא.

— דאס איז לײכט! איהר פערגעסט, אז מיר האבען ניט פיעל צײט דער פירסט קען ניט לעבען לאנג, איך זעה גאנץ גוט, װיא ער שטעהט שוין מיט אײן פוס אין גראב, אין דער צײט װאס איך װעל װארטען װעט דער פערדאמטער גראף גװידא בעקומען אױף איהם אזא אײנפלוס אז דער אלטער װעט איהם נאך בײם לעבען איבערגעבען דיא רעגירונג אונד דאס פירסטענטהום.

---

# 5.

# דער יונגער גראף גװידא.

— טהײערע פרײנדין, גראף גװידא איז זעהר יונג אונ ער האט נאך דערצו גאנץ נײע אנזיכטען, ער איז פרײ אונ איז צו פיעל אנגעשמעקט מיט דער ענגלישער אונ פראנצױזישער פילאזאפיע, ער קען ניט האַרמא-גירען מיטן אלטען. זײ װעלען מוזען זיך צו קריעגען, מען דארף נור װיסען װיא אזױ אונטערצוהיטצען דעם אונרוהיגען יונגען מאן אונ װיא אזױ עס צו פיהרען, אז ער זאל בעגעהן פעהלער איבער פעהלער. יעדער יונגער מאהן

מוּז בֶּעגֶעהְן פֶעהְלֶער, וֶועלְכֶע מֶען קֶען צוּ יֶעדֶער צייט בֶּענוּטְצֶען אוּם אִיהְם צוּ פֶערְנִיכְטֶען. אִיהְר ווייסְט גֶעווים, לִיעבֶּע פְרֵיינְדִין, וויא שְׁטָאלְץ דֶער אַלְטֶער פירסט איז אונ וויא עֶר הָאט פֵיינְט, אַז מֶען זָאל טָאהְן נִיט וִויא עֶר הֵייסְט.

— דָאס ווייס אִיךְ, עֶס קוּמְט זֶעהְר אָפְט פָאר, אַז אִיךְ קֶען אִיהְם גָאר נִיט פִיהְרֶען אוּנ גָאר נִיט בֶּערוּהִיגֶען.

— אִיךְ ווייס עֶס אוֹיךְ, הָאט דֶער יעזואיט גֶעזָאגְט, — אִיךְ ווייס, אַז עֶר הָאט פֵיינְט פְּרֵייסֶען, ווייל פְּרֵייסֶען מִישְׁט זִיךְ אַרֵיין צוּ פִיעל אִין זַיינֶע אַנְגֶעלֶעגֶענְהַייטֶען. אִיךְ ווייס, וויא עֶר וויל צוּ יֶעדֶער צייט בֶּעווייזֶען, אַז אִין זַיין לַאנְד אִיז עֶר אַזַא גְרוֹיסֶער הֶערְשֶׁער וויא קֶענִיג פְרִיעדְרִיךְ ווילְהֶעלְם III.

— אוּנ דֶערְפַאר קוּמֶען מִיר קַיין מָאל נִיט קיין בֶּערְלִין, הָאט דיא פִירְסְטִין עֶרְקְלֶערְט, — דֶער פִירְסְט קֶען עֶס נִיט אִיבֶּער טְרָאגֶען, וָואס עֶר דַארְף זִיךְ אָנְמֶעלְדֶען, וֶוען עֶר קוּמְט צוּם קֶענִיג.

— נוּן, זֶעהְט אִיהְר, וויא לַייכְט עֶס אִיז צוּ רֵייצֶען דֶעם אַלְטֶען אוּנ מַאכֶען אִיהְם פַאר אַ פֵיינְד, הָאט דֶער יעזואיט גֶעזָאגְט, אוּנ דֶערְפַאר דַאר-פֶען מִיר דֶערְוַוייל אִיהְם לָאזֶען מַאכֶען פוּן גראף גווידא וָואס עֶר וויל, עֶס וֶועט אִיהְם בַּאלְד מִיאוּס וֶוערֶן.

— אוּנ וָואס זָאלֶען מִיר טָאהְן דֶערְוַוייל? הָאט דיא פירסטין גֶעפְרֶעגְט, זָאלֶען מִיר זִיצֶען מִיט צוּנוֹיפְגֶעלֶעגְטֶע הֶענְד אוּנ וַוארְטֶען, בִּיז דיא זוּן וֶועט אַמָאל אוֹיפְגֶעהְן?

— אָה, נֵיין! מִיר הָאבֶּען אַנְאַנְדֶער פֶעלְד, אוֹיף וֶועלְכֶע מִיר דַארְפֶען אַרְבֵּייטֶען, הָאט דֶער יעזואיט גֶעענְטְפֶערְט, — אַזַא שֶׁעהְנֶע, קְלוּגֶע אוּנד לִיעבֶּענְסְווירְדִיגֶע פְרוֹי, וויא אִיהְר זַייט, דַארְף זִיךְ נִיט בֶּעגְרַאבֶּען אִין אַזַא קְלֵיין שְׁטֶעדְטֶעל וויא גרייץ. אִיהְר מוּזְט קוּמֶען קיין בֶּערְלִין אִיהְר מוּזְט אוֹיפְגֶענוּמֶען וֶוערֶן פוּן'ם קֶענִיג וויא אַ שְׁוֶועסְטֶער, אִיהְר מוּזְט גְלֶענְצֶען אִין בערלינער הָאף וויא אַ הֶעלֶער שְׁטֶערְן. דָארְט קֶענְט אִיהְר ווירְקֶען פַאר דיא הֵיילִיגֶע קִירְכֶע, דָארְט קֶענְט אִיהְר עֶנְטְווִיעקְלֶען אַלֶע אֵייעֶרֶע פֶעהִיגְקֵייטֶען, דָארְט קֶענְט אִיהְר פִיעלֶעס אוֹיפְטָאהְן פַאר אוּנְז אוּנ פַאר זִיךְ.

— פַאר זִיךְ אוֹיךְ! הָאט דיא קְלוּגֶע פירסטין גֶעפְרֶעגְט.

— גֶעווים! דֶער פירסט מוּז אוֹיךְ קוּמֶען קיין בערלין. דֶער קֶענִיג וֶועט אִיהְם אוֹיפְנֶעמֶען מִיט פֶערְגֶענִיגֶען, ווייל עֶר וויל פֶערְאֵיינִיגֶען אַלֶע דייטְשֶׁע פירסטען אוּנְטֶער אֵיין פָאהְן. אִיךְ בִּין זִיכֶער, אַז דֶער קֶענִיג וֶועט צוּעֶרְסְט אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען דיא הַאנְד דֶעם אַלְטֶען פירסט, דַאמָאלְס, טְהֵייעֶרֶע פְרֵיינְדִין, וֶועט אִיהְר קֶענֶען עֶפֶּעס טָאהְן פַאר זִיךְ.

דיא פירסטין הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהְם צוּ פֶערְשְׁטֶעהְן. זיא הָאט זֶעהְר

גוט פערשטאנען, אז ווען דער קעניג זאל זאגען א ווארט געגען גראף גווידא, וועט עס האבען מעהר ווערטה פון אלע איהרע אינטריגען.

דער יעזואיט האט איהר פארגעשטעלט א גאנצען, גוט אויסגיארבייטעטען פלאן, וויא אזוי זיא זאל עס מאכען, אז זיא מיט'ן פירסט זאלען קוממען קיין בערלין, וואס זיי זאלען דארט טאהן אונד וויא אזוי דער פירסט זאל זיך איבערבעטען מיט'ן קעניג אויף אזא ארט, אז דער פירסט זאל זיין פעסט איבערצייגט, אז דער קעניג האט איהם איבערגעבעטען.

דיא קלוגע אונד העכסט געבילדעטע פירסטין איז געווארען איבערראשט פון דעם ווירקליך קלוגען אונד טיעפזיניגען פלאן פון דעם יעזואיט. פאר איהר האט זיך געעפענט א גאנץ נייעס פעלד, וואו זיא וועט קענען בעפריעדיגען איהר אמביציאן, איהר פייעריגע נאטור אונד איהר שטרעבען עפעס צוא טאהן.

— איך וועל שרייבען דעם היילינגען פאטער, ער זאל פעראייניגען זיין געבעט מיט אונזער געבעט, אז גאט זאל מאכען א וואונדער אונז פון דעם אלטען, האלב פערדארטען בוים זאל אויסוואקסען א פרוכט, וועלכעס זאל וואקסען אונד געדייהען צום גליק אונד וואהל זיין פון אונז אלע, האט דער יעזואיט געענדיקט זיין לאנגע רעדע.

— אך, עס וואלט פיללייכט אלעס גוט געוועזען, ווען איהר וואלט שטענדיג זיין ביי אונז אונד זאלט מיך שטענדיג פיהרען מיט אייער ראטה, האט דיא פירסטין געזיפצט, איהר פאהרט דאך אבער באלד אוועק אונ איך בלייב וויעדער אליין אונד אין דער פינסטערניס.

איהר האט דאך דעם פאטער אורבאן, איהם מעגט איהר זיך פערטרויען. איך וועל נאך מיט איהם איבעררעדען אונד וועל איהם אנזאגען וואס ער זאל טאהן אונד וויא ער זאל זיך בענעהמען געגען גראף גווידא אונד געגען דיא פרינצעסין סעסיליא. — פאטער אורבאן איז א קלוגער מענש אונד ער מוז שוויינען.

ערסט ווען דיא פירסטין האט זיך אין גאנצען בערוהיגט אונד האט פאלקאמען איינגעזעהן, אז נור דיא היילינגע קירכע איז אימשטאנד איהר צו העלפען, איז דער יעזואיט אוועק געגאנגען פון איהר.

ער איז געגאנגען צו פאטער אורבאן, וועלכער האט געוואוינט אין א בזונדערן פליגעל אין שלאס, וואו עס האט זיך געפונען דיא האף־קירכע.

ער האט ערקלערט דעם פאטער אורבאן אלעס, וואס ער זאל טאהן אין געוועהנליכע פעלע, ווען זיך אבער מאכען א בעזאנדערער פאל, זאל פאטער אורבאן איהם מעלדען.

— מיט גראף גווידא וועל איך שוין דורכקוממען, האט פאטער אורבאן

געזאגט, מיט דער פרינצעסין סעסיליא אבער וועל איך האבען א שווערע ארבייט.

— פאר וואס? האט לאידאכאווסקי געפרעגט, — אויף א פרוי איז לייכטער צו ווירקען וויא אויף א מאן. א פרוי קען מען זעהר לייכט איבערשרעקען. מען קען איהר בעשרייבען דיא העללע, דעם גיהנם, מיט אלע זיינע שרעקען, מען קען איהר אויסמאלען דעם פאראדיז מיט אלע זיינע גליקען.

— אויף א פערליעבטע פרוי איז זעהר שווער צו ווירקען, האט פאטער אורבן געענטפערט, אונ איך וויים, אז סעסיליא ליעבט נראף נווידא.

— דיא ליעבע לעבט אויך ניט אייביג, זיא קען קראנק ווערן אונד שטארבען. דיא געפעהרליכסטע קראנקהייט פאר דער ליעבע איז דיא אייפערזוכט. ווען סעסיליא זאל געוואהר ווערן, אז נראף נווידא ליעבט אנאנדער פרוי, וועט איהר ליעבע פערשוואונדען ווערן, וויא דורך א צויבער.

— איך פערשטעה אונד וועל טאהן אלעס וואס איך וועל קענען אום צו דערווייטערן סעסיליען פון נראף נווידא, האט דער פרומער פאטער אורבאן געזאגט.

— יעצט מוז איך נאך ריידען מיט אייך איבער דעם וויכטיגסטען פונקט, האט לאידאכאווסקי ווייטער געזאגט, — איהר געפינט זיך אין שלאס אונד זייט בעקאנט מיט אלע פערהעלטניסע פון דיעזען האף, איהר ווייסט זעהר גוט וואס עס פעהלט דער פירסטין, איהר, דארפט זעהן בעטען גאט, ער זאל בעווייזען א וואונדער, אז דיא פירסטין זאל האבען א קינד, א זוהן.

פאטער אורבן האט אויפגעהויבען דיא הענד צום הימעל אונד האט געזאגט מיט א פרומער מינע.

— איך וועל בעטען צו דער היילינער יונג פרוי, זיא זאל בעשיטצען אונזער פירסטין אונד זאל איהר ערפילען איהר ביטע.

ביידע יעזואיטין האבען א קוק געטאהן איינער דעם אנדערן אין דיא אויגען. אין דיעזען איינציגען בליק איז געלעגען א גאנצער פלאן, א גאנצע וועלט, זייא האבען זיך פערשטאנען, זייא האבען מעהר ניט געדארפט רעדען.

נענעראל וויקאר לאידאכאווסקי האט געוואלט פערברענגען נאך עטליכע טעג אין גרייץ, פלוצלונג אבער איז אנגעלאפען א קוריער אונד האט איהם געמעלדעט, אז דער ערץ בישאף פון פרייסיש-פאלען איז געשטארבען.

ער איז נאך אין. דעמזעלבען טאג אוועק געפאהרען קיין בערלין יעצט האט ער געמוזט זיין אין בערלין.

---

## 6.

# נייסטע אריסטאקראטען.

צוויי יאהר זיינען פערגאנגען, זייט שרה'לע וואוינט ביי איהר אנקעל יאזעף, אדער יוסעלע, אין גרייץ.

דיא פראקטישע גיטעל האט צוואר אנפאנגס זיך געקרימט, וואס איהר יוסעלע האט גענומען צו זיך אין גאנצען שרה'לען, בעזאנדערס איז גיטעל געווען אונצופריעדען, ווען זיא איז געוואהר געווארען אז שרה'לע האט זעהר ווענינ געלד אונד אז רבי שמואל ארענשטיין האט איבערגעלאזען זיין איינציגען זוהן אזא מאגערע ירושה.

ווען זיא האט אבער א קוק געטאהן אויף יוסעלען אונד האט געזעהן, וויא גליקליך ער איז, וואס שרה'לע איז ביי איהם; וויא דיעזער איינפאכער, גיט גאנץ קלוגער מענש איז בערייט צו טראגען שטיינער אונד צו דערנעהרן זיין שוועסטערס קינד, האט זיא ניט ווילענדיג געמוזט זיין פריינדליך געגען שרה'לען.

מיט דער צייט אבער האט גיטעל ארויסגעזעהן, אז שרה'לע ברענגט איהר פיעל נוצען. שרה'לע איז אין א קורצער צייט געווארען א פארטרעפליכע קעכין. זיא האט געקאכט אונד געבאקען אזוי גוט, וויא גיטעל אליין. דערצו נאך איז זיא געווארען א גוטע שניידערין אונד פלעגט אויפנעהען אלע קליידער פאר גיטלען אונד פאר איהרע קינדער. זיא פלעגט מאכען פאר גיטלען הויבען, מיט וועלכע דיא רייכסטע בעל הבית'טע אין גרייץ האט זיך ניט געדארפט שעהמען.

יוסעלע פלעגט טאנצען יעדעס מאל ווען שרה'לע פלעגט מאכען א קלייד אדער א הוט פאר גיטלען אונ גיטלען איז עס געפעלען.

— נון, זעהסטו, גיטעל, אז שרה'לע האט געבענצטע הענד! פלעגט ער אויסרופען, — נון, האב איך דיר ניט געזאגט, אז מיר דארפען נאך צו צאהלען שרה'לען?

— שרה'לע איז א גוטע ווירטין, פלעגט גיטעל דאן זאגען.

— וואס הייסט א גוטע ווירטין? — זיא האט געבענצטע הענד! פלעגט יוסעלע שרייען פול פרייד אונד שטאלץ, — וועלבער שניידער וועט עס

אויפגעהעהן פאר דיר אזא קלייד, וויא דאס בלויע קלייד, וועלכעס שרה'לע האט דיר אויפגענעהט יענע וואך?

— שריי ניט אזוי, יוסעלע! דו וועסט נאך פערדארבען דאס מעדכען זיא וועט דאך מיינען, אז זיא איז ווירקליך עפעס, א קינד דארף מען לערנען מאדעס, א קינד דארף וויסען דרך ארץ.

מיר מוזען דערביי בעמערקען, אז גיטעל איז געווען אביסעל אייפערזיכטיג אויף שרה'לען. יעדער מאן, וועלכער האט געזעהן שרה'לען האט בעוואונדערט איהר שענהייט, עס האבען זיך געפונען מענשען, וועלכע פלעגען זאגען צו גיטלען:

— אייער ניכטע, מאדאם ארענשטיין, איז דאס שענסטע מעדכען אין דער גאנצער שטאדט.

דאס פלעגט פערדריסען גיטלען, וועלכע האט קיין מאל ניט געהערט אזעלכע קאמפלימענטען פאר זיך. גיטעל איז ניט געווען קיין העסליכע פרוי, קיין שענהייט אבער איז זיא קיין מאל ניט געווען, אויך איהרע טעכטער זיינען ניט געווען קיין בעזאנדערע שעהנהייטען.

שרה'לע איז דאמאלס אלט געווען זיעבצעהן יאהר, זיא איז אבער געווען אזוי הויך אונד אזוי אויסגעוואקסען, אז מען וואלט געקענט מיינען, אז זיא איז אלט ניינצעהן אדער זאגאר צוואנציג יאהר.

עס איז אלזא קיין וואונדער, וואס פיעלע אידישע יונגע לייט האבען זיך פערליעבט אין שרה'לען, אזוי וויא זיא פלעגט זיך אבער האלטען ווייט פון אלעמען אונד פלעגט זעלטען קוממען אין פרעמדע הייזער, האט קיינער ניט געוואגט זיך עפענטליך צו שדכענען צו איהר.

איהר איינציגער פריינד אונד לעהרער איז געבליעבען מארקוס לעווי. ער האט געפונען אין גרייץ גענוג „שטונדען" אין אידישע הייזער אונד האט פערדיענט אזוי פיעל געלד, אז ער האט געקענט זיך קויפען אלע ביכער, וועלכע ער האט געדארפט.

ווען מארקוס לעווי פלעגט אפגעבען זיינע „שטונדען", פלעגט ער קוממען צו הערן יאזעף ארענשטיין, וואו ער פלעגט לערנען מיט אלעמען, ער פלעגט לערנען דייטש אונד פאלניש מיט יוסעלעס קינדער אונד ווען, ער פלעגט ענדיגען, פלעגט ער לעזען א בוך מיט שרה'לען, אדער ער פלעגט מיט איהר לערנען געאגראפיע אונד וועלט־געשיכטע.

מארקוס לעווי אליין פלעגט שטודירען פאר זיך זעהר פלייסיג. אין מיסלאוויץ האבען איהם געפעהלט ביכער אונד מענשען, מיט וועמען ער זאל קענען ריידען איבער דיא ביכער, וועלכע ער האט געלעזען, אין גרייץ, א הויפט שטאדט פון א פירסטענטהום, האט ער געקענט קריעגען ביכער וויפיעל ער האט געוואלט.

דערצו האט ער זיך בעקענט מיט א מענשען, וועלכער האט געהאט א גרויסען איינפלוס אויף איהם אונד אויף זיין שיקזאל אונד לעבען.

דיעזער מענש האט געהייסען שמעון פראנק, אדער וויא מען פלעגט איהם רופען אין שטעדטעל זימאן פראנק.

זימאן פראנק איז געוועזען א רייכער מאן, ער איז געוועזען דער באנקיר שטעדטעל אונד בעזאנדערס פון פירסט היינריך XXXV. וויא ווייט ער איז געוועזען בעליעבט אין האף, קען מען זעהן דערפון, וואס אויף זיין שילד (סיין, וויוועסקא) פלעגט זיין אויסגעמאלט דאס וואפען (גערב פונ'ם פירסטענטהום אונד עס איז געשטאנען מיט גאלדענע בוכשטאבען: "האף באנקיר"

זימאן פראנק איז אבער געוועזען איינער פון יענע זעלטענע מענשען פון יענער זאנדערבארער צייט, וועלכע האבען זיך גענומען מאזעס מענדעלסואהן אלס מוסטער אונד האבען זייער גאנצעס לעבען לאנג געלערנט אונד געשטרעבט צו ווערן פילאזאפען וויא מענדעלסואהן.

זימאן פראנק איז געוועזען א גוטער תלמודיסט, ער האט געלערנט גמרא אונד האט געדענקט וואס ער האט געלערנט. ער האט געשריעבען זעהר גוט העברעאיש, ער האט געשריעבען זעהר גוט דייטש אונד פראנצויזיש. ער האט אויסשטודירט אלע פילאזאפישע ווערקע, וועלכע זיינען געשריעבען געוועזען אויף דייטש אונד פראנצויזיש.

זימאן פראנק איז געוועזען א פילאזאף אין פולען זינן פונ'ם ווארט. ער האט ניט געשריעבען קיין פילאזאפישע ביכער ו.וויא מאזעס מענדעלסואהן, אבער ער איז געוועזען אזוי בעוואנדערט אין אלע פילאזאפישע ווערקע, אז ער האט פיעלע פון זיי געקענט אויסווענדיג. בעזאנדערס האט ער ליעב געהאט דיא פילאזאפיע פונ'ם רמב"ם אין מורה נבוכים אונד דיא פילאזאפיע פון ברוך שפינאזא.

זימאן פראנק איז אליין געוועזען ניט שטארק פרום, אבער ער האט געפיהרט א רעכט אידיש הויז, אז דער פרומסטער איד האט געמעגט עסען ביי איהם, זיינע קינדער האבען געלערנט גמרא אונד אללע אנדערע אידישע ספרים, אבוואהל זייא האבען זיך פארבערייטעט צום אוניווערזיטעט אין בערלין.

דערביי האט זימאן פראנק געהאלטען אן אפענעם הויז. ווער עס איז געוועזען הונגעריג, דער האט געמעגט קומען צו זימאן פראנק אונד זיך זעטצען עסען. עס איז ניט פארביי געפאהרען איין אורח הגון, וועלכער איז ניט געוועזען ביי זימאן פראנק, ווער עס האט זיך נור געווענדעט צו זימאן פראנק, דעם האט ער געהאלפען מיט געלד, מיט ראטה אדער מיט טהאט.

(גט"י ת"ד)

דערצו

דערצו איז נאך זימאן פראנק געוועזען א שעהנער, הויכער מאן מיט א שפאלצעם, עדעלעם געזיכט, מיט א גרויסען, ברייטען שטערן פון א דענקער, מיט א פאאר גרויסע, שעהנע, קלוגע אויגען אונד מיט א שעהנער שווארצע בארד, אין וועלכער עס האבען זיך שוין געוויזען זילבערנע פעדים, ווייל זימאן פראנק איז דאמאלס, ווען אונזער געשיכטע האט פאסירט, שוין אלט געוועזען אן ערך פון פונפציג יאהר.

עס איז אלזא קיין וואונדער, וואס צו זימאן פראנק פלעגען קומען דיא גרעסטע אונד דיא קלענסטע פון דער שטאדט גרייץ אונד פון גאנצען פירסטענטהום גרייץ. מען פלעגט קומען צו איהם וועגען געשעפטען, מען פלעגט קומען זיך בעראטהען מיט איהם, מען פלעגט קומען בעטען ביי איהם עפעס, מען פלעגט אבער אויך קומען אום צו פערברענגען א פאאר אנגענעהמע שטונדען מיט אזא קלוגען, געלערנטען אונד ליעבענסווירדיגען מענשען, וויא זימאן פראנק.

אבענדס, ווען דיא געשעפטען פלעגט זיך ענדיגען, פלעגען זיך צונויפקומען צו זימאן פראנק דער שטאדט־דאקטאר, אדער קרייז פיזיקוס, בערגער, דער בירגער־מייסטער שימעל, דער אפאטהעקער שאבטעל אונד דער דירעקטאר פון דיא פירסטליכע בערגווערקען באראן פאן לאנגער.

אין זומער צייט פלעגט מען זיך זעטצען אין קליינעם גארטען הינטער זימאן פראנקס הויז אונד מען פלעגט רעדען איבער פאליטיק, פילאזאפיע, וויסענשאפטען, ליטעראטורע צו מאל אויך איבער שטאדטס אנגעלעגענהייטען, מען פלעגט לעזען ביכער, מען פלעגט לעזען צייטונגען, קריטיקירען, דעקלאמירען אונד פאראדירען.

ביי זימאן פראנק האט מען פערגעסען דעם אונטערשיעד פון איד, קריסט, מאהמעדאנער אונד הייד, זאלאנג מען איז געזעסען ביי זימאן פראנק, איז מען געוועזען מענש.

עס איז אלזא קיין וואונדער, וואס אזא פערזאן וויא זימאן פראנק האט צוגעצויגען צו זיך יעדען געבילדעטען מענשען אונד קוים איז מארקוס לעווי געווארען געוואהר פון זימאן פראנק, האט ער באלד געזוכט א געלעגענהייט זיך צו בעקענען מיט איהם.

אין דיא געלעגענהייט האט זיך באלד פארגעשטעלט, זימאן פראנקס עלטעסטער זוהן, וועלכער האט שוין געלערנט צוויא יאהר אין אוניווערזיטעט אין בערלין, איז קראנק געווארען אונד דיא בערלינער דאקטוירים האבען איהם געהייסען זיך אברוהען א יאהר אין דער היים, אין דיעזען יאהר זאל ער ניט לערנען, ווייל דאס צו פלייסיגע לערנען שאדעט זיין געזונדהייט.

דער יונגער פראנק האט זיך בעקענט מיט מארקוס לעווי אין א וועלדעל הינטער דער שטאדט, וואוהין ער איז געגאנגען שפאציערען אונד האט געטראפען מארקוס לעווי ליעגען אונטער א בוים מיט מענדעלזאהנס בוך „ירושלים", איינס פון מענדעלזאהנס בעסטע ווערקע.

דיא יונגע לייט האבען זיך צו רעדט אונד דער יונגער פראנק האט געבראכט דעם ארימען לעהרער צו זיין פאטער, דער קלוגער אונד גרויסער מענשענקענער זימאן פראנק האט געפונען, אז פון מארקוס לעווי קען עפעס ווערען, ווען ער זאל לערנען מיט אסיסטעם, אונד ער האט זיך ענטשלאסען צו מאכען עפעס פון איהם.

מארקוס לעווי איז געווארען איין אפטער גאסט ביי זימאן פראנק.

איינינע מאנאטע שפעטער האט זיך שרה'לע בעקענט מיט זימאן פראנקס א טאכטער, א מעדכען אין איהרע יאהרען, אונד שרה'לע איז אויך געווארען א גאנץ אפטער גאסט אין זימאן פראנקס הויז.

עס איז געקומען אזוי ווייט, אז קוים האט מארקוס לעווי אונד שרה'לע געהאט א פרייע שטונדע, פלעגען זיי באלד לויפען צו זימאן פראנק, וואו זייא פלעגען געפינען פיעל ביכער אונד פיעלע גוטע אונד קלוגע מענשען מיט וועמען צו רעדען.

אז דיא געסט פון זימאן פראנק האבען באלד בעמערקט, אז שרה'לע איז א בעריהמטע שעהנהייט, דארפען מיר ניט דערצעהלען, דער שטאדט אפטהעקער, הערר שאכטעל, א מאן פון א יאהר זעכציג, האט זיך באלד פערליעבט אין שרה'לען איבער דיא אויערן אונד איז געווען בערייט איהם איבער צו געבען זיין אפטהעק מיט אלע זיסע אונד ביטערע פיללען.

מיר מוזען אבער בעמערקען, אז אין זימאן פראנקס הויז פלעגט זיך קיינער ניט ערלויבען צו זאגען א ניט פאסענדעס ווארט, אדער א שלעכטען וויטץ. אלע האבען געהאט אזוי פיעל רעספעקט פאר זימאן פראנק, אז ביי איהם אין הויז פלעגט מען רעדען נור פון ערנסטע זאכען אונד ווען מען פלעגט א מאל זאגען א וויטץ אדער א גלייכווערטעל, האט מען געוואוסט, וואס מען זאגט.

מיר ווילען ברענגען אלס ביישפיעל א געשפרעך, וועלכעס איז געהאלטען געווארען איין אבענד אין זימאן פראנקס הויז, אום צו ווייזען וויא אזוי דיעזע מענשען פלעגען פערברענגען זייער צייט. —

עס איז א שעהנער זומער אבענד. ארום דעם גרויסען טיש אין זימאן פראנקס גארטען זיצען אלע געסט.

זאנדערבאר (גט"י ח"ד)

— זאנדערבאר! זאגט דער דירעקטאר פון פירסטליכע בערג ארבייטען, באראן פאן לאנגער, — זאנדערבאר! דיא פירסטען פון גרייץ זיינען שטענדיג געוועזען בעקאנט אלס געבילדעטע מענער, וועלכע האבען געשטרעבט צו בילדען דאס פאלק אונד אויף צו קלערען דיא מאסע, פירסט לודוויג דער פאטער פון דעם רעגיערענדען פירסט היינריך VIII, האט זאגאר געטרוימט צו האבען א אוניווערזיטעט אין גרייץ, וואו יעדער אונטערטהאן זאל קענען לערנען אלע וויסענשאפטען פריי, אונד יעצט — טראכט אונזער גנעדיגע פירסטין צו גרינדען אין גרייץ א יעזואיטען סעמינאריום אונד א וואייזען הויז פאר איינגלעך, וועלכעס זאל זיך געפינען אונטער דער פערוואלטונג פון יעזואיטען.

— אהא! נאך דאס פעהלט אונז! האט אויסגערופען דער אפטהעקער שאכטעל, — מיר דאכט, אז פאטער אורבאן אליין איז שוין אויך צו פיעל פאר אונז, יעדעס מאל, ווען איך דערזעה פאטער אורבאן, ווערט מיר אזוי ניט גוט, אז איך מוז מיך געהמען צו מיין פלאס מאגען ביטער. (א געוויסע סארטע שנאפס).

— אהא! דאריבער ווערט אייער נאז אימער רויטער! האט געשפאסט דער שטאדט דאקטאר בערגער, א פרעהליכער אלטער מאן פון א יאהר עטליכע אונד זעכציג.

— לאכט ניט אזוי הויך, דאקטער! האט דער בירגערמייסטער שימעל זיך אפגערופען, — פאטער אורבאן קען נאך הערן, וויא איהר לאכט.

— פאטער אורבאן אין מיין הויז? האט געפרעגט זימאן פראנק.

— פאטער אורבאן געפינט זיך אומעדום, האט דער בירגערמייסטער געענטפערט ערנסט, פאטער אורבאן ווייס זאגאר, ווען איינער גיט א צו הויבען געגעץ אין גרייץ.

— לאכט ניט, מיינע הערן, האט געזאגט ערנסט באראן פאן לאנגער, — איך קען זעהר גוט דיא שווארצע ארטילעריע (דיא יעזואיטען). איך ווייס אויף וואס זייא זיינען פעהיג. זייט אונזער גנעדיגע פירסטין האט געבראכט דיא יעזואיטען אין אונזער פירסטענטהום, בין איך דער אונגליקליכסטער מענש אין דער וועלט, מיינע ארבייטער ווילען מיר מעהר ניט פאלגען אונד איך קען ניט אויספיהרען דיא ארבייטען וועלכע איך מוז מאכען.

— דער באראן האט רעכט, האט דער בירגערמייסטער שימעל בעשטעטיגט, — ביז אהער האבען געלעבט אין גרייץ קאטוילען, אידען אונ פראטעסטאנטען גאנץ רוהיג אונ פריינדליך צוזאמען. איך האב ניט געהערט

פון קריגעריען צווישען זיי אונ האב גיט געוואוסט פון רעליגיאנס-האס אונ פון פעלקער פיינדשאפט. מיין אמט אלס בירגערמייסטער איז געווען זעהר לייכט, ווען דיא שטאדט פערוואלטונג פלעגט זיך פערזאמלען אום זיך צו בעראטען איבער דיא שטאדט אנגעלעגענהייטען, פלעגט מען אלס אפרעדען שטיל, רוהיג, פריינדליך אונ פריעדליך. היינט אבער פערגעהט ניט א פערזאמלונג אהן קריעג אונד צאנקעריי. דיא קאטוילען ווילען, אז די שטאדט זאל געבען מעהר געלד אויף דיא קאטוילישע קירכען אונד אויף דיא קאטוילישע גייסטליכע, וויא פיעל זיא האט געגעבען ביז אהער דיא פראטעסטאנטען ווילען עס ניט דערלאזען מען קריגט זיך, מען זידעלט זיך, מען שרייט, מען ליארמט אונד מען קען צו קיין בעשלוס ניט קומען — איהר ווייסט דאך עס, העדר פראנק ווייל איהר זייט דאך אויך א מיט-גליעד פון דער מוניציפאליטעט (גאראדסקאיא דומא).

— איך ווייס עס זעהר גוט, האט זימאן פראנק געענטפערט ערנסט אויך דיא אידען פון גרייץ ווילען עפעס פערלאנגען פון דער שטאדט, אבער זיי מוזען שווייגען, ווייל דער איד מוז שטענדיג שווייגען.

— דאס איז נאך ניט אלעס, האט דער בירגערמייסטער ווייטער געזאגט, אונזערע פרויען זייגען אין דער לעצטער צייט גאר משוגע געווארען, אונזער געגעדיגע פידסטין האט געגרינדעט א פרויען פעראיין, וועלכע זיא האט א נאמען געגעבען „דער מאריען פעראיין", נאך דער הייליגער מוטער מאריא פאר דער וועלט הייסט עס אז דער מאריען פעראיין האט א וואלטהעטיגען צוועק זיך צו זארגען פאר ארימע אונד קראנקע פרויען מיין פרוי איז א פראטעסטאנטין, אבער זיא איז אריינגעטראטען אין פעראיין, ווייל זיא האט געגלויבט אז דער פעראיין האט נור איין צוועק: — וואלטהעטיגקייט.

שטעלט איך אבער פאר, וויא איבעראשט מיין פרוי איז געווען ווען פאטער אורבאן איז געקומען אין פעראיין אונד האט געהאלטען א לאנגע רעדע, אין וועלכע ער האט בעוויזען, אז ווער עס איז ניט קיין פרומער קאטוילק, דער קען ניט קומען אין גן עדן, זאגאר ווען ער איז פרום אונד וואלטהעטיג.

אין דער צייט ווען דיזע מענער האבען גערעדט פון דיזע ערנסטע זאכען, האט זימאן פראנק אריינגעבראכט א בוך האט עס געעפענט אונ האט אנגעהויבען צו לעזען אין דער הויך.

אלע זיינען געבליבען שטיל אלע האבען אויפמערקזאם צוגעהערט וואס זימאן פראנק לעזט.

זימאן פראנק האט געלעזען פאלגענדעס:

„איך האב מיך אפט געוואונדערט, וויא אזוי קען עס זיין, אז

מענשען וועלכע ריהמען זיך אז זיי זיינען קריסטען, אז זייער רעליגיאן איז דיא רעליגיאן פון ליעבע, פריעדען אונד מענשען פריינדליכקייט — דיזע מענשען זאלען זיין אזוי הארט, אזוי שטרענג אונד אזוי אונמענשליך פערפאלגען איינער דעם אנדערן. פערדאמען איינער דעם אנדערן אונד צו פערניכטען איינער דעם אנדערען פאר וואס איז עס? וויא איז עס מעגליך?"

„איך האב א לאנגע צייט געטראכט אונד געקלערט, ביז איך האב אויסגעפונען אז דאס גאנצע אונגליק בעשטעהט דארין, וואס דיא מאסע דיא איינפאכע מענשען, פערשטעהן ניט וואס רעליגיאן איז, זיי מיינען אז רעליגיאן הייסען דיא צערעמאניען פון דער קירכע אונד דיא עהרע פון דיא גייסטליכע"

„מענשען קריגען, זיך רייסען זיך, בייסען זיך אונד זיינען בערייט צו טויטען איינער דעם אנדערן איבער א צערעמאניע, פון וועלכער דער גרינדער פון דער רעליגיאן האט גאר קיין בעגריף ניט געהאט ער האט עס ניט געבאטען אונד האט דערפון ניט געוואוסט".

דאס פיהרט דערצו, אז אנשטאט זיך דורכצורעדען אונד צו פערשטעהן דיא רעליגיאן פערהיילינט מען דיא צערעמאניע אונד מען פערגעטערט דעם גייסטליכען.

עס קומט מיר פאר וויא דיא געשיכטע מיט דרייא אינגלעך וועלכע האבען געפונען א נוס דער עלטערער קלינערער פון זיי האט זי געעפענט אונג האט ארויסגענומען דעם קערן דיא שאלעכץ האט ער געגעבען זיינע קאמעראדען, וועלכע קריגען אונד שלאגען זיך איבער דיא שאלעכץ.

דיא מענשען קריגען זיך יעצט ניט איבער דעם קערן פון דער רעליגיאן זאנדערן איבער דיא שאלעכץ האבניערינע געלדזיכטיגע גייסטליכע בענוצען עס צו זייערע קליינינקע צוועקע אונד מאכען געלד אונד בעקומען עהרע פון דיזען האס אונד פון דיזער פיינדשאפט.

— בראוואָ! האט אויסגערופען דער בירגערמייסטער.

— גאנץ גוט האט געזאגט באראן פאן לאנגער, — ווער האט דאס געשריבען.

א מאן וועלכער האט פיינט יעדע שאלעכץ אונד האט זיך געהאלטען פעסט אן דעם גוטען געזונדען אונד היילינען קערן.

— אבער וויא הייסט דיזער מאן? האט באראן פאן לאנגער ווייטער געפראגט.

— איז ער געוועזען א קאטויליק אדער א פראטעסטאנט? האט דער בירגערמייסטער געפרעגט.

— ער איז געוועזען א איד, האט זימאן פראנק געענטפערט.
— א איד? וויא איז דאס מעגליך? וויא האט ער געהייסען?
— ברוך שפינאזא!

אזה, דער פילזאף שפינאזא האט בארען פאן לאנגער אויסגערופען ער נור האט עם געקענט שרייבען ווייל ער האט געקענט דיא מענשען אונד די רעליגיאנען.

— אונד וויא הייסט דאס בוך? האט דאקטער בערגער געפרעגט.
— דאס בוך הייסט: טהעאלאגיש — פילאזאפישער טראקטאט.
— אונד וואס וויל שפינאזא בעווייזען אין זיין בוך? האט דאקטער בערגער ווייטער געפרעגט.

— אז די וואהרע רעליגיאן איז דיא וואהרע פילאזאפיע. דער וואהרער פילאזאף איז דער וואהרער מענשענפריינד, ער איז אלזא דער וואהרער פריסטער פון דער רעליגיאן, האט זימאן פראנק געענטפערט: — דיא וואהרע רעליגיאן קען ניט וויסען פון רעליגיאנס האס אונד פון רעליגיאנס פערפאלגונג וויא דיא וואהרע פילאזאפיע קען ניט וויסען פון מענשען האס אונד מענשען פיינדשאפט.

# 7.

# שרה'לע אין געפאהר, גראף גווידא רעטעט זיא.

גראף גווידא האט זיך גענומען צו זיין ניילע בעשעפטיגונג גאנץ ערנסט אונד מיט דעם גאנצען פייער פון א יונגען מענשען.

קוים האט איהם דער פירסט געמאכט צום פערוואלטער איבער זיינע בערגווערקע איז גווידא באלד אוועקגעפאהרען אין דיא בערג זעהן וואס דארט טהוט זיך אין דיא בערג האבען זיך געפונען קוילען מינען אונד צען־מינען גראף גווידא האט זיך אנגעטאהן ווי א איינפאכער ארבייטער האט זיך אראפגעלאזען אין דיא מינען, האט אלעס בעטראכט אלעס געזעהן מיט די אויגען, אלעס אויסגעפארשט אונד אלעס אויסגעפרעגט.

ער איז געוואהר געווארען, אז דיא מינען וואלטען געקענט ארויסגעבען צוויי מאל אזוי פיעל, ווען מען זאל זיי בעארבייטען מיט


דיא

דיא נייעסטע מאשינען אונד מען זאל איינפיהרען א בעסערע ארדנונג אין דער ארבייט.

ער האט געשריבען בריף צו פערשידענע פאבריקאנטען וועגען מאשינען אונד האט אויסגערעכענט, אז ער דארף האבען פונפציג טויזענט טאהלער.

אזו וויא ער איז יעצט געוועזען פערוואלטער אונד פינאנץ מיניסטער פונ׳ם פירסטענטהום איז ער באלד געוואהר געווארען, אז די פינאנצען שטעהן אזוי שלעכט, אז מען מוז לייהען געלד אויף א משכון מיט אנדערע ווערטער מען מוז פארזעטצען איינינע איינקינפטע פונ׳ם לאנד אום צו דעקען די נעטהיגע אויסגאבען.

דער פירסט איז א מאל געוועזען זעהר רייך, אבער זייט ער האט געהייראטהעט דיא יונגע פירסטין אונד זיא האט אנגעהויבען צו בויען קירכען אונד צו האבען געהיימניסע מיט יעזואיטען, האט זיך די קאסא פון דעם פירסטענטהום אזוי אויסגעשעפט אז עס פלעגט אמאל שווער צו זיין בעקומען טויזענט טאהלער ווען מען האט זיי געדארפט.

דער פריהעריגע פערוואלטער האט זיך געזארגט מעהר פאר זיך, וויא פאר׳ן הויף, אבער ווען דיא פירסטין האט פערלאנגט געלד, פלעגט ער בארגען אויף גרויסע פראצענטען אונד פלעגט, דערביי מאכען געשעפטען.

אויך יעצט האט די פירסטין געפאכט א בעשלוס צו בויען א סעמינאריום פאר אינגלעך אונד דער ארכיטעקטאר האט פארגעשטעלט א פלאן פון א געביידע וועלכע עס דארף קאסטען הונדערט טויזענט דאלאר, דיא פירסטין איז געוועזען דער מיט צופרידען אונד זיא האט שוין זאגאר בעשטימט דעם טאג ווען מען זאל לייגען דעם ערסטען שטיין פון דיזעם געביידע אונד זיא האט שוין זאגאר איינגעלאדען א קארדינאל פון ראם וועלכער זאל קומען בענשען דאס געביידע,

גראף גווידא האט ערסט יעצט אנגעהויבען צו פערשטעהן אין וואס פאר א טרויעריגע לאגע ער געפינט זיך, ער האט ניט געוואלט דערצעהלען דעם אלטען פירסט אלעס, איהם עפענען דיא אויגען אונד איהם ווייזען, אז זיינע פינאנצען ערלויבען יעצט ניט נאכצוגעבען אלעס, וואס דיא פירסטין פאדערט.

מיט דער פירסטין האט ער אויך ניט געקענט ריידען אונ איהר ערקלערן, אז מען קען יעטצט ניט בויען א יעזואיטען סעמינאריום. זי וואלט געמיינט, אז ער אלם פראטעסטאנט וויל ניט האבען קיין יעזואיטען סעמינאריום.

אלזא וואס טהוט מען?

עס איז זעהר מעגליך, אז אנאנדערער אויף זיין ארט וואלט פער-צווייפעלט

(גט״י ח״ד)

צווייפעלט און וואלט געלאזען אלעס געהן, וויא עס איז געגאנגען ביז אהער, גראף נווידא האט עס אבער ניט געקענט, ער האט געזעהן, אז ער האט פאר זיך א פעלד, אויף וועלכע ער קען ארבייטען און זעהר פיעל אויפטאהן, און ער האט זיך גענומען צו דער ארבייט.

ווען ער האט איבערגענומען דיא געשעפטען פון דעם פירסטענטהום, איז ער געוואהר געווארען, אז איידער דער פירסט האט געהייראטהעט דיא צווייטע פרוי, פלעגט ער בעזארגען אלע זיינע געלד געשעפטען דורך דעם באנקיר זימאן פראנק, דיא פירסטין אבער וויל ניט מאכען קיין געשעפטען מיט זימאן פראנק, ווייל ער איז א „פערדאמטער יודע", וויא זיא האט זיך אויסגעדריקט.

ער איז געגאנגען צום פירסט און האט איהם געפרעגט:

— האט איהר עפעס געגען דעם האף-באנקיר זימאן פראנק?

— איך בין מיט איהם שטענדיג צופריעדען געוועזען, האט דער פירסט געענטפערט.

— ווערט איהר ניט זיין דאגעגען, ווען איך וועל ווייטער מאכען מיט איהם געשעפטען?

— געוויס ניט, איז געוועזען דיא אנטווארט, זימאן פראנק איז א פעהיגער מענש, א גוטער געשעפטס-מאן און א מענש אויף וועלכע מען קען זיך פערלאזען.

גראף נווידא האט איהם דאן ערקלערט, אז מען וואלט געקענט האבען צוויי מאל אזוי פיעל איינקינפטע פון דיא מינען, ווען מען זאל איינפיהרען דאמפף מאשינען אונד איינינע פערבעסערונגען, דערצו אבער מוז מען האבען פונפציג טויזענד דאלאר.

גראף נווידא האט ניט דערצעהלט דעם פירסט וויא שלעכט זיינע פינאנצען שטעהען, ער האט איהם נור געזאגט, אז דערווייל איז אין דער קאסא ניטא קיין געלד, דערביי האט ער איהם ערקלערט אלעס וואס ער וויל טאהן פאר דיא מינען און פאר דעם גאנצען פירסטענטהום.

דעם פירסט איז געפעלען גראף נווידא'ס פלענער און זיינע פעראררדע-נונגען, און ער האט איהם געהייסען טאהן אלעס וואס ער פערשטעהט, אז עס איז גוט פאר'ן לאנד.

דעם אנדערן טאג האט דיא פירסטין בעגעגענט גראף נווידא און האט איהם זעהר געלויבט פאר זיין מיה, פאר זיין פלייס אונד פאר זיין שטרעבען עפעס אויף צו טאהן צום וואהל אונד בעסטען פון דעם פירסטענטהום.

דאס האט גראף נווידא איבערראשט. ער האט ניט ערווארטעט, אז זיין שטיעף-מאמע זאל איהם לויבען אונד זאל זיין צופריעדען מיט



זיינע

זיינֶע פְּלֶענֶער, עֶר הָאט זיךְ אָבֶּער װֶענִיג גֶעקִימֶערְט װֶעגֶען דֶעם אוּנְד הָאט זיךְ גֶענוּמֶען נָאךְ פְלַייסִיגֶער צוּ דֶער אַרְבֵּייט.

אִין אֵיינִיגֶע טֶעג אַרוּם אִיז גראף גווידא װִיעדֶער גֶעפָאהְרֶען אִין דִיא מִינֶען אוּנְד עֶר אִיז גֶעװֶעזֶען זֶעהְר אִיבֶּערְרַאשְׁט, װֶען עֶר הָאט גֶעפוּנֶען, אַז מֶען אַרְבֵּייט הַיינְט נִיט.

— װָאס אִיז דָאס? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט דֶעם אָבֶּער־אִינְסְפֶּעקְטָאר, — פַאר װָאס אַרְבֵּייטֶעט מֶען הַיינְט נִיט? הַיינְט אִיז דָאךְ קֵיין זָאנְטָאג אוּנְד קֵיין פֵייעֶר טָאג?

— פַּאטֶער אוּרבאן הָאט הַיינְט פֶערְאַנְשְׁטַאלְטֶעט אַ פְּרָאצֶעסְיָאן. אַלֶע גֵייסְטְלִיכֶע װֶעלֶען גֶעהֶן מִיט דִיא פַאהְנֶען װֶעלְכֶעס אִיז נִיט לַאנְג אָנְגֶעקוּמֶען פוּן רָאם, הָאט דֶער אָבֶּער אינספעקטאר גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— אָבֶּער װָאס גֶעהֶער זיךְ דָאס אָן מִיט דֶער אַרְבֵּייט? הָאט זיךְ גראף גווידא גֶעקְאכְט.

— דִיא פירסטין הָאט גֶעשֶׁענְקְט אַלֶע אַרְבֵּייטֶער הַיינְטִיגֶען טָאג, אוּם זֵיי זָאלֶען קֶענֶען מִיטְגֶעהֶן מִיט דֶער פראנצעסיאן.

גראף גווידא הָאט פֶערְבִּיסֶען דִיא לִיפֶּען.

— מַאכֶען זיךְ אָפְט אַזֶעלְכֶע פְּרָאצֶעסְיָאנֶען? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט.

— בִּיז אַהֶער הָאבֶּען מִיר נִיט גֶעװוּסְט דֶערְפוּן, הָאט דֶער אָבֶּער אינספעקטאר גֶעעֶנְטְפֶערְט, יֶעטְצְט אָבֶּער הָאט פָּאטֶער אורבאן עֶרְקְלֶערְט, אַז דִיא פְּרָאצֶעסְיָאן מִיט פַאהְנֶעם אִיז אַזוֹי הַיילִיג, אַז יֶעדֶער, װֶעלְכֶער װֶעט מִיטְגֶעהְן מִיט דֶער פְּרָאצֶעסְיָאן אֵיין מָאל, דֶעם װֶעט פֶערְגֶעבֶּען װֶערְן זַיינֶע זִינְד פוּן אַ הַאלְבּ יָאהְר; װֶער עֶס װֶעט אָבֶּער מִיטְגֶעהְן מִיט דֶער פְּרָאצֶעסְיָאן פֶערְצִיג מָאל, דֶעם װֶעלֶען פֶערְגֶעבֶּען װֶערן אַלֶע זִינְד, װֶעלְכֶע עֶר הָאט בֶּעגַאנְגֶען בִּיז אַהֶער.

— אַלְזָא װִיל עֶר מַאכֶען פִיערְצִיג פְּרָאצֶעסְיָאנֶען?

— עֶר װִיל מַאכֶען דִיעזֶע פְּרָאצֶעסְיָאנֶען אַ גַאנְץ יָאהְר, אֵיין מָאל אִין יֶעדֶער װָאךְ.

צוּם עֶרְסְטֶען מָאל אִין זַיין לֶעבֶּען הָאט זיךְ גראף גווידא גֶעפוּנֶען אִין אַזַא לַאגֶע, צוּם עֶרְסְטֶען מָאל אִין זַיין לֶעבֶּען הָאט זיךְ אִיהְם פָארְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא רֶעלִיגְיָאנְס־פְרַאגֶע, צוּם עֶרְסְטֶען מָאל אִין זַיין לֶעבֶּען הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פִיהְלֶען, װָאס דִיא יעזואיטען זַיינֶען אוּנְד װָאס זֵיי קֶענֶען אוֹיפְטָאהְן.

גראף גווידא הָאט גַאנְץ גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען, פַאר װָאס פַאטֶער אורבאן מַאכְט דִיעזֶע פְּרָאצֶעסְיָאנֶען, אִין פִירְסְטֶענְטְהוּם גְרֵייץ הָאבֶּען גֶעװוֹינְט מֶעהְר פְּרָאטֶעסְטַאנְטֶען אוּנ אִידֶען, װִיא קַאטוֹילֶען. דוּרךְ דִיא פְּרָאצֶעסְיָאנֶען

האט פאטער אורבאן געוואלט צוציעהען צו זיך די פראטעסטאנטען און פיעללייכט אויך די אידען.

טרויעריג, פערטראכט און פערזארגט איז ער צוריקגעפאהרען אין הויף. ער איז געריטען אויף א טהייערעם פערד און האט געהאט אין די הענד נור א רייט בייטש, א קאנטשיק, וויא מען געברויכט געוועהנליך ביים רייטען.

ווען ער איז צו געקומען געהענטער צו דער שטאדט, האט ער דערזעהן מיט שטויגען א קנויל מענשען און צווישען זייא האבען געוועהט אין דער הויך די היילינגע פאהנען.

— וואס זאל דאס הייסען? האט ער געפרעגט זיך אליין, — אין א פראצעסיאן געהען דאך די מענשען אין א לאנגע רייהע (שורה). וויא קומט עס, וואס זייא זיינען זיך צונויפגעקומען אין איין פונקט? — דארט איז עפעס!

אויס נייגיערדע איז ער אראפגעפאהרען פון זיין וועג און איז געפאהרען זעהן וואס עס טהוט זיך אין דער פראצעסיאן.

ווען ער איז צו געקומען צו דער בריק איבערן טייך, האט זיך איהם פארגעשטעלט א זאנדערבארע סצענע.

ניט ווייט פון טייך איז געשטאנען א דארער און בלייכער יונגער מאן, וועלכען מען האט באלד געקענט דערקענען, אז ער איז א איד. לעבען איהם איז געשטאנען א בילד שעהנעס מעדכען און ארום איהר זיינען געשטאנען פיער קינדער פון אכט ביז צעהן יאהר.

די מענגע איז געוועזען ווילד און שרעקליך אויפגערעגט, איינינגע האבען געמאכט מיט די הענד און האבען געשריען.

— ווארפט זייא אריין אין וואסער! האט געשריען איינער.

— דער פערדאמטער יודע! ער האט ניט אראפגענומען דעם הוט פאר די היילינגע פאהנען! האט געשריען אנאנדערער.

— טויטעט זיי! האט געשריען א דריטער.

— פריהער זאלען זיי פאלען אויף די קניע און קושען יעדע פאהנע האט געשריען א פירטער.

בעזאנדערס ווילד זיינען געוועזען די פרויען פון דער פראצעסיאן. זיי האבען אויפגערייצט די מענער, אז מען זאל אנגלערנען די „פערדאמטע יודען" דערפאר וואס זיי האבען ניט אראפגענומען דעם הוט און זיך ניט איינגעבויגען פאר די היילינגע פאהנען.

אונזערע לעזער האבען געוויס דער ראטהען אז דער יונגער מאן איז געוועזען מארקוס לעווי, דאס שעהנע מעדכען איז געוועזען שרה'לע און די קינדער זיינען געוועזען יוסעלעס קינדער.

עס איז געווען א יום טוב ביי אידען, דער צווייטער טאג שבועות, אלע אידישע געשעפטען זיינען געווען געשלאסען, מארקוס לעווי אונ שרה'לע זיינען געגאנגען שפאציערן אונ זיי האבען מיטגענומען יוסעלע'ס עלטערע קינדער מיט זיך, זייא האבען געוואלט אריבער געהען דיא בריק אונ געהען אין וועלדעל, וועלכער האט זיך געפונען פון יענער זייט.

פלוצלונג איז אנגעקומען דיא פראצעסיאן, מארקוס לעווי אונ שרה'לע האבען געוואלט זיך געבען אן א זייט, אויסמיידען דיא פראצעסיאן, ליידער איז עס געווען צו שפעט.

דיא ווילדע מענגע, וועלכע איז בעשטאנען פון פויערן, ארבייטער אונ זייערע פרויען אונ טעכטער, האבען זיי ארומגערינגעלט אונ האבען נור געוואלט זייא בעשטראפען.

מרקוס לעווי האט צוואר ניט פערלארען דעם מוטה, ער האט זיך פערענטפערט, אז ער האט ניט בעמערקט, אז דיא פראצעסיאן איז אנגעקומען, ער האט ערקלערט, אז ער אכטעט יעדע רעליגיאן, וועלכע טהוט גוטעס. זיינע שטילע, ביטענדע רייד אבער האבען נאך מעהר אויפגערעגט דיא פאנאטישע מענגע.

שרה'לע איז געשטאנען וויא א בילד פון מארמאר אונ האט בעטראכט דיזע מענגע, זיא איז צוואר געווען זעהר בלייך, אבער רוהיג, זיא איז געווען גאנץ זיכער, אז דיא מענגע וועט שרייען, ליארמען אונ וועט זיך איבערשרייען.

ליידער האט זיא א טעות געהאט, זי האט נאך ניט געוואוסט, וואס א ווילדע, פאנאטישע מענגע איז אימשטאנד צו טאהן, זיא האט נאך ניט געוואוסט, וואס עס הייסט פאנאטיזמוס אונד רעליגיאנס־האס.

פלוצלונג האט זיך אפגערופען א ווילדער אונ פרעכער קעהל.

— לאמיר טויפען דיא אידען!

— בראווא! האבען אויסגערופען הונדערט שטימען, — לאזען זייא פאלען אויף דיא קניע, קושען דיא היילינע פאהנען, דאן וועלען מיר זיי טויפען.

— טויפען! לאמיר טויפען דיא אידען, האט מען געשריען פון אלע זייטען.

דרייסיג, פירציג שטארקע הענד האבען אנגעהאפט מארקוס לעווי אונ שרה'לען ביא דיא הענד אונ האבען אנגעהויבען זייא צוא שלעפען צום וואסער.

אין דיעזֶע מינוט איז אַנגֶעלאָפֶען גְראף נווידא אויף זיין ווילְדֶעם פֶערד.

— וָואס טְהוּט איהר, מֶענְשֶׁען? הָאט עֶר אויסְגֶערוּפֶען מִיט אַ הויבֶער פֶעסְטֶער שְׁטִימֶע, — וָואס הָאט איהְר צוּ דיעזֶע אוּנְשׁוּלְדִיגֶע מֶענְשֶׁען? וָואס הָאבֶען זֵיי דֶען אייך גֶעטָאהְן?

— דיא פֶערְדַאמְטֶע יוּדֶען הָאבֶען ניט אַרָאפְּגֶענוּמֶען דֶעם הוּט פַאר דיא הֵיילִיגֶע פָאהְנֶען הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אֵיינֶער פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל. — זֵייא הָאבֶען גֶעלֶעסְטֶערְט אוּנְזֶער רֶעלִיגְיָאן אוּנ הָאבֶען בֶּעלֵיידִיגְט אוּנְזֶער גְלוֹיבֶען.

— דָאס איז נִיט וָואהר, הָאט מארקוס לעווי גֶעעֶנְטְפֶערְט, איך הָאבּ עֶס ניט גֶעטָאהן אַבְּזִיכְטְלִיךְ, אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט בֶּעמֶערְקְט, אַז דִיא פְּרָא־צֶעסְיָאן קוּמְט אָן.

— עֶר רֶעט נָאךְ, דֶער פֶערְדַאמְטֶער יוּד! הָאבֶען גֶעשְׁרִיעֶן אֵיינִיגֶע.

— וַוארְפְט זֵיי אַרַיין אִין וַואסֶער! הָאט גֶעבְּרוּמְט דִיא מֶענְגֶע.

לָאזְט זֵיי גֵיין זֵייעֶר וֶועג! הָאט גראף נווידא קָאמַאנְדִירְט. — רִיהְרְט זֵיי נִיט אָן!

די ווילְדֶע, פַאנאטיזירְטֶע מֶענְגֶע הָאט אָנְגֶעהוֹבֶּען צוּ בְּרוּמֶען אוּנ צְווייא שְׁטארְקֶע, יוּנְגֶע מֶענֶער הָאבֶען אָנְגֶעהָאפְּט מארקוס לעווי אוּנ שרה׳לען בֵּיי דִיא קְלֵיידֶער אוּנ הָאבֶען אָנְגֶעהויבֶען זֵיי צוּ שְׁלֶעפֶּען צוּם וַואסֶער.

— לָאזְט זֵיי אָפּ! הָאט גֶעשְׁרִיעֶן גראף נווידא צוּם צְווֵייטֶען מָאל.

אַזוֹי וִוי מֶען הָאט אִיהְם נִיט גֶעפָאלְגְט, אִיז עֶר אַרָאפְּגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן זַיין פְערְד, אִיז אַרַיינְגֶעלָאפֶען אִין גֶעדִיכְטֶען הוֹיפֶען אוּנְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁלָאגֶען מִיט זַיין רַייט בֵּייטְשׁ רֶעכְטְס אוּנְד לִינְקְס, אַז מֶען אִיז זִיךְ צוּ לָאפֶען מִיט גֶעשְׁרֵייעֶן אוּנְד מִיט גֶעהֵיילֶען.

דָאס הָאט גֶעווירְקְט וִויא אַ צוֹיבֶער, דִיא ווילְדֶע מֶענְגֶע הָאט דֶערְזֶעהְן אַז זֵייא הָאבֶען צוּ טָאהְן מִיט אַ שְׁטָאלְצֶען שְׁטְרֶענְגֶען מַאן.

— דֶער גראף! הָאט מֶען אָנְגֶעהויבֶען צוּ מוּרְמְלֶען, עֶר אִיז דָאךְ דֶער גֶעפֶע פוּן אוּנְזֶער פירסט!

אַן עֶלְטֶערֶער מֶענְשׁ אִיז צוּ גֶעקוּמֶען צוּם גראף נווידא, הָאט פַאר אִיהְם אַרָאפְּגֶענוּמֶען דֶעם הוּט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט:

— פֶערְצֵייהְעט אוּנְז, גְנֶעדִיגֶער הֶערְר! — דִיא יוּנְגֶע לַייט הָאבֶען עֶס נִיט גֶעמֵיינְט אַזוֹי שְׁלֶעכְט, וָואס וָואלְט דֶען גֶעשַׁאדֶעט דִיא אִידֶען, וֶוען מֶען זָאל זֵיי גֶעווֶען אַ בִּיסְעל אָפְּשְׁוָוענְקֶען אִין טַייךְ? עֶס אִיז דָאךְ זוּמֶער דָאס וַואסֶער אִיז דָאךְ וַוארְם אוּנְד דֶער טַייךְ אִיז נִיט טִיעף.

— דוּמֶע ווילְדֶע מֶענְשֶׁען! הָאט גראף נווידא אויסְגֶערוּפֶען — אִיהְר הָאט גֶעוָואלְט אַרַיינְוַוארְפֶען אִין וַואסֶער אַן אוּנְשׁוּלְדִיגֶעם מֶעדְכֶען, אוּנְשׁוּלְדִיגֶע קִינְדֶער. — פַאר וָואס? וָואס הָאבֶען זֵיי אַייךְ גֶעטָאהְן? —



איך

איך וועל עס אייך ניט שוויינען. איך וועל אלעס דערצעהלען דעם פירסט אונד וועל פארדערן, איהר זאלט בעשטראפט ווערן, וויא איהר האט פערדיענט.

— אבער גנעדיגער העהר גראף! האט איינער אנגעהויבען.

— קיין ווארט מעהר; געהט אייער וועג, איהר וואלט פיעל בעסער געטאהן ווען איהר זאלט יעצט ארבייטען אויף אייערע פעלדער אדער אין דיא מינען אלס מיט צו געהן מיט דיזער פראצעסיאן.

דיא מענגע האט זיך פערנייגט שטילערהייט פאר'ן גראף אונד האט אנגעהויבען זיך צו געהן.

דאס זאנדערבארע דערביי איז געוועזן, וואס פאטער אורבאן, וועלכער איז געגאנגען פאראויס פאר דער פראצעסיאן מיט א גאלדענעם קרייץ אין דער האנד, איז פלוצלונג פערשוואונדען געווארען. ער האט ניט געזעהן וואס דא איז פארגעקומען ער האט זיך ניט אריינגעמישט ווען דיא מענגע האט געוואלט אריינווארפען מארקום לעווי אונ שרה'לען אין וואסער. ער האט זיך ניט געוויזען, ווען גראף גווידא האט געשניטען מיט זיין בייטש וואו ער האט געטראפען, ער איז גאר ניט געוועזן דערביי אונד האט קיין זאך ניט געזעהן.

אונ פון דעסטוועגען האט ער אלעס געזעהן, אונד אלעס געהערט. ער האט זיך בעהאלטען הינטער א בוים, פון וואנען ער האט אלעס געזעהן אונ געהערט.

קוים האט דיא מענגע אנגעהויבען זיך צו צו געהן, איז ער ווידער ארויסגעקומען אונ האט געהייסען דעם קאהר זינגען א היילינגעם ליעד, זיא זאל אריין געבען אין הערצען פון אלע אפיקורסים אונד ניט פרומע, אז זיי זאלען זיך אומקעהרען צו דער איינציגער, וואהרער קירכע, צום איינציגען ריכטיגען גלויבען. — צום קאטוליציזמוס.

---

# 8.

# גראף גווידא האנדעלט.

ערסט ווען דיא ווילדע מענגע איז זיך צו גאנגען, איז שרה'לע צו געקומען צום גראף גווידא אונד האט איהם געדאנקט פאר זיין עדעלעם בענעהמען, זיא האט איהם דערציילט אלעס וויא עס האט פאסירט, אונד אז זיא אונד מארקום לעווי זיינען אונשולדיג.

מארקוס לעווי האט אויך געדאנקט אונד זיך פערענטפערט, אז ער אכטעט אלע רעליגיאנען ווען זייא טוהען נור נוטעס אונ רייצען ניט אויף איין מענשען געגען אנדערן.

גראף גווידא איז צום ערסטען מאל אין זיין לעבען צו זאמען געקומען מיט איינפאכע אידען, אלס גראף, אלס געפע פון א רעגירענדע פירסט, איז איהם קיין מאל ניט פארגעקומען זיך צונויף צו ריידען מיט א אידען, אלס קריסט האט ער זיך גענוג אנגעהערט שלעכטעס פון אידען. ווער האט דען ניט פיינט א אידען?

גראף גווידא איז צוואר געווען א געבילדעטער מאן, א פריי גייסט, א ליבעראל, וועלכער האט ניט פעראכטעט א מענשען נור פאר זיין רעליגיאן, ער האט אבער געוואוסט, אז מען לאכט פון אידען, אז מען האלט דיא אידען פאר אונוויסענדע מענשען אונד אז דיא מאסע פון׳ם אידישען פאלק איז גראב, פאלש, גייציג, געלדזיכטיג אונד ניט עהרליך.

וויא איבערראשט איז ער אלזא געווען צו זעהן איין אידישען יונגען מאן אונד א איינפאכעס אידישעס מעדכען, וועלכע ריידען א גאנץ ריינעס דייטש אונד זיינען אזוי ווייט געבילדעט, אז זייא האבען זיך ניט וואס צו שעמען פאר איהם.

ער האט געפונען אז מארקוס לעווי איז גאר א שטיק פילאזאף אונד מיט שרה׳לען מעג מען אויך ריידען איבער פיעלע זאכען ער האט מיט זייא גערעדט נור איניגע מינוט אבער עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז ער איז שוין מיט זייא לאנג בעקאנט אונד ער איז זייער פריינד.

ווען ער האט געוואלט זיך ווידער אויפזעצען אויף זיין פערד, האט ער דערלאנגט שרה׳לען דיא האנד אונ האט געזאגט צו איהר:

— אויף ווידערזעהן!

— אויף ווידערזעהן! האט שרה׳לע געענטפערט איינפאך.

מיר מוזען דערבייא בעמערקען, אז ביים דייטשען אריסטאקראט איז א גרויסער אונטערשיעד אויב ער זאגט צו א מענשען ביים אבשיעד: אדיע! אדער „אויף ווידערזעהן"! — אדיע הייסט אז ער איז מיט איהם פערטיג אונד וויל איהם מער ניט זעהן, נאך אן „אדיע" איז ניט גאנץ אנגענעהם צו קוממען צוריק צו א דייטשען אריסטאקראט, ווען ער זאגט אבער: אויף ווידערזעהן!" הייסט עס איך האף איך נאך אמאל צו זעהן אלזא מעג מען קומען נאך אמאל.

גראף גווידא האט זיך אויפגעזעצט אויף זיין פערד אונ איז אוועק געפארען אין שלאס, קוים אבער איז ער אוועקגעפארען עטליכע שריט האט ער זיך אומגעקוקט, שרה׳לע האט עס בעמערקט אונד האט איהם נאך א מאל בעגריסט מיט דער האנד.

ער

ער איז אנגעקומען אין שלאס אונד האט א לאנגע צייט געטראכט איבער דיא אידען פון גרייץ אונד איבער דעם פאנאטיזמוס פון דיא יעזואיטען.

לײדער איז ער באלד געװאהר געװארען, אז אין הויף איז מען איהם זעהר װעניג דאנקבאר פאר זיין זיך אריינמישען אין זאכען, װעלכע געהען איהם ניט אן.

דיא פירסטין האט איהם אנגעקוקט קרום א גאנצען טאג אונד אבענד ביים טהעע, האט זיא זאגאר ניט געװאלט ריידען מיט איהם א װארט.

סעסיליא איז געװען טרויעריג אונד האט זיך אלץ אװעק געקעהרט פון איהם, דער פירסט האט אויך גערעדט מיט איהם זעהר װעניג אונד ניט אזוי פריינדליך וויא ביז אהער.

אנפאנגס האט גראף גווידא ניט פערשטאנען װאס דא טהוט זיך, ער האט זאגאר געמיינט, אז עס עפעס האט פאסירט אין הויף, װען ער האט אבער געזעהן, וויא פאטער אורבאן קוקט אויף איהם קרום אונד יעדעס מאל, װען זייערע בליקען בעגעגענען זיך ווייזט זיך א צופרידענער שמייכעל אויף דיא דינע ליפען פון דעם יעזואיט, האט ער גראף גווידא עס געהאלטען פאר נעטהיג אלעס אויפצוקלערען אונ אלעס צו דערצעהלען דעם פירסט.

גראף גווידא האט זיך ענטשלאסען איינמאל פאר אלע מאל ארוים צו טרעטען פריי אונד אפען צו ערקלערען זיין אנקעל װאס דא קומט פאר.

דעם אנדערן טאג האט ער געשיקט זיין קאמער־דינער צום פירסט בעטען אז ער זאל איהם אויפנעמען, ווייל ער וויל מיט איהם עפעס ריידען, יעטצט איז איהם געווען פיל לייכטער צו צו טרעטען צו זיין אנקעל.

דער פירסט האט איהם אויפגענומען זעהר קאלט אונד האט איהם געפרעגט מיט א פארוואורף אין זיין שטימע:

— װאס האט גראף גווידא צו טאהן מיט „יודען"?

גראף גווידא האט איהם דאן דערצעהלט אלעס װאס עס האט פאסירט מיט דער פראצעסיאן אונד פאר װאס ער האט זיך אריינגעמישט אין דיזע אנגעלעגענהייט.

װען דער פירסט האט אלעס אויסגעהערט האט ער געזאגט.

— דאס איז דאך גאנץ אנדערס, וויא פאטער אורבאן האט עס מיר פארגעטראגען, עס קען זיין, אז דער פרומער מאן האט א ביסעל איבערגעטריבען.

— ליעבער אנקעל, איהר װעט מיר געוויס גלויבען, אז אלעס האט

פאסירט, וויא איך האב אייך דערצעהלט, דאס גראף גווידא אויסגערופען, — איך האב געמוזט מיך אריינמישען, ווייל עס האט גאר ניט ווייט, געהאלטען מען זאל אומברייגגען אומשולדיגע מענשען.

— אויב אזוי האסט דוא גלייך געטאהן איך אליין וואלט אויך ניט געהאנדעלט אנדערס, האט דער פירסט געזאגט ערנסט.

— דורכלויכט! איך בעט אייך, איהר זאלט הייסען מאכען א שטרענגע אונטערזוכונג אונ דיא שולדיגע זאלען בעשטראפט ווערען, איך ווייס, אז איהר זייט א גערעכטיגער פירסט אונד איהר וועט ניט דערלאזען, אז אין אייער לאנד זאל ווידער אויפלאקערן דעם רעליגיאנס־האס אונד רעליגיאנס פערפאלגונגען, איך האב געהערט אז אזעלבע פראצעסיאנען וועלען יעדע וואך פארקומען אין דער צייט פון א גאנצעם יאהר אונד איך דענק עס וואלט גלייך געוועזען, איהר זאלט געבען א ביישפיעל אז דיא טהיילנעהמער פון א פראצעסיאן דארפען זיך בענעהמען אנשטענדיג.

דער פירסט האט אנגעהויבען זיך צו רוקען אונרוהיג אויף זיין שטוהל.

— ניין, ניין! האט ער געזאגט האסטיג — איך קען עס ניט טאהן! איך וועל ניט מאכען קיין סקאנדאל. ווען איך זאל בעשטראפען דיא שולדיגע, וועט עס נאך מעהר אויפרייצען דאס פאלק, דאס בעסטע וואלט געוועזען אז איך זאל מעהר קיין פראצעסיאן ניט דערלאזען. דאס איז אבער זעהר שווער: פאטער אורבאן אונד דיא פירסטין וועלען זיין דאגעגען עס וועלען זיך אנגעהויבען....

— אבער, אום גאטעס ווילען! וואס געהערן אן פראצעסיאנען מיט רעליגיאן? האט גראף גווידא אויסגערופען. — קען מען דען ניט זיין גוט אונד פרום אהן דיעזע טהעאטער שטיק? — זא פיעל איך ווייס, זיינען אלע געבילדעטע קאטוליקען געגען פראצעסיאנען.

— דוא ביסט נאך צו יונג, ליעבער גווידא, דוא פערשטעהסט עס ניט, האט דער פירסט געענטפערט פריינדליך, — דער היילינער פאטער אין ראם האט מיר אליין געזאגט, אז עס איז בעסער צו האבען אן אבערגלויבישעס, פאנאטישעס פאלק, אלס אן אונגלויביגעס. בעסער פאנאטיקער אלס אפיקורסים. מיר האבען דאך געזעהן אין פראנקרייך צו וואס דער אונגלויבען קען פיהרען, ווען דיא ווילדע מענגע האט אויפגעהערט צו גלויבען אין גאט, האבען זיי געטויטעט זייער קעניג.

— אבער, אנקעל, צווישען פאנאטיזמוס אונד אונגלויבען (אפיקורסות

ליענט דאך די וואהרהייט, האט גראף גווידא אויסגערופען. איך בעהויפטע, אז דער פאנאטיזמוס איז אן אונגליק, אידער ניט עס צו, אידער ליעבער אנקעל, בעהויפטעט, אז דער אונגלויבען איז אן אונגליק אונד איך האלט מיט אייך, אלזא געפינט זיך דאך די וואהרהייט צווישען דיעזע ביידע ווייטע פונקטען.

— לאמיר דערפון מעהר ניט ריידען, גווידא! האט דער פירסט געבעטען, איך דענק, אז מיר קענען בעסער ריידען פון געשעפטען. — האסט דוא שוין געשיקט רופען אונזער האף באנקיר זימאן פראנק?

— נאך ניט, ליעבער אנקעל.

— פאר וואס?

גראף גווידא האט געפונען אז יעצט איז די בעסטע געלעגענהייט צו עפענען דעם פירסט די אויגען אונד איהם צו ערקלערען פריי, טריי אונד אפענהערציג, וויא עס שטעהט מיט זיינע פינאנסען.

ער האט עס געטאהן אונד האט פארגעשטעלט דעם פירסט א גאנץ ריכטיגעס בילד פון דער טרויעריגער לאגע פון די פינאנסען פון פירסטענטהום.

דער פירסט איז אנפאנגס געבליעבען זיטצען וויא פערשטיינערט, דאס האט ער ניט געוואוסט, ער האט זאגאר ניט געוואוסט, אז פיעלע שטייערן פון לאנד זיינען שוין פערזעטצט, פערמשכנ׳ט.

דוא טרוימסט, גווידא, האט ער געזאגט פינסטער, עס דאכט זיך דיר, אז מיינע פינאנסען שטעהען אזוי שלעכט.

— ליעבער אנקעל, איך קען אייך ברענגען דאקומענטען, פון וועלכע איהר וועט זיך באלד איבערצייגען, אז איך האב רעכט, דער קאנטראלער (אבער־בוכהאלטער) וועגלאנד וועט עס בעשטעטיגען.

— דאן פאר וואס האט מען עס מיר ניט געזאגט ביז אהער? האט דער פירסט זיך געבייזערט, — פאר וואס האט מען עס מיר פערשוויגען?

— וועגדלאנד האט עס געזאגט דער פירסטין אונד זיא האט איהם געהייסען, ער זאל עס אייך ניט זאגען, ווייל זיא האט ניט געוואלט אייך בעטריעבען.

— די פירסטין זארגט זיך שוין צו פיעל פאר מיר, האט דער פירסט געזאגט מיט א שמייכעל, — איך דאנק דיר, גווידא, וואס דוא זארגסט זיך ניט אזוי פיעל פאר מיר אונד האסט מיר געעפענט די אויגען. איך בין יעטצט אלזא ניט אימשטאנד צו בויען די יעזואיטען־שולע, וועלכע

דארף קאסטען ביז הונדערט טויזענד טאהלער, איך מוז אנהויבען איינצוקארגען.

— ווען איך זאל קענען בעקומען דיא פונפציג טויזענד טאהלער אויף נייע מאשינען פאר דיא מינען, וואלטען מיר געקענט האבען פון זיי צוויי מאל אדער זאגאר דריי מאל אזוי פיעל איינקינפטע, דאן וואלטען מיר געקענט צו ביסלעכוויים בעצאהלען דיא אלטע שולדען אונ אנפיעלען דיא קאסא.

— מיר האבען דאך שוין גערעדט דערפון? פאר וואס האסט דוא ניט געשיקט רופען אונזער האף־באנקיר זימאן פראנק?

— איך וויל אליין געהן צו איהם. —

— דוא ווילסט געהען צו א אידען? — דאס ועט זיין צו פיעל עהרע פאר איהם!

— ליעבער אנקעל, איהר האט מיר אליין געזאגט, אז איהר האלט זימאן פראנק פאר איין עהרליכען אונד קלוגען מאן, פאר וואס אלזא זאל איך ניט געהן צו איהם?

— צו וואס אבער זאלסט דוא עס טאהן, ווען דוא קענסט איהם שיקען רופען?

— ווייל איך האף, אז ווען איך וועל אליין געהן צו איהם, וועל איך בעקומען פון איהם בעסערע בעדינגונגען.

— דאס פערשטעה איך ניט.

— ווען איך געה צו איהם, בעטראכט ער עס אלם גרויסע עהרע אונד וועט זיך לאזען האנדלען; ווען איך שיק איהם רופען, וועט ער עס בעטראכטען אלם געשעפט אונד פון א געשעפט וויל מען ציהען דעם גרעסטען נוטצען וואס מען קען.

דער שטאלצער פירסט איז צוואר נאך אלץ ניט געוועזען איינפערשטאנען אז זיין נעפע, א גראף פאן האהענשטויפען, זאל געהן צו א אידען וועגען א געלד געשעפט, ער האט אבער ענדליך דאך איינגעוויליגט.

---

# 9.

# גראף גווידא אונד זימאן פראנק.

דעם אנדערן טאג איז גראף גווידא געפאהרען צום האף־באנקיר זימאן פראנק, ער האט געמוזט צוליעב טאהן זיין אנקעל אונד פאהרען

אין אַ קאַרעטע מִיט צְווֵיי לַאקֵייען. גראף גווידא האָט גֶעוואָלט פָאהרֶען צום בּאַנְקִיר רַייטֶענדִיג אויף זַיין פֶערד, דֶער שְׁטָאלְצֶער פירסט אָבֶּער הָאט פֶערְלַאנְגְט, אַז זַיין נעפע זָאל ווייזען דֶעם אידען ווער ער איז.

זימאן פראנק הָאט אויפְגֶענוּמֶען דֶעם גראף פְרַיינדליך, אָבֶּער נִיט קְרִיעֶכֶערִיש. ער הָאט איהם אויפְגֶענוּמֶען וויא אַ גוּטֶען פְרַיינד, אָבֶער נִיט וויא אַ קְנֶעכְט, וועמֶען זַיין הֶערְר הָאט גֶעווִיזֶען אַ גְרויסֶע עֶהְרֶע צוּ קוּמֶען צוּ אִיהְם. זימאן פראנק אִיז גֶעוועֶן אַ גֶעשֶׁעפְטְס־מַאן, אָבֶער שְׁטָאלְצֶער גֶעשֶׁעפְטְס־מַאן, ווֶעלְכֶער ווִיל זִיךְ נִיט עֶרְנִידֶערִיגֶען אוּנ אויסְצוּ־נַארֶען בַּיי יֶענֶעם אַ פָאאר גְרָאשֶׁען.

זימאן פראנק הָאט גֶעוואָלט פֶערְדִיענֶען גֶעלְד, אָבֶער עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט זִיךְ עֶר נִידֶערִיגֶען, שְׁטֶעהְן פָאר יֶענֶעם אָן אַ הִיטֶעל, קְרִיכֶען פַאר יֶענֶעם אויף אַלֶע פִיר אוּם צוּ פֶערְדִיענֶען.

עֶס אִיז זֶעהְר מֶעגְלִיךְ, אַז פִילֶע פוּן מַיינֶע לֶעזֶער ווֶעלֶען גֶעפִינֶען, אַז דֶער כַאראַקְטֶער פוּן זימאן פראנק אִיז אִיבֶּערְטְרִיעבֶּען, אַז הַיינְטִיגֶע צַייטֶען גֶעפִינְט מֶען נָאר נִיט אַזַא מֶענְשֶׁען, ווֶעלְכֶער זָאל נִיט טָאהְן אַלֶעס פַאר גֶעלְד, אַנְדֶערֶע, קְלִינֶערֶע לֶעזֶער, ווֶעלֶען זָאגֶען, אַז אִיךְ הָאבּ אִידֶעאַלִיזִירְט זימאן פראנק, אִיךְ הָאבּ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אַ אִידֶעאַל, אַ מֶענְשֶׁען, וויא עֶר וואָלְט גֶעדַארְפְט זַיין.

אִיךְ מוּז אַייךְ אָבֶּער זָאגֶען, לִיעבֶּע לֶעזֶער, אַז זימאן פראנק אִיז אַ וואַהְרֶער כַאראַקְטֶער, אַזֶעלְכֶע זימאן פראנקס זַיינֶען אַמָאל גֶעוועֶן זֶעהְר פִיעל צְווִישֶׁען אִידֶען אוּנְד אִיךְ הָאבּ נָאךְ אַלֵיין גֶעקֶענְט אַזַא זימאן פראנק עֶס אִיז אָבֶּער אוֹיךְ וואַהְר, אַז דִיא זימאן פראנקס שְׁטַארְבֶּען אוּיס אָדֶער זַיינֶען שׁוֹין אוּיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען, וויא עֶס זַיינֶען אוּיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען פִילֶע אַנְדֶערֶע עֶדֶעלֶע אִידִישֶׁע טִיפֶּען אוּנְד כַאראַקְטֶערֶע. דִיא מענדעלזאהנס זַיינֶען אוֹיךְ שׁוֹין אוּיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען, דִיא רבי עקיבא׳ס לֶעבֶּען נִיט מֶעהְר, וויא עֶס לֶעבֶּען נִיט מֶעהְר פִילֶע מֶערְקְווִירְדִיגֶע טְהִיעֶרֶע, פוּן ווֶעלְכֶע מִיר גֶעפִינֶען יֶעצְט נוּר דִיא בֵּיינֶער.

דָאס עֶנְדֶע פוּן 18־טֶען אוּנְד דֶער אָנְפַאנְג פוּן 19־טֶען יָאהְר־הוּנְדֶערְט אִיז גֶעוועֶן אֵיינֶע פוּן דִיא מֶערְקְווִירְדִיגְסְטֶע צַייטֶען אִין דֶער אִידִישֶׁער גֶעשִׁיכְטֶע. עֶס זַיינֶען מִיט אַמָאל אוּיסְגֶעוואַקְסֶען רִיזֶען, הֶעלְדֶען אויף׳ן שְׁלַאכְט פֶעלְד פוּן גַייסְט אוּנְד פֶערְשְׁטַאנְד. דייטשלאנד הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען אַ מאזעס מענדעלזאהן, אַ פריעדלענד, אַ נפתלי הירץ וויזעל אוּנְד פִילֶע אַנְדֶערֶע. ענגלאנד הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען אַ מאזעס מאנטעפיארע. רוסלאנד

האט אונז געגעבען א יצחק בער לעווינזאהן, אן אדם הכהן לעבענזאהן, אן אסיפ ראבינאוויץ, רעדאקטאר פון דעם „ראזסוועט" אונד פיהלע, פיעלע אנדערע.

זימאן פראנק איז געוועזן א וואהרע קאפיע פון מאזעס מענדעלזאהן.

ער האט אויפגענומען גראף גווידא זעהר העפליך, האט איהם אריינגעפיהרט אין זיין זאל האט איהם געבעטען זיטצען אונד האט איהם געפרעגט:

— וואס פערשאפט מיר דיא עהרע פון אייער בעזוך?

גראף גווידא האט איהם דערצייהלט וואס ער דארף אהן צו וואס פאר א צוועק ער איז געקומען צו איהם, ער איז געוועזן זיכער, אז דער איד וועט באלד אנהויבען צו זאגען, אז היינטיגע צייטען איז באארעס געלד זעהר שווער צו בעקומען, מען מוז צאהלען הויכע פראצענטען אונד נאך אזעלכע רעד, וועלכע מען הערט געוועגליך פון יעדען רייכען מענשען, ביי וועלכען מען וויל בארגען געלד, אונד וועלכער זוכט צו שלעפען מעהר א פראצענט.

וויא איבערראשט איז אבער גראף גווידא געווארען, ווען זימאן פראנק האט איהם אוים געהערט אויפמערקזאם אונד ווען ער האט געענדיגט זיין רעדע, האט ער, זימאן פראנק איהם געפרעגט:

— וועט איהר מיר ערלויבען צו שטעלען אייך א פראגע?

— געוויס, הערר פראנק.

— אלזא איידער מיר וועלען ריידען פון געשעפט, ערלויבט מיר אייך צו פרעגען: זייט איהר דער זוהן פון גראף עבערהארדט פאן האהענשטויפען?

— וויא קומט איהר צו דיזער פראגע? האט גראף גווידא געפרעגט פערוואונדערט.

— ווייל איהר זעט זעהר עהנליך צו איהם.

— נון, יא, מיין פאטער האט געהייסען עבערהארדט, האט גראף גווידא געענטפערט קורץ אבער צו וואס....

— איהר זייט מיר דאפעלט ווילקאמען! האט זימאן פראנק אויסגערופען מיט געפיהל, — איך האב גאנץ גוט געקענט אייער פאטער — האט ער אייך דען קיין מאל ניט דערצייהלט פון זיין גוטען בעקאנטען זימאן פראנק?

— איך בין געוועזן זעהר יונג, ווען מיין פאטער איז געשטארבען, האט זיך גראף גווידא פערענטפערט.

— איך קען זאגען שטאלץ, אז אייער פאטער איז געווען מיין בעסטער פריינד, האט זימאן פראנק געזאגט וואָרם, זיין בית היינט נאך אין מיין שרייב־צימער, ווילט איהר עס זעהן?

— מיט פערגעניגען!

זימאן פראנק האט גענומען גראף גווידא אונטערן אָרים אונד האט איהם אריינגעפיהרט אין שרייב־צימער, וואו עס זיינען געהאנגען דיא בילדער פון דיא גרעסטע מענער פון יענער צייט. איבער זימאן פראנקס שרייב־טיש זיינען געהאנגען דיא בילדער פון ברוך שפינאזא, גאטהאלד, אפרים לעסינג, מאזעס מענדעלסזאהן, אונ גראף עבערהארדט פאן האהענשטויפען, גראף גווידא'ס פאטער.



# ענדע פיערטער טהייל.